**יואל פערעל**

✡

**„דער מאָרגנשטערן שיינט שוין ווידער"**

פֿאַר גורל פֿון ווערן בוך
איז מיר הערצליך פֿונם לייענער...
מיין פֿריינד שלמה גאָלדבערג

מיט ברכות, מזל־טוב און
אריכת ימים

מענדל סאַן [illegible]

כדי אָפּצומערקן דעם

## זיבעציקסטן געבורטסטאָג

פונעם שרייבער **יואל פערעל**, איז געשאַפן געוואָרן
**אַ יובליי-קאָמיטעט**

אין פאָלגנדיקן צוזאַמענשטעל:

**לייב אוליצקי** — שרייבער און דיכטער,
**משה גולדשטיין** — שרייבער, פאָרזיצער פון ״אהל שם״.
**מרדכי חלמיש** — רעדאַקטאָר פון „על המשמר״,
**ד״ר דוד ספאַרד** — דיכטער,
**שמעון קאַנץ** — קריטיקער פון די „לעצטע נייעס״,
**שלום ראָזענפעלד** — רעדאַקטאָר פון „מעריב״
**יעקב-צבי שאַרגעל** — רעדאַקטאָר פון „ישראל-שטימע״
**נחום שרון** — רעדאַקטאָר פון „ספר לוצק״.

יואל פערעל

# דער
# מארגנשטערן
ד
# שיינט שוין
# ווידער

אויטאָביאָגראַפישער ראָמאַן
אין 4 טיילן

יובליי-בוך
ישראל

1973 — תשל"ג

**JOEL PEREL**

Der Morgnshtern Szaint Shoin Wider

Jubiley - Book

יובילײ־בוך

Shikun Weitzman, 22, Shwedelson St. Hertzlia 46342, Israel

יואל פּערעל / דער מאָרגנשטערן שײַנט שוין ווידער



נדפס בישראל, תשל״ג

Printed in Israel 1973

סידור: משה חמיאל　　הדפסה: „חבצלת״, הרצליה







# 70סטער געבורטס-טאָג

צו דער יום-טובדיקער דערשײַנונג דער פֿינפֿטער באַנד,
פֿון מײַן אויטאָביאָגראַפֿישן ראָמאַן, אויף ייִדיש:
„דער מאָרגנשטערן שײַנט שוין ווײַטער"

אַלע מײַנע ביכער:

אויף ייִדיש:

1. „דעם מאָרגנשטערן אַנטקעגן"
2. „אַ שײַן פֿון מאָרגנשטערן"
3. „דער מאָרגנשטערן האָט אַנטוישט"
4. „דער מאָרגנשטערן בײַם צפֿון-פּאָלוס"
5. „דער מאָרגנשטערן שײַנט שוין ווײַטער"

אויף העברעיִש:

6. „ליל אביבים"
7. „השחר הכוזב"
8. „ללא שחר"

ווידמע אויך, מיט האַרציקער ליבשאַפֿט,
מײַן לעבנס-באַגלייטערין און מיטאַרבעטערין,
דער הויפּט-העלדין פֿון מײַן ראָמאַן —

יאַנואַר 1973 יאָר מינדעלען יואל פּערל

# צו מיין זיבעציקסטן געבורטסטאָג

צו דער גאָר וויכטיקער דאַטע, וויל איך אונטערפירן אַ קורצן סך־הכל פון מיין לעבן, וואָס איז ענג פאַרבונדן מיטן אַלגעמיינעם לעבן בכלל און מיטן לעבן פון די יידן בפרט.

במשך פון מיין לעבן זענען פאָרגעקומען אויסטערלישע פאַסירונגען, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין גלייכן אין דער געשיכטע: פון איין זייט — אויסערגעוויינלעכע דערפינדונגען און אַנטדעקונגען אין דער וויסנשאַפט אויף אַלע געביטן, פון דער צווייטער זייט — גרויזאַמע און בלוטיקע שטרייטן צווישן פעלקער, צווישן מענטש און מענטש, וואָס האָבן דערפירט צום אומקום פון מיליאָנען מענטשן און בתוכם פון אַממערסטן געליטענעם יידישן פאָלק.

דער גורל האָט געוואָלט, אַז איך זאָל אָפּגעראַטעוועט ווערן, סיי פון די מלחמות, סיי פון די דייטשע מערדער, סיי פון די טורמעס און לאַגערן אין ראַטנפאַרבאַנד און דערפירט מיך אין דעם אויסגעבענקטן יידישן לאַנד — ישראל.

איך האָב זיך געראַנגלט מיט דער שפע פון פערזענלעכע זכרונות, יחידישע און געזעלשאַפטלעכע, וועלכע איך האָב באַוויזן, אין אַ קאָנדענסירטער פאָרם צו דערציילן אין גרויסן אויטאָביאָגראַפישן ראָמאַן, אין 5 בענד, אין דער שפּראַך פון אונדזערע קדושים — יידיש, און אויך אין דריי בענד אויף העברעיש.

אין אַלע מיינע ביכער האָב איך זיך באַמיט צו דערציילן, לויטן כראָנאָלאָגישן סדר, מעשה שהיה, מאָמענטן און עפּיזאָדן, וואָס איך אַליין האָב איבערגעלעבט, מיטן טיפן דראַנג צו אויסענטישקייט און אמת, באַמיענדיק זיך, אויף אַ פּעדאַגאָגישן אופן, צו פאַראַלגעמיינערן די שטריכן פון די געשילדערטע פערזענלעכקייטן.

בכיוון האָב איך אין יעדן בוך אַריינגעפלאָכטן דעם „מאָרגנשטערן", וואָס שאַפט פון אַלע ביכער איין גאַנץ ווערק. דער „מאָרגנשטערן" סימבאָליזירט די האָפענונג און די זיסע חלומות, און פירט אונדז אויף די זיגזאַגישע לעבנס־וועגן פונעם געבוירן אָן. אַנטלויפנדיק פון דער פאַשיסטישער פעסט, זענען מיר געלאָפן אַנטקעגן דעם מאָרגנשטערן — דעם סאָוויעטישן רעטער. אונדזערע האָפענונגען האָבן געזאָלט פאַרווירקלעכט ווערן לעבנדיק אין דער שיין פון מאָרגנשטערן. ליידער, האָט דער מאָרגנשטערן אונדז אַנטוישט און דערבראַכט צו אַ לעבן אָן שיין פון מאָרגנשטערן. צום גליק האָט די צייט געבראַכט, אַז דער מאָרגנשטערן שיינט שוין ווידער, וואָס האָט געקענט געשען בלויז אין אונדזער אייגן לאַנד — ישראל.

דאָ האָב איך אָפּגעאָטעמט פריי. דאָ האָב איך פאַרענדיקט מיין טעטיקייט אויפן פּעדאַגאָגישן געביט מיט די תלמידים פון ישראל. דאָ האָבן אויפגעלעבט אין מיין זכרון, פריש און לעבעדיק, די איבערלעבונגען אין אַלע זייערע פאַרבן און דאָ זענען זיי דערשינען אין ביכער, וואָס זענען אויפגענומען געוואָרן מיט האַרץ דורך טויזנטער לייענער איבער גאָר דער וועלט.

אין אַלע מיינע שאַפונגען האָט מיך באַגלייט און געהאָלפן מיין לעבנס־באַגלייטערין, די העלדין פונעם ראָמאַן, וואָס איז אַזוי אויסטערליש פון אַ סך אַנדערע ראָמאַנען, מיט איר געטריישאַפט, מיט איר טרייסטן און שירה, וואָס איז דער מקור פון מיין אויכדויער.

עס פעלן טאַקע אין אים די שטענדיקע ראָמאַנען־אייגנשאַפטן, ווי פאַרראַט, שטערער, אומערלעכקייט. דערפאַר איז ער עכט און מען קען פון אים הנאה האָבן און לערנען...

דער מחבר

# פון לאַגער קיין מאָסקווע

טראַ־טאַ־טאַ! טראַ־טאַ־טאַ! טראַ־טאַ־טאַ!

אַזוי צעצויגן און אומעטיק קלאַפּן די רעדער פון באַן, וואָס גייט פונעם לאַגער אין קניאַז־פּאָגאָסט אויפן וועג קיין מאָסקווע. די באַן איז אַן אַלטע — זי אײַלט זיך נישט. עס איז אַ געמיש פון עטלעכע פּאַסאַזשיר־וואַגאָנעס מיט אַ גרעסערער צאָל פּראַכט־וואַגאָנעס. נישט אויף יעדער פאַרבײַפאָרנ־דיקער באַן־סטאַנציע שטעלט זי זיך אָפּ. זי לויפט בלויז אַדורך מיט אַן היל־כיקן פײַף, וואָס וואָרנט, מען זאָל זײַן געהיט. דער שוואַרצער, שטיקנדיקער רויך ציט זיך לענג־אויס דעם וועג אויף צוריק.

די באַן אײַלט זיך נישט. די קליינע צאָל פּאַסאַזשירן, וועלכע זי פירט, אײַלן זיך אויך נישט. אפילו איך, וואָס איך האָב במשך פון צוויי און אַן האַלבן יאָר געטרוימט וועגן מאָמענט, ווען איך וועל זיך אומקערן צו זיך אַהיים, צו מײַן ווײַב און זון — יאָג זיך אויך נישט. אַן אומרויִקייט האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט אין מײַן נשמה. איך האָב מורא באַקומען פאַר דער פרײַ. צי האָבן די צוויי מיט אַן האַלבן יאָר פון טורמע און לאַגער־לעבן שוין באַ־וויזן מיך צו אַנטוויינען פון איר?

איך שטיי בײַם פענצטער און קוק אַרויס אין דרויסן, אויף דער פרייער וועלט. מיר פאָרן אַדורך וועלדער פון ביימער־קאַרליקעס, אויסגעקרומטע און דאַך געדיכט באַוואַקסענע מיט גרינס. קיין ישובים פון פרײַע מענטשן זעט מען נישט. פון צײַט צו צײַט לויפן מיר אַדורך הויכע פאַרצוימונגען פון שטעכלדיקע דראָטן, מיט ווינקלדיקע אָבסערוואַציע־טורעמס, וואָס דער־מאָנען אין די צוואַנגס־לאַגערן, פון וואַנען איך קום איצט אָן. דער גאַנצער

שטח איז ווי אָנגעלאָדן מיט אַזעלכע לאַגערן, אין וועלכע עס וואַלגערן זיך לאַנגע יאָרן מענטשן, באַלאָדענע מיט פּאַראַגראַפן פון שטראָף־קאָדעקס, שולדיקע און אומשולדיקע, אָבער אַלע דורך געוואַלד פאַרשלאָסענע.

אָט זענען מיר אַדורכגעפאָרן דעם לאַגער וויטשעגאָדסק. אַן היימישער לאַגער, מיט אַזוי פיל דערמאָנונגען. מערסטנס וועגן חברים, וועלכע מאַטערן זיך דאָרט ביז איצט: שמעון דער בוכהאַלטער מיט די אומעטיקע אויגן, וואָס בענקען שוין יאָרן נאָך די קינדערלעך, וועלכע וואַרטן אויף אים אין מינסק. וואָלט ער נישט געווען קיין גוטער בוכהאַלטער, וואָלט מען אים אפשר אַזוי לאַנג נישט געהאַלטן. ער איז דאָך אַזוי אומשולדיק!

איך דערמאָן זיך אין גרישען דעם נאַריאַדטשיק. אַזאַ טייערער חבר מיט אַזאַ פלאַמיק יידיש האַרץ. דער גורל האָט אים צוריקגעקערט צו זיין איגן פאָלק. וויפל העלדנטאַטן וואָלט ער בכוח געווען צו טאָן פאַר זיין איגן פאָלק אין זיין אייגן לאַנד! ווו איז ער איצט גרישע?

אין וואַגאָן פאָרן וויניק מענטשן. די בירגער פון קאָמי־ס.ס.ס.ר. זע־נען וויניק אין דער צאָל און פאָרן זעלטן אַרויס פון דער היים. דערצו זע־נען די רייזע־מעגלעכקייטן אין ראַטן־פאַרבאַנד ביז גאָר באַגרענעצט. בלויז אין שליחות, מיט „קאָמאַנדיראָווקעס" קען מען פאָרן. וויניק לאַגערניקעס ווערן באַפרייט מיט אַ מאָל. פון זיי באַשטייען דאָך מערסטנס די פּאַסאַ־זשירן. כמעט אַלע רויכערן מאַכאָרקע אין די געגנדזן־פּיסלעך, געמאַכטע פון צייטונגס־פּאַפּיר. דער רויך איז אַ געדיכטער, ער רייצט די נאָזלעכער און רופט אַרויס אַ ניסן.

בלויז אויף די גרעסערע באַן־סטאַנציעס שטעלט זיך די באַן אָפּ זיך אָנצוטרינקען, אָדער צו פאַרפולן אירע קוילן־זאַפּאַסן. דאַן קומען אַרויף די היטער פון דער אָרדענונג און פאָדערן:

— אייערע דאָקומענטן!

די לאַגערניקעס דערקענען זיי לייכט. זיי טראָגן נאָך אַלץ זייערע לאַגער־מלבושים: אַ טונקעלע סאַטין־בלוזע מיט אַן אויפגעשטעלטן קאָל־נער, אַ פּאָר ביליקע טונקל־שאַרע, קאָרטענע הויזן, אויפן קאָפּ זענען קיין האָר נישט פאַראַן, דערצו גיט זיי אויס דער אומעט אין די אויגן, זיי באַ־טראַכטן דאָס באַפרייונגס־פּאַפּירל, שטודירן עס אַדורך:

— קיין וואַסילקאָוו — לייענען זיי איבער אויף אַ קול מיין דאָקומענט, ווי זיי וואָלטן זיך גערייצט מיט מיר. נישט קיין קיעוו פאָרסטו, נאָר קיין וואַסילקאָוו.

דאָס פאַרגרעסערט נאָך מער מיין אומרו. הייסט עס, אַז מיין באַפרייונג איז געקומען, אין רעזולטאַט פונעם אַקטירן, פון מיין קרענקלעכן צושטאַנד, צוליב מיין נישט פעיִקייט צו אַרבעטן. זיי האָבן די שולד פון מיר נישט אַראָפּגענומען, נישט רעהאַביליטירט, ווייל אַנדערש וואָלט מען מיך געשיקט אַהיים קיין קיעוו, צו מיין ווייב און זון.

וועגן פאַרזעצן מיין פּעדאַגאָגישע אַרבעט איז נישטאָ שוין וואָס צו טראַכטן. אַ פּאָליטישער פאַרברעכער טאָר אין די הויפּטשטעט נישט וווינען און קען קיין לערער נישט זיין. וועט מיר אויסקומען אויך אויף ווייטער זיין צעשיידט מיט מיין פרוי און זון. מיט וואָס וועל איך זיך באַשעפטיקן? צו קיין פיזישער אַרבעט טויג איך נישט. ביי מיינע צוויי און פופציק יאָר איז שוין שווער זיך איבערצוקוואַליפיצירן.

עס פאַלט מיר איין אַ געדאַנק:

— דו פאָרסט קיין מאָסקווע. דאָרט קענסטו זיך דערשלאָגן צו וואָראָשילאָוון, דעם פאָרזיצער פון העכסטן סאָוויעט. אפשר וועט ער דיך רעהאַביליטירן? דו ביסט דאָך אומשולדיק! צי קען איך אָבער אין אַזאַ אויסזען פון אַ לאַגערניק, אין די לאַגער־מלבושים, זיך ווייזן אין אַזעלכע הויכע ערטער?

קיעוו. איך האָב דאָך אַזוי ליב געהאַט די שטאָט פון די גרינע טאָפּאָלן, מיט אירע ברייטע גאַסן און גערטנער, דעם ברייטן שוימעדיקן דניעפּר. די שטאָט, וואָס האָט צוריק אויפגעלעבט מיט פריילעכן גערויש, מיט נייער יונגקייט און פראַכט. איר כישוף האָט נישט געלאָזט מיין איינציקן זון צו וועלן אַרויספאָרן קיין פוילן, אויך איך און מיין פרוי האָבן אים מיטגעפילט און פאַרשטאַנען ביז דעם אומגעריכטן קלאַפּ, וואָס מיר האָבן באַקומען. נאָך מיין אַרעסטירן, פאַרמשפּטן און פאַרשיקן האָבן די נאָענטסטע חברים אויסגעמיטן זיך צו טרעפן מיט מיין פרוי און זון. מיט אַ מענטש, וואָס איז שוין געווען אין לאַגער, אַלס פּאָליטישער פאַרברעכער, וועלן זיי זיכער מורא

האָבן זיך צו טרעפֿן. אפשר וואָלט גלייכער געווען צו פֿאַרלאָזן קיעוו? אַזוי טראַכט איך.

אפילו ווען זיי וויסן, אַז זיי האָט אויך געוואַרט דער זעלביקער גורל, אַז איך האָב נישט דערלאָזט מען זאָל זיי אַריינשלעפּן אינעם ווילדן טאַנץ...

פֿאַר וואָס איז דאָס מיר געקומען? זעכצן יאָר זענען אַריבער, זייט מען האָט אונדז באַפֿרייט פֿון דער היטלעריסטישער בעסטיע, איך האָב גע־אַרבעט מיטן פֿולן ברען, סיי אַלס לערער, סיי אַלס געזעלשאַפֿטלעכער טוער. מיין גאַנצע ענערגיע און פֿעיקייטן האָב איך אַוועקגעגעבן לטובת דעם ראַטנפֿאַרבאַנד. פֿאַר וואָס זשע איז מיר געקומען אַזאַ נישט פֿאַרדינטע שטראָף?

אַן עקשנותדיקער ענטפֿער בויערט זיך אַריין אין מיין אונטערבאַוווסט־זיין, עקבערט מיר אין מוח: אַ ייד ביזטו, צי נישט?

און גיט גאָך צו: — ווייניק האָסטו געטראָפֿן אין די לאַגערן אַזעלכע, ווי דו? אפשר נאָך בעסערע פֿון דיר. אמתע קאָמוניסטן, וואָס האָבן גע־קעמפֿט מיט מסירת נפֿש פֿאַר דער רעוואָלוציע, געקרוינטע העלדן פֿון דער פֿאָטערלענדישער מלחמה מיטן פֿאַשיזם, געלערנטע און וויסנשאַפֿטלער, נישט בלויז יידן, נאָר פֿון אַלע נאַציאָנאַליטעטן, אין די הונדערטער און טויזנטער... און דאָס נאָר אין די פֿאַר לאַגערן, אין וועלכע דיר איז אויס־געקומען צו זיין. אַזעלכע לאַגערן קען מען ציילן אין די טויזנטער אויפֿן שטח פֿונעם גרויסן ראַטנפֿאַרבאַנד. מיט וואָס ביסטו בעסער פֿון זיי? די רעוואָלוציע פֿאָדערט קרבנות, מען טאָר איר קיין קרבנות נישט קאַרגן, ווי גרויס זייער צאָל זאָל נישט זיין — טויזנטער, אפילו מיליאָנען...

און דער באַוווסטזיין דערווידערט אין דער שטיל: — ווייניק קרבנות האָט דאָס יידישע פֿאָלק געגעבן? בלויז די פֿאַשיסטישע חיה האָט איינגע־שלונגען אַ דריטל פֿון אונדזער קליינעם יידישן פֿאָלק — זעקס מיליאָנען. נאָך ווייניק?

און אפשר? לאָזט זיך נישט איבעררייסן דער פֿאָדעם פֿון מיין געדאַנק. אפשר האָבן מיר געבלאָנזשעט און בלאָנדזשען ביזן היינטיקן טאָג. מיר האָבן געטרוימט וועגן אַ בעסערן מאָרגן פֿאַר דער מענטשהייט און געהאָפֿט צו געניסן פֿון אים. אפשר האָט מען נישט באַדאַרפֿט אונדזער גוטן ווילן, און־

דזער מי און מאַטערניש, אונדזער קרבנות־גרייטקייט. מיר זענען געווען און פאַרבליבן אָנגעוואָרפענע, איבעריקע...

אַזוי ציען זיך מיינע געדאַנקען מיד און שלעפעריק, ווי די באַן, וואָס שלעפּט אונדז פון צפון אויף דרום. זי גייט טאַקע פּאַמעלעך, פּויל, אָבער זי רוקט זיך פאָרויס.

די נאַכט האָט שוין איבערגענומען די וואָך פונעם טאָג. אַ פינצטער־ניש האָט באַהערשט דעם אַרום. די פלעמלעך פונעם קאַניצל אין לאַמטערן טאַנצן אַ טאַנץ מיט די שאָטנס פונעם אַרום. פון דאָ און דאָרט דערהערט זיך אַ כראַפּען פון די וואָס זענען שוין איינגעשלאָפן. מיר שלאָפט זיך נישט. דער מוח וויל שוין נישט טראַכטן, אָבער מחשבותן קומען אָן און גייען אַוועק. אָבער וואָס מער מען טראַכט ווערט דער אומעט גרעסער און קיין פאַרענטפערונג איז נישטאָ...

## אין מאָסקווע

קאַיאָר איז די באַן אָנגעקומען קיין מאָסקווע, אויפן צפון־וואָקזאַל. וואָס נענטער מיר זענען צוגעפאָרן צו מאָסקווע, אַלץ מער מיטפאָרער זע־נען צוגעקומען פון די פאָרשטעט אַרום דער הויפטשטאָט. כמעט אַלע זענען געווען באַלאָדן מיט קוישן און קוישלעך. די פנימער זענען מערסטנס גע־ווען אומעטיקע, נישט אויסגעשלאָפענע. אונטער דער לאַסט פון די פולע קוישן זענען זיי ווי איינגעשרומפּן געוואָרן. פאַרן אָנקומען קיין מאָסקווע האָט זיי אַן איילעניש אַרומגעכאַפּט, ווי מען וואָלט זיי געיאָגט. ביי אַרויס־גיין האָבן זיי זיך ווי אויסגעשיט פונעם וואַגאָן. נישט ווייניק אַרבעטער זענען אויך איילנדיק זיך אַרויס פון די וואַגאָנעס: זיי האָבן זיך געאיילט צו דער אַרבעט אין די פאַבריקן. דאָרט טאָר מען נישט פאַרשפּעטיקן — ס׳וואָרטן דאַן גרויסע אומאָנגענעמלעכקייטן. אויך די פּויערטעס האָבן זיך געאיילט אויפן מאַרק צו פאַרקויפן דאָס ביסל פרישע גרינוואַרג, וואָס זענען נאָך פייכט פון דער ראָסעדיקער ערד, דעם צענדליק אייער, צונויפגעזאַמלטע

אַרום די נאַסידעלעך פון די הינער, אַ פּאָר קעזלעך אין די לייוונטענע זעקעלעך — דאָס אַלץ מוזן זיי וואָס שנעלער פאַרקויפן. בעלנים פעלן נישט. זיי מוזן נאָך באַווייזן צו פאַרכאַפּן אַ ריי, און נישט נאָר איינע, נאָך די „קירפּיטשיקעס״ ברויט.

אַרום איז אַ געררויש, אַן האַרמידער. די טראַמווייען האָבן זיך גאָר שנעל איבערגעפולט. איינער נאָכן אַנדערן פאָרן זיי אָפּ מיט אַן הילכיקן קלינגען.

צוליבן געדראַנג מוז איך זיך אויך איילן, כאָטש ס׳איז נאָך גאָר פרי און מיין וועג איז צום חבר זאַגער אויף טאַגאַנקע. זיי שלאָפן נאָך זיכער. קיין גענויעם אַדרעס האָב איך נישט, נאָר איך בין זיכער, אַז קומענדיק אויפן אָרט וועל איך זיך דערמאָנען און טרעפן.

— איך דאַרף אויף טאַגאַנקע. מיט וועלכן נומער דאַרף איך פאָרן?

— האָב איך אַ פרעג געטאָן איינעם פון די טרעגערס, וואָס איז געבליבן אָן אַרבעט, כאָטש דער עולם איז געווען גרויס און כמעט אַלע האָבן געהאַט גענוג פּעק און פּעקלעך.

— מיט דער מעטראָ וועט איר אַהין אַמשנעלסטן קומען — האָט ער פאַרביילויפנדיק געענטפערט.

מיט דער אונטערערדישער מאָסקווער מעטראָ, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען פון ל. מ. קאַגאַנאָוויטשן, וואָס איז פאַרביטן געוואָרן מיטן נאָמען „לענין״, בין איך אַ סך מאָל געפאָרן, דאָך האָב איך באַוואונדערט די מעטראָ, ווי צום ערשטן מאָל. אַלע יאָגן זיך, אָבער מען שטופּט זיך נישט. אַלע ווילע קומט אָן אַ באַן מיט אַן הימפּעט, ווי אַ ווינט. דורך די זעלבע ברייט־צע־עפנטע טירן גייען מענטשן אַריין און אַרויס. זיך־פּלעצער זענען פאַראַן נישט גענוג, שטייט מען, האַלטנדיק זיך ביים הענגער און די אויגן בלאָנדזשען איבער דער צייטונג, איבער די קעפּלעך, אָדער גאָר פרישע נייעסן.

דאָס פאָרן דויערט נישט לאַנג: מינוטן און סעקונדן. אָט זענען מיר שוין אויף טאַגאַנקע. מען דאַרף קיינעם נישט פרעגן. די אויפשריפטן אויף יעדער פאַרבייפאָרנדיקער סטאַנציע זאָגן אָן, ווו מען געפינט זיך.

טאַגאַנקע. אַ געיעג צום עסקאַלאַטאָר, צו די באַוועגלעכע שטיגן, וואָס טראָגן אַרויף, אַרויף.

איך טראָג מיט זיך אַ לייכטן באַגאַזש: אַ קליין דיקטן־קעסטעלע, וואָס דער לאַגערניק „קאַרל מאַרקס"־מוטשניק האָט פאַר מיר אַרומגעניייט מיט אַ לייוונטענעם טשעכאָל, וואָס קנעפּלט זיך צו מיט קנעפּלעך, ווייל קיין שלעסל האָט מען נישט געקענט באַקומען.

אַרויסגייענדיק פון דער מעטראָ־סטאַנציע טאַגאַנקע, דערמאָן איך זיך דעם וועג צו דער וווינונג פון מיין חבר זאָגער: אַראָפּ, אַראָפּ אויף רעכטס, ביזן בריק, פון דאָרטן — ווייטער רעכטס אַראָפּצו. אַ פיר שטאָקיקער מויער. אויפן דריטן שטאָק וווינט ער.

איך בין היפּש פאַרוואַקסן, מיין באָרד האָט זיך צעשפּרייט און האָט זיך פאַרפּולט מיט גרויע האָר. מען דאַרף זיך אָפּשערן, טראַכט איך ביי זיך. איך גיי צו מענטשן. זאָלן זיי ווייניקער קוקן אויף מיר מיט רחמנות. רחמנות־געפילן דערנידעריקן נאָך מער דעם נידערגעפאַלענעם. איצט בין איך פון די גליקלעכסטע מענטשן אויף דער וועלט. אַ פרייער פויגל, וואָס איז אַרויס פון דער שטייג. וואָס פעלט מיר עמיצנס רחמנות?

אין דער „פאַריקמאַכערסקע" — פריזיר־אַנשטאַלט, איז אַ ריי, כאָטש עס אַרבעטן נישט ווייניק שערער, כמעט אַלע פרויען. סיי יונגע, סיי עלטע־רע, מיט אַ קאַרגן שמייכל אויפן פּנים.

— נאָך וועמען בין איך? פרעג איך. מען ווייזט מיר אויף איינעם, וואָס שטייט אין סאַמע ווינקל און בליקט אַריין אין אַ צייטונג. איך איִל זיך סיי ווי נישט. איך וויל נישט אָנקומען צו פרוי. אפשר שלאָפט מען נאָך ביי זיי.

לויט דער ריי דאַרף מיך שערן אַ יונגע פרוי, אַ בלאָנדינקע, אַ בלאָנ־דער לאָק רוקט זיך אַרויס פון אונטער איר טיכל אויפן קאָפּ, אַ מיטלוווקסי־קע, אין די צוואַנציקער יאָרן, אַ פולע, מיט היפּשע ברוסטן, וואָס שפּאַרן זיך אַרויס דורך דעם איינגעפּאַסטן פאַרטוך.

אַ פרוי?! צוויי מיט אַן האַלבן יאָר האָב איך כמעט קיין פרוי נישט געזען אין די לאַגערן, און איצט שטייט אַ פרוי אַזוי נאָענט צו מיר. יעדער באַרירונג אירער מיט די ווייכע, וואַרעמע פינגער צו מיין פּנים, דאָס איינ־הילן מיך אין אַ ווייסן ליילעך רופט ביי מיר אַרויס אַן אויסטערלישן געפיל און אַ לייכטן ציטער. צי באַמערקט זי עס?

— ווי אַזוי ווילט איר זיך שערן? — פרעגט זי מיט אַ שמייכל, אָנ־ווייזנדיק דערביי אויף מיין צעוואַקסענער באָרד. דעם קאָפּ קען מען בלויז גאָלן, ווייל קיין האָר זענען כמעט נישטאָ.

— ווי אייך געפעלט — ענטפער איך. — וואָס קירצער איז בעסער — גיב איך צו.

איך פאַרמאַך די אויגן און איך דערמאָן זיך אין דער עלטערער פרוי, וואָס פלעגט אונדז ראַזירן איין מאָל אין 10 טעג אין דער אויספאַרשונג־טורמע, אין קיעוו. אירע צעצויגענע, ווייכע פינגער האָבן ווי געדערעדט צו מיר, געטרייסט און ווי גערופן נישט צו פאַרלירן די האָפענונג. אַך, ווי ליב איז מיר געווען איר מאַמעשקייט, די שפּראַך פון אירע פינגער, וואָס איז אַריינגעדרונגען טיף אין מיין האַרצן.

— שוין! איר זענט שוין פאַרטיק! — האָב איך דערהערט אַ שטים, וואָס האָט מיך ווי אויפגעוועקט אין מיטן זיסן חלום...

— אַ דאַנק! איך האָב אַ בליק געטאָן אין קעגנאיבערדיקן שפּיגל און זיך געוווּנדערט:

— אויך מיר אַ באָרד! אַ בערדל, אַ קיילעכדיקס. די וואָנסן פאַר־קירצט. דער גאַנצער אויסזען איז גאָר אַן אַנדערער געוואָרן. ווי אַזוי וועל איך אויסזען אין אַן אַנדער לבוש, ווען איך וועל פּטור ווערן פון דעם לאַגערנעם?

ביז דעם הויז פון מיין חבר משה בין איך געגאַנגען שנעל, נאָר אויף די שטיגן טראָט ביי טראָט. נישט צוליב מידקייט, נאָר ווייל דאָס האַרץ האָט זיך שטאַרקער צעקלאַפּט פון אויפרעגונג. איך האָב קוים אָנגעקלונגען.

טעמע, מיין חברס ווייב האָט געעפנט די טיר. זי האָט מיך ווי אַריינ־געשלעפּט אינעווייניק דורכן פאָדערהויז, צו זיך אין צימער אַריין. מיר האָבן זיך געקושט און טרערן זענען ווי פון זיך אַליין גערונען פון אונדזערע אויגן. מיר האָבן קיין ווערטער נישט געפונען. זיי זענען געווען איבעריק. דערצו טאָר מען קיין רעש נישט מאַכן — די רוסישע שכנים זאָלן נישט דערהערן. אפילו די באַציונגען צווישן זיי און די שכנים זענען כמעט קאָרעקטע, אָבער זיי טאָרן נישט וויסן, אַז איך בין פון לאַגער געקומען, זיי טאָרן מיך נישט זען אין די לאַגער־מלבושים...

— דו, יואליק, ביזט געקומען פון קיעוו. מיר האָבן געוווּסט, אַז דו דאַרפסט קומען. דיין מינדעלע האָט אונדז וועגן דעם איבערגעגעבן. דאַנקען גאָט, וואָס מיר זעען זיך! משה איז נאָר וואָס צו דער אַרבעט געגאַנגען. אַזאַ שאָד!

אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָב איך שוין אַנגעמאָסטן משהס אַנצוג.

— שמאָל, כאָטש איך בין אַ סך אָפּגעפּאַלן במשך פון די לאַגער־יאָרן.

— מיין משה איז גאָר אַ לאַנגער, דאַרער דראַנג. נישט געזאָרגט, מיר וועלן זיך אַן עצה געבן.

דערווייל האָט זי מיר דערלאַנגט עפּעס איבערצוכאַפּן: אַ וואַרעמע גלאָז מילך מיט אַ פרישׂ זעמעלע. היימיש, געשמאַק, ווי אין די גוטע צייטן. זי אַליין האָט מיך פאַרלאָזט און אין אַ קורצער ווײַלע אַרום איז זי שוין געווען צוריק און געטראָגן אונטערן אָרעם אַ ברוינעם אָפּגענוצטן אַנצוג, וואָס פון אים האָט זיך געטראָגן דער ריח פון נאַפטאַלין.

— פון וואַנען האָט זי אים גענומען? — האָב איך געטראַכט.

דער אַנצוג איז געווען שוין מער פּאַסיק פון מיין חברס. דאָס רעקל אוודאי, נאָר די הויזן אַ ביסל שמאָל. נאָר, נשקשה, ער וועט אַנגיין!

אין דעם אַנצוג, אין אַ ווייס אָנגעקראָכמאַלעט העמד, אפילו מיט אַ רויטלעך קאָלירטן קראַוואַט, האָב איך גאָר אַנדערש אויסגעזען. אַ פרייער ציווילער פאַרשוין.

— אָלגאַ דעניסאָוונאַ! — האָט טעמע אַ רוף געטאָן צו איר שכנה אין קיך אַריין. מיר האָבן אַ גאַסט, אונדזער פעטער פון קיעוו. שוין אַ צייט זיך נישט געזען.

שפּעטער איז אַריינגעקומען אַ שכנה, פונעם פערטן שטאָק. אַ יונגע יידישע פרוי, מיט אַ פאַרזאָרגטן בליק, אָבער מיט אַ געצוווּנגענעם שמייכל אויף די ליפּן. מיר האָבן זיך באַקענט און איך האָב באַמערקט ווי אויפמערקזאַם זי האָט מיך באַטראַכט אינעם נייעם אַנצוג. אין אירע אויגן האָב איך באַמערקט טרערן.

— וואָס איז אייך? האָב איך מיט מיטגעפיל אַ פרעג געטאָן.

— גאָרנישט! גלאַט אַזוי! ס׳האַרץ פריידט זיך, ווען מען זעט אַ יידן

קומען, ווי פון יענער וועלט. ווי דערלעב איך שוין צו זען מיין פאָטער אַ לעבעדיקן...

— ער אַליין וואָלט זיך געפרייט, ווען ער זעט איך אין זיין אַמאָליקן אָנצוג.

עס איז איבעריק געווען צו פרעגן פאַר וואָס איר פאָטער איז פאַר־שפּאַרט געוואָרן אין די ווייטע לאַגערן און אויף וויפל יאָר, פאַר אַזאַ ווי איך איז דאָס אַלץ קלאָר. פאַרוואָס? ער איז אַ ייד אין די זיבעציקער, געווען אַ גבאי אין שול, „ספּעקולירט״ מיט די עליות צו דער תורה, אויסגעפאַר־קויפט דעם מפטיר און ששי פאַר געזאַלצענע פרייזן, צעטיילט טליתים און סדורימלעך, אפילו יידישע לוחלעך, באַקומענע דורך די שליחים פון דער ישראל־אַמבאַסאַדע, ווען זיי האָבן באַזוכט די שול... צי איז דאָס נאָך ווײ־ניק פאַרברעכנס, כדי צו באַקומען בלויז 7 יאָר איזאָלאַציע אין די ווייטע צפונדיקע לאַגערן? 4 יאָר איז ער שוין אָפּגעקומען זיין שטראָף. צי וועט ער נאָך אויסהאַלטן די איבעריקע דריי יאָר? — גאָט ווייסט!

איך האָב געפּרוווט די פרוי טרייסטן: — אַנדערע צייטן, קראַנקע, אַלטע מענטשן אַקטירט מען. זיי ווילן דען, מען זאָל שטאַרבן אין די לאַגערן? לויט זייער סטאַטיסטיק, שטאַרבן נישט קיין פאַרשיקטע אין די סאָוויעטישע לאַגערן. אַ סימן, אַז זיי לעבן דאָרט ווי אין גן־עדן התחתון...

מיינע סאַרקאַסטישע רייד האָבן אַרויסגערופן ביי דער פרוי אַ ביטערן פאַרצווייפלטן שמייכל אויף די ליפּן און אַ ווייטיקלעכן קרעכץ פונעם טיפן האַרצן...

## צו וואָראָשילאָוון

אויף מיין טעלעגראַמע, וואָס איך האָב געשיקט קיין קיעוו צו מיין פרוי, האָב איך דערהאַלטן אַ תשובה אויף משהס אַדרעס:

— איך שיק אַרויס זיבנהונדערט אויף מלבושים. קום צו פאָרן גע־זונט. מיננאַ.

— אַזאַ גרויסע סומע! ווו האָט זי עס געקענט באַהויפטן? מן הסתם האָבן די חברים אויסגעבאָרגט. הייסט עס, אַז מיר האָבן נאָך גוטע חברים אויך. — האָב איך געטראַכט.

איך האָב דערביי אַ בליק געטאָן אויף מיין אָנצוג. ער איז טאַקע אַן אַלטער, ס׳הערט זיך פון אים דער ריח פון נאַפטאַלין, וואָס ער האָט אין זיך אָנגעזאַפּט במשך פון יאָרן. אָבער איך זע אין אים אויס גאָר פיין. צוליב וואָס האָט זי זיך באַדאַרפט באַלאַסטן מיט חובות?

אין דער סביבה פון דער „לענין־ביבליאָטעק" געפינען זיך די אויפ־נאַם־ביוראָען פון וואָראָשילאָוון, דעם פאָרזיצער פונעם העכסטן סאָוויעט פון ראַטנפאַרבאַנד. אַהער בין איך געפאָרן מיטן מעטראָ.

דער טאָג איז געווען אַ הייסער. די היץ האָט פאַרשווערט דאָס אָטעמען, אין מויל האָט געטרוקנט, די פנימער זענען באַדעקט געווען מיט טראָפּנס שווייס. דערפאַר איז אין די טיפענישן פון דער מעטראָ געווען קיל. דער פּלוצימדיקער איבערגאַנג האָט אפילו אַרויסגערופן אַ געפיל פון קעלט. די וואַגאָנעס זענען געווען האַלב פּוסט — האָב איך געהאַט אַן אָרט צו זיצן. מיין טראַכטן האָט זיך באַגרענעצט בלויז וועגן מיין וויזיט ביי וואָראָשילאָוון. אין געציילטע ווערטער וועל איך אים איבערגעבן מיין ביטע און טענות. איך האָב גוט געדענקט וואָראָשילאָווס אויסזען, לויט די פּאָרטרעטן, ער איז אַזוי פּשוט און מילד, ווי אַ גוטער זיידע. ער וועט מיך זיכער פאַרשטיין און העלפן. אמת, איך האָב פון לאַגער צו אים געשיקט ביטעס און אָנקלאַגעס און אַן ענטפער אויף זיי האָב איך גאָר דערהאַלטן פון דער פּראָקוראַטור:
— אויף אייער ווענדונג צום העכסטן סאָוויעט, ענטפערן מיר, אַז איר זענט פאַרמשפּט געוואָרן ריכטיק. אייער שולד איז באַוויזן געוואָרן דורך די מאַ־טעריאַלן פון אייער דיעלע —.

ביי דער דערמאָנונג בין איך ווי אָפּגעקילט געוואָרן. די האָפענונג איז פאַרמינערט געוואָרן, דאָך האָב איך נישט געוואָלט טראַכטן וועגן שלעכטס. דאָס איז אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט. איצט, נאָך סטאַלינס טויט, זענען שוין אַנדערע צייטן — האָב איך זיך געטרייסט.

צוליבן אַריינטראַכטן האָב איך שיער נישט אַריבערגעפאָרן די סטאַנ־ציע „לענינס ביבליאָטעק", אָבער די סטאַנציע „דער רעוואָלוציע־פּלאַץ"

מיט אירע בראַנזענע פיגורן האָט מיר דערמאָנט. שנעל בין איך אויסגע־שטיגן פונעם וואַגאָן און צוזאַמען מיטן המון זיך אויפגעהויבן מיטן עסקאַ־לאַטאָר אַרויף. די טאָג־שיין, דער שטראָם פון וואַרעמע זונען־שטראַלן האָט מיר ווי באַגעגנט מיט פרייד. מענגעס מאַשינען האָבן געשטראָמט און גע־יאָגט זיך מיט אימפּעט איבער דער ברייטער גאַס. איצט טאָר מען נישט טראַכטן, די סכנה לויערט אויף יעדן אומפאָרזיכטיקן טריט. אַראָפּגייענדיק פון די שטיגן, האָב איך געוואָלט אַ בליק טאָן צי מיינע דאָקומענטן זענען אין אָרדענונג, דערביי איז מיין באַפרייונגס־ביכל אַראָפּגעפאַלן. איך גיב האַסטיק אַ בויג זיך אַראָפּ עס אויפצוהויבן, פּלוצים...

— ט ר אַ ך !

עס דערהערט זיך אַ ריס, ווי דער קלאַנג פון אַ זעג. איך דערפיל, אַז די שמאָלקייט איז מיט אַ מאָל פאַרשווונדן. איך גיב זיך אַ כאַפּ צום אָרט, ווו די קאַטאַסטראָפע איז געשען. יאָ, ס׳איז געשען: די נאָט פון אונטן האָט גע־פּלאַצט אויף אַ צענדליק צענטימעטער אין דער לענג. פאַר מיינע אויגן האָבן זיך אָנגעהויבן דרייען שוואַרצע רעדער. האַסטיקער האָט דאָס האַרץ אָנגע־הויבן צו קלאַפּן. אין דמיון האָב איך דערזען ווי אַ שוואַרצע קאַץ איז אַרי־בערגעלאָפן דעם וועג...

וואָס טוט מען? מיט אַן אָפענעם אונטן איז אוממעגלעך זיך צו רירן פונעם אָרט. איך רוק זיך אָפּ אין אַ זייט און אַ געפיל פון בושה און פאַר־צווייפלונג כאַפּט מיך אַרום. מיר דוכט זיך, אַ סך פון די מיטגייער האָבן געזען מיין אומגליק, נאָר זיי גייען פאַרביי מיט אַ חוזק־שמייכל אויף די ליפּן.

— זיי נישט אַזוי פאַרצווייפלט! — פּרוּוו איך זיך אַליין טרייסטן. אין ערגערע סיטואַציעס האָסטו זיך אַן עצה געגעבן. דער מוח הויבט אָן זוכן אַן עצה. איך דערמאָן זיך, אַז דאָ נישט ווייט געפינט זיך אַ געזעלשאַפטלעכער אָפּטריט. אַהין מוז איך זיך דערשלאָגן און דאָרטן...

מיט די פינגער קלאַמער איך צו דאָס אָרט פונעם ריס, צוריקוועגס ראַטשקע איך זיך מיט קליינע טריט פאָרויס. אַז נאַראָנים לאַכן איז וואָס? אַ קלוגער מענטש וועט מיטפילן און נישט לאַכן. אַ פּאָר הונדערט טריט און ס׳האָט אַזוי לאַנג געדויערט, ביז איך האָב זיך דערשלעפּט צום אָרט.

אַראָפּגײיענדיק עטלעכע שטיגן האָב איך באַמערקט אַ באַיאָרנטע, דיקלעכע פרוי צווישן די אָפּטײלונגען פאַר מענער און פרויען. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זי איז די אויפזעערין און ראַמערין פון דעם „אַנשטאַלט״ און צו איר האָב איך זיך גאָר שטיל געווענדעט:

— בירגערין! ס׳איז ביי מיר אַ צופאַל געשען. עס האָט געפּלאַצט אַ נאָט אין די הויזן. אפשר קענט איר מיר אַרויסהעלפן מיט אַ נאָדל און פאָ־דעם? — ווענדע איך זיך מיט בעטנדיקע בליקן.

— ס׳טרעפט, בירגער, ס׳טרעפט. אָבער איך האָב דאָ קיין נאָדל און פאָדעם נישט. נאָר איך ווין נישט ווייט פון דאַנען, וועל איך גיין אייך ברענגען. מילא, מיין פּאָסטן וועט צוואַרטן. ס׳איז נישט קיין שווערע זאַך מיך צו פאַרטרעטן.

זי איז אַוועק און איך בין געבליבן, אַלס איר פאַרטרעטער, אויפן אָרט. איך האָב זיך אָפּגערוקט אין דער זייט צו דער אָפּטײלונג פון מענער. איינער גייט אַראָפּ, דער צווייטער אַרויף, ס׳שאַפט זיך מאָמענטנווייז אַ ריי, אָבער זי ווערט שנעל ליקווידירט. ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט און די פרוי איז געקומען.

—צענער פּאָדעם האָב איך געבראַכט, שטאַרק, ווי אייזן, די צייג קען זיך צערייסן, אָבער די נאָט וועט שוין מער נישט פּלאַצן.

זי האָט מיר אַריינגעלאָזט אין אַ קעמערל און צוגעשלאָסן די טיר. איך האָב זיך גענומען צו דער אַרבעט. צום גליק האָט בלויז די נאָט געפּלאַצט, די צייג איז געווען גאַנץ. צוויי מאָל האָב איך איבערגענייט און דער ריס איז ווי נישט געווען. איצט האָב איך שוין געשמייכלט צו זיך אַליין און, ווי מען זאָגט, שוין גרייט געווען גומל צו בענטשן. אָבער פאַרזיכטיק מוז איך זיין. ס׳קען פּלאַצן אויף אַ צווייט אָרט.

אין אַן האַלבער שעה אַרום בערך בין איך שוין אַריינגעגאַנגען אין אַן אַספאַלטירטן הויף און פון דאָרטן אין וואַרטע־זאַל פון די אויפנאַם־ביוראָען. אַ גרויסער זאַל מיט צוויי גרויסע פענצטער, פאַרדעקטע מיט גרעבערע פּאָרטיערן, די ווענט זענען געפאַרבט מיט דעמבענע פּאַנעלן, כאָטש ס׳איז מיטן טאָג, ברענט די עלעקטריע אין ברייטע הענגלייכטער, אַרום די ווענט שווערע, האַמעטנע, דעמבענע שטולן מיט העכערע ווענטלעך פון הינטן,

אַן אומעט און גרויקייט נעמט אַרום דאָס געמיט. אַרום הערשט אַ סודותפולע שטילקייט, כאָטש נישט וויניקער פון אַ צענדליק אינטערעסאַנטן זיצן און וואַרטן אויף זייער ריי. די פּנימער זענען ערנסטע, די נערוון אָנגעצויגענע, דאָך באַמיט זיך יעדער איינער זיך צו באַהערשן. יעדער איינער איז פאַר־נומען מיט זיך, מיט זיינע געדאַנקען. אויב עמיצער פאַראינטערעסירט זיך מיטן ענין פון אַ צווייטן, ווייל ער טראַכט, אַז אפשר קען דאָס העלפן אין זיין ענין. אַלעמענס בליקן זענען געווענדעט צום גרויסן שרייבטיש און צום עלטערן אָנגעשטעלטן, וואָס נעמט אויף יעדן איינעם באַזונדער. דער אויפ־נעמער איז שוין זיכער אין די פופציקער יאָרן, מיט אַ גלאַטע ליסינע אויפן גראָען קאָפּ. ער טראָגט ברילן מיט גראָבע גלעזער, אַ קאַלטקייט און גלייכ־גילטיקייט ווייעט פון אים, מיר דוכט זיך, זיינע אויגן קוקן, נאָר זיי זעען נישט קיינעם, אפילו דעם מענטשן, וואָס זיצט אים דערנעבן און רעדט זיך אויס דאָס האַרץ פאַר אים. ער הערט אים געדולדיק אויס, אָבער ער הערט אים, דוכט זיך, נישט.

— גיט מיר אייער ביטע שריפטלעך! — פאָדערט ער.

דער אינטערעסאַנט האָט שוין צוגעגרייט די ביטע, ווו אַלץ איז באַ־שריבן אָדער דורך אים אַליין, אָדער דורך עמיצן, וואָס איז מער בקי פון אים, ווי אַזוי עס פאָדערט זיך צו שרייבן אין אַזאַ הויכער אינסטאַנציע. דער אויפנעמער נעמט צו די שריפטלעכע ביטע און גיט צו דערביי, ווי שטענדיק:

— איר וועט באַקומען אַ שריפטלעכע תשובה אַהיים, לויטן אָנגעגע־בענעם אַדרעס.

ווען ס׳איז אָנגעקומען מיין ריי, האָב איך באַלד געמאָלדן, אַז איך האָב קיין שריפטלעכע ביטע נישט צוגעגרייט, אַז איך וויל זיך פערזענלעך דורכ־שמועסן מיטן הויכן פאָרזיצער פון העכסטן־סאָוויעט וואָראָשילאָוו. מיינע רייד האָבן אַרויסגערופן אַ סאַרקאַסטישן שמייכל אויף די ליפּן פון דעם גלייכגילטיקן אויפנעמער. ער איז אַרויס מיט אַ מענה־לשון, אָבער אין אַן איינגעהאַלטענעם טאָן:

— דער פאָרזיצער איז פאַרנומען. ער נעמט זעלטן אויף, סיידן זיינע געהילפן געפינען אַזאַ זאַך פאַר נויטיק. איך וועל אייך פאַרשרייבן אין דער

ריי צו איינעם פון זיינע פּאַרטרעטערס. גיט אָן אייער אַדרעס — וועלן מיר אייך אַרויסרופן.

— איך האָב קיין אַדרעס נישט. איך קום איצט פונעם לאַגער.

— ווו זשע נעכטיקט איר, בירגער?

— אויפן וואָקזאַל, אין פּאַרק, אין דרויסן, ווו עס מאַכט זיך.

— נו, וועל איך אייך פאַרבינדן מיט איינעם פון די פּרעזועס־סעקרעטאַרן. — ער דרייט אָן דאָס רעדל פון טעלעפאָן. נאָך אַ קורצן שטילן געשפּרעך, גיט ער צו:

— ווען ער וועט באַפרייט ווערן, וועט איר מיט אים רעדן טעלעפאָניש, אין דער קאַבינע נומער 2. זעצט זיך! ווער איז אין דער ריי?

איך בין ווי פאַרשטאַרט. איך פאַרשטיי, אַז איך בין שוין דורכגעפאַלן, אַז מיין פאַרלאַנג זיך צו טרעפן אויג אויף אויג מיט וואָראָשילאָוון איז אַן אַבסורד, ווי מען זאָגט: „אַ טרוים פון אָן אָפּגעהאַקטן קאָפּ". נאָר וואָס קען איך זיך העלפן? איך מוז וואַרטן.

אין אַ שעה אַרום האָט מען מיך אַריינגעשיקט אין דער צווייטער קאַבינע. איך בין אַריין אַ גלייכגילטיקער, אויב נישט קיין רעזיגנירטער.

— איר זענט פערעל? — האָט אַ מענער־קול אַ פרעג געטאָן. אין וואָס גייט עס אייך?

— איך בין באַפרייט געוואָרן פונעם לאַגער, צוליב דער אַקטירונג. איך בעט מיך רעהאַביליטירן. איך בין אומשולדיק. איך וויל ווייטער אַרבעטן אַלס לערער און ווינען אין קיעוו מיט מיין פרוי און זון.

— דאָ רעהאַביליטירן מיר קיינעם נישט. מיט דעם פאַרנעמט זיך די פּראָקוראַטור. דער העכסטער סאָוויעט באַגנעדיקט בלויז די, וואָס אָנערקענען זיך שולדיק. אָט ליגט פאַר מיר אייער אָנקלאַגע פון פּאַראַיאָרן. איר ווילט דורכויס באַווייזן, אַז איר זענט אומשולדיק. צי אָנערקענט איר זיך איצט שולדיק?

— זייענדיק אין לאַגער האָב איך דאָס נישט געקענט ביי זיך פועלן, אַז איך, אַן אומשולדיקער, זאָל זיך אָנערקענען אַלס שולדיקער. איצט, ווען איך בין אויף דער פריי — אוודאי נישט!

— אויב אַזוי דאַרפט איר זיך, בירגער פערעל, ווענדן צום קיעווער קרייז־געריכט, וואָס האָט אייך פאַרמשפּט, אָדער צו דער פּראָקוראַטור. מיט דעם האָבן מיר פאַרענדיקט!

איך האָב דערהערט אַ קלאַפּ פונעם אַוועקגעלייגטן טרייבל. איך בין נאָך געשטאַנען אַ ווײַלע מיטן טרייבל אין דער האַנט. די האַנט האָט גע־ציטערט פון אויפרעגונג:

— פאַרשפּילט! פאַרשפּילט, ווי אין קאָרטן! — האָב איך געטראַכט. דערבײַ האָב איך פון זיך אַליין געלאַכט מיט יאַשטשערקעס: „ביסט אַ ראַ־זאָווער העלד, מיט ראָזע אויגן און ראָזע ברילן — אַזאַ ביסטו, אפילו נאָכן לאַגער — און איך האָב מיט אַ קלאַפּ אַוועקגעלייגט דאָס טרייבל...

## בנימין יעפימאָוויטש

— אַזאַ חוצפה! איך זאָל איצט אָנערקענען זיך שולדיק. אין וואָס? עס איז גענוג געווען איך זאָל באַשטעטיקן אין דער אויספאָרשונג, אַז ביי מיר האָבן זיך געפונען די „יידישע ענציקלאָפּעדיע" און גרעצס „געשיכטע פון די יידן" — מען זאָל שוין באַצייכענען אין אורטייל, אַז איך „האָב זיך ט ײ ל װ ײ ז אָנערקענט שולדיק. ווייניק שלאָפלאָזע נעכט האָב איך גע־ליטן, ווייל איך האָב זיך נישט געבראָכן. אַלע, אַלע זענען שולדיק, אָבער נישט זיי — די הערשער.

אַלע מיטלען זענען כשר. דערנידעריקן, צעטומלען די מוחות, אויס־מאַטערן דורך שלאָפלאָזיקייט, דערפירן צו רעזיגנאַציע און האָפענונגסלאָ־זיקייט, אָבער דו מוזט אָנערקענען, אַז ווייס איז שוואַרץ, אַז דער גאַנצער אמת איז בלויז ביי זיי. לויט זייערע באַריכטן, האָבן די באַשולדיקטע אין אַלע פּראָצעסן, אַפילו די געוועזענע פאַרטיי־לייט, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער סאָוויעטישער מלוכה, זיך אָנערקענט שולדיק און געבעטן אַפילו אויף זיך אַ טויט־אורטייל. צו דעם זענען זיי פעיק — סיי די אויספאָרשער, די באַשולדיקער און די ריכטער.

אַרויסגייענדיק פון וואָראָשילאָווס אויפנאַם־ביוראָען, ווו ס׳איז געווען קיל אין אַרום און קאַלט אינעם האַרצן, אויף דער גאַס, האָב איך אַ קוק געטאָן אויפן גרעסערן האַנט־זייגער, וועלכן איך האָב געפירט פונעם לאַגער פאַר מיין זון אַ מתנה. ס׳איז שוין געווען איינס. די אַרומיקע היץ האָט אַ שלאָג־געטאָן אין פנים, ווי די פאַרע פון הייך־אויוון אין אַ שוויצבאָד, אויפן ווייכן אַספאַלט האָבן די פוסטריט געלאָזט צייכנס, דער אומאַנגענעמער נאָך־ריח פון די לויפנדיקע אויטאָס האָט געררייצט די נאָזלעכער. ביים קיאָסק פון סאָדע־וואַסער האָט זיך די ריי געצויגן לאַנג, לאַנג. דאָס שטיין אין דער ריי האָט פאַרגרעסערט דעם דורשט און אפילו ווען מען האָט שוין באַקומען די גלאָז סאָדע־וואַסער, וואָס האָט נישט באַוויזן זיך אָפּצוקילן, איז דער דורשט נישט קלענער געוואָרן, אפשר בלויז אויף אַ ווײַלע. נישט ווייט פון קיאָסק איז געווען אַ גרויס געשעפט פון ביכער. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט און באַטראַכט דאָס שוי־פענצטער. פאַר מיר איז עס געווען אַ נייעס. איך האָב געלייענט מעכאַניש די נעמען פון די ביכער — כמעט אַלע נישט באַ־קאַנטע: וויסנשאַפטלעכע ביכער פאַר סטודענטן און אַקאַדעמיקער. די בי־כער האָבן מיר דערמאָנט, אַז נישט ווייט פון דאַנען, אויף גראַנאָווסקי־גאַס, וווינט בנימין יעפימאָוויטש — דער מענטש פון ביכער.

— צי לעבט ער נאָך דער אַלטער? עס איז כדאי זיך אַריבערכאַפּן צו אים און דערוויסן זיך. איך דערמאָן זיך, אַז אין דעם שמאָלן געסל שפּאַ־צירן אַרום טאָג און נאַכט נאָכקוקער און אויסשפּירער אין ציווילע קליי־דער. יעדן דורכגייער באַטראַכטן זיי מיט אויספאָרשנדיקע בליקן, ווי מיט רענטגען־שטראַלן. נישט ווייט פון דאַנען געפינט זיך דער העכסטער ראַט פון דער מלוכה — איז מען פאָרזיכטיק.

איך דערמאָן זיך, אַז בנימין יעפימאָוויטש שטייט ערשט אויף אַרום 2 אַ זייגער. ביז 4 ביי נאַכט זיצט ער און בלעטערט די ביכער. ביכער? דעם איינציקן גרויסן צימער, וועלכן ער באַוווינט צוזאַמען מיט זיין פרוי קלאַודיאַ אַנטאָנאָוונאַ, האָט ער פאַרנומען מיט ביכער. אין אַלע פיר ווענט זענען איינגעמאָנטירט פּאָליצעס און אַלע זענען איבערגעלאָדן מיט ביכער. אויך אין מיטן צימער שטייען עטלעכע שאַפעס פולע מיט ביכער. זיי פאַר־שטעלן מיט זיך דעם געמאָסטענעם שטח, אויף וועלכן עס געפינט זיך אַ

ברייטע סאָפע, וואָס דינט זיי פאַר אַ געלעגער צום שלאָפן. ביים אַריינגאַנג שטייט אַ גאַז־פּליטע אויף אַ שענקעלע, אין וועלכן עס געפינען זיך די נויטיקע כלים און אויך דער צוקער, טיי, קאַווע, מאַנע־קאַשע און אַנדערע פּראָדוקטן. זייער איינציקער מיטשכן איז מינקע — דאָס ווייסע קודלאַטע הינטל, מיטן טונקעלן פלעק אויף דער שפּיציקער מאָרדע און פאַרזשמורעטע אויגן. ער איז קליין אין זיין וווקס, נאָר קלוג איז ער, וואָס קלוג הייסט.

זייערביידנס ליבע האָבן זיי, אָנשטאָט קינדער, אַוועקגעשענקט מינקען. און מינקע האָט זיי נאָך מער ליב געהאַט. בנימין יעפימאָוויטש שלאָפט — שלאָפט ער אויך. זיין באַלעבאָס עסט בלויז איין מאָל אין טאָג — פּירט זיך מינקע אויך אַזוי. ווען ער שלאָפט, וועט מינקע קיין האַווקע נישט טאָן, אפילו ווען מען קלאַפּט אין טיר. בשעת דער מלחמה, ווען בנימין יעפימאָוויטש האָט באַגלייט די עוואַקוירטע קינדער פון מאָסקווע קיין באַאַראַ, איז מינקע פאַרבליבן אין דער באַדראָטער שטאָט צוזאַמען מיט זיין באַלעבאָסטע. מיט בנימין יעפימאָוויטשן זענען פאַרבונדן מיינע זכרונות וועגן דעם ווינטער, וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט אין באַאַראַ, דאָס דאָרף פון וועלכן די איינוווינער, די דייטשן, זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן, אויף זייער אָרט זענען אָנגעקומען די קינדער פון מאָסקווע. בנימין יעפימאָוויטש האָט געוווינט מיט אונדז צוזאַמען, מיט אים האָבן מיר זיך באַפריינדט, ווי מיט אַן אייגענעם. אפילו ווען מען האָט מיך מאָביליזירט אין דער אַרמיי, איז ער פאַרבליבן ביי אונדז אין שטוב. ער פלעגט אָפט קרענקען, פלעגט מיין ווייב אַרומגיין אַרום אים, ווי אַ קראַנקן־שוועסטער. ערשט שפּעטער, ווען די סכנה פון מאָסקווע איז פאַרביי, האָט אים זיין ווייב צוריקגעפירט אַהיים.

ווען מיר זענען פאַרבייגעפאָרן מאָסקווע, אויפן וועג קיין קיעוו, האָבן ביידע אונדז אויפגענומען, ווי אייגענע. קלאַוודיע האָט זיך באַמיט אין דער צענטראַלער שול־אָפּטיילונג פון די אייזנבאַנער, מען זאָל מיך באַשטימען אַלס דירעקטאָר פון אַ קינדער־היים אין קיעוו. נאָך מיין אַרעסט, פאַרמשפּטן און פאַרשיקונג, פלעגן זיי אויפנעמען מיין פרוי מיט היימישקייט, מיט מיטגעפיל און געהאָלפן, ווי ווייט מעגלעך.

מיט די דערינערונגען בין איך דערגאַנגען צום פינפשטאָקיקן הויז, ווו זיי האָבן געוווינט. טראָט ביי טראָט בין איך אַרויף אויפן פינפטן שטאָק.

ערשט דאָ האָב איך זיך דערמאָנט, אַז איך האָב געקענט זיך אױפֿהײבן מיטן ליפֿט. איך האָב זיך אױך דערמאָנט, אַז מיט אַ צען גראָשנדיקער מטבע קען מען עפֿענען די טיר. אַזױ האָב איך געטאָן. צוקומענדיק צו זײַער טיר האָב איך גאָר שטיל אָנגעקלאַפּט. די טיר איז געװען אָפֿן. װי נאָר איך בין אַרײַן בײַ די שװעל, האָט זיך געלאָזט הערן אַ כאָר־געזאַנג פֿון זינג־פֿײגל. איך האָב באַמערקט די שטײגעלעך, װאָס זענען געהאָנגען בײַ די סאַמע פֿענצטער, מיט פֿאַרשידנפֿאַרביקע פֿײגעלעך. זײ האָבן די ערשטע מיך באַמערקט און אױפֿגעהױבן אַן אַליאַרם.

די האָבן געטריפֿן בנימין יעפֿימאָװיטשן, װאָס האָט זיך געבאָדן אין װאַש־צימער. ער האָט זיך טאַקע צוגעאײַלט, אַרױפֿגעכאַפּט אױף זיך דעם באָד־מאַנטל און איז אַרײַנגעלאָפֿן אַ פֿאַרװוּנדעטער. װער קען דאָס זײַן דער באַרדיקער פּאַרשױן, דער אומגעריכטער גאַסט?

— בנימין יעפֿימאָװיטש! — האָב איך אױסגערופֿן. ער האָט מיר דער־קענט לױט מײַן קול און אַ געשרײ געטאָן מיט פּאַטעטלעכער הימישקײט:

— יאָיזל מאַרקאָװיטש! מיט אַ באָרד גאָר!

מיר האָבן זיך האַרציק געקושט. אָפּגעריסן זיך און נאָך אַ מאָל זיך געקושט.

— אַנטשולדיקט מיר, טײַערער, איך װעל באַלד צוריקקומען. — דער־בײַ האָט ער געזען אַז ער איז אָדם־נאַקעט...

איך בין געשטאַנען, װי געפּלעפֿט. איך האָב זיך קײן מאָל אין לאַגער ניט פֿאָרגעשטעלט, אַז עמיצער װעט מיך אַזױ װאַרעם אױפֿנעמען. אפֿילו די זינג־פֿײגעלעך האָבן ניט אױפֿגעהערט צו זינגען שירה לכבוד מיר, װי מיר האָט זיך געדאַכט...

דערװײַל איז אַרײַנגעקומען קלאַװדיע אַנטאָנאָװנאַ מיט אַ פֿיר־שטאָ־קיקער „מעטאַשקע" אין דער האַנט. די פֿײגעלעך האָבן זיך געלאָזט הערן נאָך העכער, װי זײ װאָלטן איר דערטראָגן: — זע נאָר, װאָסער גאַסט מיר האָבן!

קלאַװדיע אַנטאָנאָװנאַ האָט אַװעקגעשטעלט די כּלי, אַ דורכדרינגלעכן בליק געטאָן אױף מיר און דערקענט:

— האַ, יאָוועל מאַרקאָוויטש! ברוך הבא! — זי האָט מיר אַרומגענו־מען און געקושט. טרערן זענען גערונען פון אירע אויגן.

— זעט נאָר, אַ באָרד גאָר! ס׳פּאַסט די אַלטע באָרד צו די יונגע אויגן, די זעלבע אויגן מיט זייער קינדערישן בליק. דער אומשולד קוקט פון זיי אַרויס.

— צי גלויבט איר נאָך אַלץ אין מיין אומשולד? נאָך טורמע, לאַגערן?

— האָב איך מיט אַ פּאַרטייעטער פרייד אַ פרעג געטאָן.

— ווי קען דען אַנדערש זיין!

— אַ שאָד, וואָס איר זענט נישט קיין פּראָקוראָר, אָדער ריכטער. איר וואָלט מיר זיכער ריין־געוואַשן, רעהאַביליטירט!

— וואָס? איר זענט נאָך נישט רעהאַביליטירט? ווי אַזוי זשע האָבן זיי אייך באַפרייט?

— מען האָט מיך אַקטירט. קראַנק און שוואַך. צו שווערער אַרבעט טויג איך נישט!

— נו, מילא, וועט מען אייך רעהאַביליטירן. אַבי איר זענט שוין פריי. עך, בנימין, ס׳אַ גאַסט מיר האָבן און פונקט צום מיטאָג. אַ מיטאָג פון סאַמע קרעמל. אַלס אַלטער, אויסגעדינטער באָלשעוויק באַקומט בנימין מיטאָגן פון דער קיך אין קרעמל. אַ ספּעציעלער שליח ברענגט אים און איך האָב אים געטראָפן ביים אַריינגאַנג.

אין געציילטע מינוטן איז דער טיש שוין געווען סערווירט מיט לעפל, גאָפל, מעסער. די בעסטע מאכלים, וואָס נאָר אין חלום האָב איך זיי געקענט זען, זענען געשטאַנען אויפן טיש: סאַרדינקעס, מאַרינירטע גריבעס, געזאַל־צענע איקראַ — אַלס פאָרשפּייז. יויך געל־גלאַנציקע מיט דינינקע אייער־מאַנדעלעך. עטלעכע סאָרטן פליישן: עוף און קעלבערנס, באַפּוצטע מיט גרינסן, דער קאָמפּאָט פון אַבריקאָסן. דערצו רויטינקע מאַנדאַרינקעס און געל־ראָזע עפל.

ס׳איז געווען אַ תענוג דאָס זען מיט די אויגן און צו עסן נאָך אַ גרע־סערער. בנימין האָט געעסן, ווי אַ פייגעלע, קלאַוודיע — אַ ביסעלע מע־רער און איך? איך האָב געפרעסן מיט גרויס אַפּעטיט.

— הלואי וואָלטן מיר אייך געהאַט אָפּטער צום עסן, וואָלטן מיר פאַרשפּאָרט אַרויסצוּוואַרפן. מען זשאַלעוועט נישט. איר זעט דאָך, אַז עס קלעקט פאַר דריי.

פּלוצים איז מיין בליק געפאַלן אויף די ביכער, וועלכע זענען גע־שטאַנען אַנטקעגן:

— אָט די ביכער: גרעץ „יידישע געשיכטע״ און די „יידישע ענצי־קלאָפּעדיע״ האָבן מיר מיין אומגליק געבראַכט און ביי אייך שטייען זיי פראַנק און פריי.

— פערדישע קעפּ פאַרמאָגן זיי! זיי געפינען זיך דאָך אין פרייען פאַר־קויף אין די בוקיניסטישע מאַגאַזינען. זיי זענען דאָך אַן אוצר! דוד זאַס־לאַווסקי, איינער פון די רעדאַקטאָרן פון „פּראַוודאַ״ באַרגט זיי ביי מיר — האָט בנימין יעפימאָוויטש מיט פאַרדרוס זיך אַרויסגעזאָגט.

איך האָב באַמערקט, אַז ער איז אויפגערעגט און געוואָלט אַריבער־פירן אונדזער געשפּרעך אויף אַנדערע רעלסן.

— ווי האָט איר באַקומען אַזעלכע זינג־פייגל? ס'איז אַ מחייה צו הערן זייער געזאַנג. פון אַלע קאַלירן, ווי אַ רעגנבויגן.

— זייט מינקע איז געשטאָרבן, האָבן מיר מער נישט געוואָלט קיין אַנדער הינטל. האָבן מיר באַשלאָסן — פייגעלעך. איך גיי וויניק אין דרויסן, ברענגט מיר קלאַוודיע שפּייז פאַר זיי פון מאַרק. איך האָב אַ סך געשטודירט וועגן פייגל־צוכט, וועגן פייגעלעך בכלל. איך באַדין זיי און זיי פאַרזיסן מיין לעבן אויף דער עלטער. מען קען זיי ליב האָבן. זיי האָבן זיכער קיינעם קיין עוולה נישט געטאָן. וואָלט סטאַלין זיך צוגעהערט צום געזאַנג פון די פייגל, וואָלט ער זיכער נישט געווען אַזוי אכזריותדיק!

איך האָב נישט געגלויבט מיינע אויערן. וואָס הער איך?

— איר האַלט, בנימין יעפימאָוויטש, אַז סטאַלין איז שולדיק אין די אומגליקן און מאָרדן?

— נישט ער אַליין, נאָר אַלע, אַלע. אָבער ער וואָלט געקענט מיט זיין אויטאָריטעט דאָס פאַרמיידן. נישט איך אַליין זאָג עס. זיין געוועזענער מיט־אַרבעטער כרושטשאָוו זאָגט נאָך מער וועגן דעם.

— די מיינונג האָב איך געהערט אין לאַגער, מערסטנס צווישן יידן. יידישע שרייבער, קינסטלער זענען אומשולדיק פאַרומשפּט געוואָרן. צי מיינט איר אויך אַזוי?

— נישט נאָר פאַרמשפּט, נאָר אויך מערדערלעך דערהרגעט. ביי היינ־טיקן טאָג רעהאַביליטירט מען זיי נאָכן טויט: מאַרקישן, האָפשטיינען, פע־פערן, בערגעלסאָנען, מיכאָעלסן און אַנדערע...

— הער שוין אויף צו שיטן זאַלץ אויף די ווונדן, בנימין. — האָט זיך אַריינגעמישט קלאַוודיע, וואָשנדיק די כלים.

— ביסט גערעכט, קלאַוודיע. ס׳איז גוט צו דערמאָנען, ווען עס איז געשען אַמאָל, אָבער, ליידער... — ער האָט נישט דערזאָגט.

ווען איך האָב זיי דערציילט וועגן דער אויפנאָמע ביי וואָראָשילאָוון, האָט בנימין יעפימאָוויטש מיך איבערגעריסן:

— זעט איר, אַז איך בין גערעכט. דער היינט איז נישט מיט קיין סך בעסער פונעם נעכטן. איר, מאַרקאָוויטש, בלייבט נאָך אַ ביסל אין מאָסקווע און גייט צום גענעראַל־פּראָקוראָר. לאָזט זיי נישט רויִק לעבן. זאָלן זיי אויך אַ ביסל נישט דערשלאָפן... איר קענט נעכטיקן ביי אונדז. איך בין דער הערן־מיטגליד פון הויז־קאָמיטעט. איר קענט ביי אונדז נעכטיקן. טאָקע אויף דער פּאָדלאָגע, אָבער איר זענט שוין געוווינט צו אומבאַקוועמלעכ־קייטן. אויך ס׳עסן פון דער קיך אין קרעמל וועט סטייען פאַר אַלע...

## די נשמה בענקט

זייענדיק אין מאָסקווע האָב איך פאַרבראַכט אַ וואָך אין משפחה־קרייז פון מיין חבר משה זאַגער. אויך ער האָט געשטאַמט פון לוצק, ביידע האָבן מיר געהאַט איין קוזין אשר, קוזינקע ביינע, וואָס זענען די איינציקע איבערגעבליבן ביים לעבן. חוץ אַ קרוב — איז משה אויך געוועזן מיין יוגנט־חבר. ער האָט זיך פאַרנומען מיט ציין־טעכניקעריי. אַנטלויפנדיק פון לוצק, האָבן מיר זיך געטראָפן אויפן וועג, נישט ווייט פון נאָוואָגראָד־וואָלינסק.

ביז קיעוו זענען מיר געפאָרן צוזאַמען. דאָרט האָבן זיך אונדזערע וועגן צע־שיידט: איך בין געפאָרן באַגלייטן די אָפּגעראַטעוועטע קינדער פון די קאָוו־לער און טשאַרטאָריסקער קינדער־היימען און ער — קיין טשעליאַבינסק. געטראָפן האָבן מיר זיך ערשט ווידער נאָך דער מלחמה אין מאָסקווע. ער האָט געוווינט צוזאַמען מיט זיין פרוי טעמע. צוויי מיידלעך האָבן זיי געהאַט, איינע שוין אַ דערוואַקסענע, וואָס איז טעמען געבליבן פון איר ערשטן מאַן און אַ קלענערע, וואָס איז געווען אַ בשותפותדיקע. אַלע פיר האָבן פאַרנו־מען איין צימער. נאָך צוויי קריסטלעכע שכנים האָבן פאַרנומען אַזעלכע צימערן. אַ בשותפותדיקע קיך און אָפּטריט.

מיין אַרעסט און פאַרמשפּטן האָט משהן ווי געטאָן און אויך געשראָקן. ער האָט מורא געהאַט פאַרן אייגענעם גורל, כאָטש ער האָט נישט געוווּסט, אַז אויך ער האָט פיגורירט אין געפּלאַנטן פּראָצעס פון די אַכט־און־צוואַנ־ציק.

— נאָך דיין אַרעסט, יואליק, האָט מען מיך אַ פּאָר מאָל גערופן אין דער אויספאָרשונג און אויסגעפרעגט: צי בין איך געווען אַ „שומר", צי האָסטו מיך נישט אַגיטירט אַרויסצופאָרן קיין פוילן און פון דאָרט קיין ישראל? דערציילט האָט ער גאָר שטיל, מיט אַ בולטן פּחד אין די אויגן.

— לאָמיר, משה, היינט וועגן דעם נישט ריידן. לאָמיר בעסער אויס־טרינקען אַ „לחיים" און טאַקע אויפזינגען אַן יידיש ליד — האָב איך פאַר־געלייגט.

— ביסט גערעכט, יואליק, האָט זיך אַריינגעמישט טעמע, גרייטנדיק צום טיש. דער סוף איז אַ גוטער, איז אַלץ גוט — אַבי מיר זעען זיך ווי־דער. אויך מיין ברודער האָט מען פאַרמינערט זיין שטראָף אויף אַן העלפט. הלוואי מיר זאָלן זיך זען אין גיכן...

— לחיים! לחיים!

„טייערע טעמע
געזונט זאָלסטו זיין!
גיס אָן די בעכער,
די בעכער מיט וויין..."

מיט דעם ליד האָבן מיר אָנגעהויבן דעם פייערלעכן אָוונט.

דאָס איז געווען דער גוטער אָנהייב. ווער פון אונדז האָט נישט ליב געהאַט צו זינגען יידישע פאָלקסלידער? דאָס גאַנצע ביכעלע מיט פאָלקס־לידער פון קיפּניסן און זעליגפעלד האָבן מיר געקענט, כמעט אַלע. ביי משהן האָט זיך נאָך אויסבאַהאַלטן די לידער־זאַמלונג. נו, האָבן מיר זיך געלאָזט ווילגיין. געזונגען ליד נאָך ליד. זיי האָבן אונדז פאַרשיכורט מער פונעם וויין...

— עך, די פאַרשאָלטענע פאַשיסטן האָבן אויסגעמאָרדעט אונדזערע נאָענטסטע און בעסטע, אונדזערע האָבן באַרויבט אונדזער גייסט, אונ־דזער נשמה. קולטור און שפּראַך...

— נישט נאָר באַרויבט, נאָר אויך פאַרניכטעט די בעסטע יידישע שרייבער, אַרטיסטן און קינסטלער. ערשט היינט האָב איך זיך דערוווּסט, אַז נאָך אין יאָר 1952 זענען אומגעבראַכט געוואָרן: פּרץ מאַרקיש, בערגעלסאָן, האָפשטיין, אַלע... אַלע... ווּ זענען זיי די זוסקינס, מיכאָעלס? ווער האָט זיי פאַרשוויגן אויף אייביק? אויף אייביק!

שאַ, שטיל, אין טיפן טרויער און ווייטיק זענען די אומגעריכטע שוי־דערלעכקייטן אַרויסגעבראַכט געוואָרן. מיר האָבן זיך אַלע אויפגעשטעלט און אין שטילשווייגן געשטאַנען. מיר האָבן זיך מתיחד געווען מיט די אומ־געקומענע...

— איין האָפענונג און טרייסט האָבן מיר — דאָרטן אין מזרח, ווּ די זון האָט אויף ס׳ניי אויפגעשיינט פאַר אונדז יידן. — האָב איך שטיל אַרויס־געפּליסטערט.

— אָבער די מיליאָנען יידן, וואָס זייער גורל איז צו בלייבן דאָ? קיינער וויל נישט אָפּשטאַרבן! צי האָבן מיר ווייניק קרבנות געגעבן דער רעוואָ־לוציע, דער מלחמה? אַלע, אַלע האָבן שולן, אַ טעאַטער, אַ פּרעסע אויף זייער שפּראַך. מיט וואָס זענען מיר ערגער פון אַלע? לאָזט אונדז לעבן און זיך אויסלעבן, אָדער לאָזט אונדז אַוועק פון דאַנען!...

אומגעריכט איז אַריינגעקומען די עלטערע טאָכטער. שוין אַ סך יאָרן האָב איך זי נישט געזען. זי איז דאַן געווען אַ מיידעלע אין קינדער־גאָרטן, איצט איז זי שוין אַ שילערין פון 10טן קלאַס, אַ קאַנדידאַטין צו באַקומען

די מאַטורע. זי האָט מיר דערלאַנגט די האַנט, כאָטש זי האָט מיך נישט דערקענט, נאָר געהערט וועגן מיין קומען.

— ווען זי האָט פאַראַיאָרן שוין באַקומען אַ פּאַס, האָט זי זיך זייער געוווּנדערט, הלמאי איז אין אים פאַרצייכנט, אַז זי איז אַ „יעווריקע״ — אַ יידישע טאָכטער.

— מיט וואָס בין איך אַן יידישע? — האָט זי געטענהט. — נישט איך קען אפילו אַן יידישן אות, נישט איך קען די יידישע געשיכטע. יאָ, איך פאַרשטיי יידיש, אָבער רעדן קען איך נישט.

— פון דאַן אָן זינגען מיר צוזאַמען יידישע פאָלקס־לידער, מיט גרויס אינטערעס הערט זי אויס מיינע דערציילונגען וועגן דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק, שמחת־תורה איז זי געגאַנגען צו דער שול טאַנצן מיט דער חברה, אויך איצט איז זי געגאַנגען צו אַ חברטע, וואָס האָט אַ ראַדיאָ־אָפּנעמער, כדי צו הערן די אוידיציע פון „קול ישראל״. ביי אונדז איז בלויז אַ ראַדיאָ־פונקט, ביי אַלע דריי שכנים ליאַרעמט ער פון אין דער פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט דאָס זעלבע. מיר טאָרן קיין אַנדער ראַדיאָ נישט האָבן...

אַזוי האָט מיין חבר מיט שטאָלץ אין די אויגן זיך אַרויסגעזאָגט וועגן זיין יידישער טאָכטער. אין אירע אויגן האָב איך באַמערקט אַן אויסדרוק פון מיטשטימען מיט זיינע רייד. דאָך איז זי געווען פאַרזיכטיק און זיך נישט אָנגערופן אַפילו מיט קיין וואָרט...

## די באַגעגעניש מיט טוליען

בשעת מיין פּרוּוי איז געווען ביי מיר אין לאַגער קניאַז־פּאָגאָסט אויף דער זעווּנג, האָט זי מיר דערציילט אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד: וואַרטנדיק אין מאָסקווע אויף אַ טראָליי בוס, האָט זי באַמערקט, ווי איינער אַ יונגערמאַן, אין די פערציקער יאָרן, קוקט אויף איר, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט דערמאָנען, ווו האָט ער זי געזען. ער איז איר אויך אויסגעקומען קענטלעך. ווען

דער טראָליייבוס איז אָנגעקומען, זענען זיי ביידע אין אים אַריין. זי האָט פאַרנומען אַ פּלאַץ און ער איז שטיין געבליבן נעבן איר.

— אַנטשולדיקט! — האָט ער זיך פּלוצים געווענדעט צו איר מיט אַ שמייכל. צי רופט מען אייך נישט מיננאַ?

— יאָ, מיננאַ. און אייך?

— מיך טוליע. איר זענט יואליקס ווייב. איך געדענק אייך פון וואַרשע.

— טוליע? טולי גערמאַן? איר זייט אַ קינסטלער?

— אַזוי איז עס. דער זעלבער טוליע. אַזוי פיל יאָרן שוין אַריבער און איך האָב אייך דערקענט. ווו איז אייער מאַן? איר ענטפערט נישט. צי לעבט ער, חלילה, נישט?

— חס וחלילה! ער לעבט. אָט פאַר איך צו אים גאָר ווייט אויף אַ זעונג. נאָר דאָ איז נישט דאָס פּאַסיקע אָרט וועגן דעם צו רעדן.

— אָט האָט איר מיין אַדרעס, איך בעט אייך, קומט אַריין צו מיר!

— צוריקוועגס וועל איך זיין ביי אייך, טוליע.

— וועל איך וואַרטן אויף אייך! צום ווידערזען, מיננאַ. איך גיי שוין אַראָפּ.

זיין וויזיט־קאַרטל מיטן אַדרעס האָט מינדעלע צופעליק איבערגעלאָזט ביי מיר. צי האָט זי זיך געזען מיט טוליען — ווייס איך נישט. איך האָב באַשלאָסן מיט אים זיך צו טרעפן. פונעם 1939סטן יאָר האָב איך אים נישט געזען. שוין 16 יאָר אַריבער...

אַרום 11 אין דער פרי האָב איך שטיל אָנגעקלונגען אין זיין טיר. ער, טוליע, האָט די טיר געעפנט, אַ קוק געטאָן אויף מיר און נישט דערקענט.

— איך בין איצט שטאַרק פאַרנומען, איך קען איצט קיינעם נישט אויפנעמען — האָט ער זיך פאַרענטפערט.

— אפשר וועל איך קומען אַן אַנדערש מאָל — האָב איך זיך אָנגע־רופן און פאַרקערעוועט מיינע טריט אַראָפּצוגיין פון די שטיגן.

— יואל! — האָט ער אויסגעשריען. זייט מיר מוחל, טייערער. איך האָב אייך דערקענט אין קול. זעט נאָר, יואל מיט אַ באָרד. קומט אַריין, איך בעט אייך! — ער האָט מיך אָנגענומען ביי דער טאַליע און ווי מיט כוח אַריינגעשלעפט צו זיך אין צימער.

— זייט באַקאַנט, נאַטאַשע, מיט מיין צווייטן פאָטער. אַזאַ אומגעריכ־טער גאַסט!

אויף אַ פאָטעל איז געזעסן אַ יונגע פרוי, אַ קריסטין, מיט העל־בלויע אויגן, מיט צעפּאַטלטע פלאַקסענע האָר, אַ פאַרריסן נעזל, מיט אַ ברייטן שמייכל אויף די ליפּן. מיין בליק איז געפאַלן אויף איר גאָר הויכן בויך. איך האָב זי דערזען צוויי מאָל איינצייטיק: איין מאָל פאַר זיך, דאָס צווייטע אויפן בילד, וואָס טוליע האָט געמאָלן מיט רוישיקע בוימל־פאַרבן. איצט האָב איך פאַרשטאַנען די סיבה פון טוליעס האַנדלונג. ער איז געווען אין אַן אַנדער וועלט פון שאַפן. די אַרבעט האָט געפאָדערט שנעלקייט, ווייל יעדער מינוט אַן איבעריקע וואָלט אים געשטערט צו פאַרענדיקן זיין וויכטיקע אַרבעט.

איך האָב זיך אָוועקגעזעצט אויף דער קעגנאיבערדיקער סאָפע און ער האָט פאָרגעזעצט זיין אַרבעט. איך האָב באַטראַכט דאָס כמעט פאַרענדיקטע בילד און באַוווּנדערט זיינע פעיקייטן און טאַלאַנט.

— ווו האָט ער זי געפאַקט? ס׳איז ריזיקאַליש צו אויפהאַלטן אַ פרוי אין אַזאַ צושטאַנד — האָב איך געטראַכט. זי קען דאָ פאַר אים אָפּשפּילן אַ קונץ — ער זאָל מוזן דאָס קינד אָפּנעמען, ווי גאָרקי האָט אַמאָל אָפּגע־נומען דאָס קינד ביי דער פויערטע אין פעלד.

אין שטוב, וואָס האָט פאַרמאָגט בלויז איין פענצטער, מיט אַ בליק אויפן הויף, האָט געהערשט אַן אַרטיסטישע אומאָרדענונג. טוליע אַליין איז אויסגעוואַקסן גאָר הויך, געגנוג מאָגער, די שטריכן אויף זיין געל־בלאַסן געזיכט זענען שפּיציקע, די פאָדערשטע ציין — ווילד צעוואַקסענע, ווי לאָ־פּעטעס און די יידישע נאָז מיט אַן האָרביקל האָט פאַרנומען אַ היפּשן פּלאַץ אויפן פנים. נאָר די אויגן זיינע, טיפע און שוואַרצע, פאַרחלומטע, ווי פון אַן אַנדער־וועלטיקע — האָבן עדות געזאָגט, אַז זיי געהערן צו אַ קינסט־לער.

זיצנדיק, אין האַלבן דרימל, דערמאָן איך זיך אין אַמאָל, אין יאָר 1927, אין וואַרשע. איך, דוד און זלמן — דריי בעסטע חברים־סטודענטן אויף דזיעלנע־גאַס, אַנטקעגן דעם פּאַוויאַק.

נאָך די זומער־וואַקאַציעס, נאָר־וואָס זיך אומגעקערט פון דער היים. מען טיילט זיך מיט די איינדרוקן. דוד דערציילט, אַז ביי זיי אין מעלניצע האָט ער באַגעגנט אַ בחורל מיט אַ נשמה פון אַ קינסטלער. ער איז נאָך קיין 15 יאָר נישט אַלט, קוים געענדיקט די פאָלקס־שול און מאָלט בילדער מיט אַ בלוי־רויטן בלייפעדער, אויסטערלישע בילדער: פּייזאַזשן, נאַטורמאָרט — ממש זיך צו אַנטציקן. און אַזאַ ווינט אין בלאָטיקן שטעטל און די וועלט וועט פאַרלירן אַזאַ טאַלאַנט...

— לאָמיר אים אַריבערנעמען קיין וואַרשע, צו אונדז — האָט זיך אָנ־גערופן זלמן.

— איך האַלט אויך אַזוי — האָב איך צוגעגעבן. מיין טאַטע האָט זיך געקענט אַן עצה געבן מיט 14 קינדער, וועלן מיר זיך מיט איינעם אויך אַן עצה געבן...

פון שמועסן זענען מיר אַריבער צו מעשים. צו אונדז איז אָנגעקומען פון מעלניצע אַ דאַרינקער יאַט, וואָס איז געווען צו הויך פאַר זיינע 15 יאָר. אַ חדר־יינגל אין אַ קאָרטענעם אָנצוג, וואָס איז לעפיש געלעגן אויף אים, אַ שעמעוודיק פּנים, מיט טיפערע שוואַרצע אויגן, וואָס זענען געווען צו ערנסט פאַר זיין עלטער. פאַר אים פלעגן מיר צושטעלן אַ צוזאַמענשטעל־בעטל אויף ביינאַכט. פעיקייטן צו צייכענען האָט ער זיכער פאַרמאָגט, אָבער קיין אַלגעמיינע בילדונג נישט. איך האָב זיך פאַרנומען אים גרייטן צו עקס־טערנע עקזאַמענס. מיט זיין חשק און פעיקייטן האָבן מיר אַ סך באַוויזן אויפצוטאָן. ער איז דעם עקזאַמען אַדורך. דאַן האָט מען אים צוגענומען אין דער מאָלעריי־שול, אויף סענאַטאָרסקע־גאַס.

מיר אַלע האָבן זיך געטיילט מיט אונדזער „זון" מיטן לעצטן ביסן, די דערנערונג איז דאָך נישט געווען קיין גענוגנדיקע. מיר פלעגן פאַרקויפן אויף סוויענטאָיערסקע־גאַס אייניקע פון טוליעס בילדער פאַר אַ ביליקן פרייז, אָבער דאָך איז אונדז צונוצגעקומען. ביז איין מאָל איז זלמן קראַנק געוואָרן אויף אַ פאַרקילונג, מיר האָבן איינגעלאַדן אַ דאָקטאָר, איינצייטיק האָבן מיר אים געבעטן צו באַטראַכטן טוליען, וואָס פלעגט אָפט הוסטן אין די נעכט און עפּעס אַ פוילקייט האָט זיך געפילט אין זיינע באַוועגונגען.

איך האָב באַגלייט דעם דאָקטאָר אין דרויסן. פּאַרזיכטיק האָט ער מיר מודיע געווען, אַז טוליע איז געפערלעך קראַנק אויף די לונגען און נויטיקט זיך אין היילונג אין אַ סאַנאַטאָריע פאַר לונגען־קראַנקע. ס׳איז געווען פאַר אונדז אַ שרעקלעכער קלאַפּ. צוריקשיקן אים צוריק אין שטעטל אַריין איז פאַר אים געפערלעך, אין אַ סאַנאַטאָריע — האָבן מיר נישט קיין מעגלעכ־קייטן. נאָר דאָך האָט זלמן זיך איבערגעשמועסט מיטן רעדאַקטאָר פונעם „היום״ העפּטמאַן און געפּועלט מען זאָל שאַפן מיטלען דורך דער צייטונג, דורך אַ קייט פון זענדונגען לטובת „דעם קראַנקן קינסטלער״. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז ער שוין געווען אין סאַנאַטאָריע „בריאות״, אין אָטוואָצק.

די גוטע לופט, די ספּעציעלע באַדינגונגען און היילונג האָבן טוליען געשטעלט אויף די פיס. דאָרט האָט ער נאָך מער געמאָלן אין סאָסנאָווון וואַלד. די ווענט פון דער סאַנאַטאָריע זענען באַהאָנגען געוואָרן מיט זיינע בילדער. מיר פלעגן אָפט אים באַזוכן, פריער אַלע דריי, לויט דער ריי. ווען דוד מיט זלמנען זענען אַרויסגעפאָרן קיין נאַנסי, כדי פאָרצוזעצן זייער ביל־דונג, פלעג איך איינער אַליין צו אים פאָרן. גאָר אָפט פלעגן מיר אים באַ־זוכן, איך און מינדעלע, ווען איך בין אַריבער אַרבעטן אין אַנשטאַלט פאַר דעפעקטיווע קינדער אין אָטוואָצקער „צענטאָס״. די פּויליש־דייטשישע מל־חמה, אין יאָר 1939, האָט אונדז צעשיידט. פון דאַן אָן האָב איך געהאַלטן, אַז אויך טוליע האָט געטיילט דעם גורל פון אַלע יידן אין אָטוואָצק. און אָט — זיץ איך ביי אים אין שטוב, און אַנטציק זיך מיט זיין טאַלאַנט און רייפ־קייט...

זייענדיק טיף אַריינגעטאָן אין מיינע מחשבות און דערמאָנונגען, האָב איך אפילו נישט באַמערקט, אַז די מאָדעלקע איז שוין אַוועק.

— איך מיין, אַז דו, יואל, ביסט נישט ברוגז אויף מיר פאַר מיין קאַל־טער אויפנאַמע. אַזאַ שאַנס צו מאָלן אַ שוואַנגערדיקע פרוי, וואָס איז אָט, אָט פאַרן גיין געבוירן — טרעפט זיך זעלטן. ווי געפעלט דיר דאָס בילד? ווי מיינסטו, איך האָב זיך אַ רוק געטאָן פאָרויס, האַ?

געוויס! מען קען שטאָלץ זיין מיט דיר. מיך אינטערעסירט אָבער צו וויסן, ווי אַזוי ביסטו לעבן געבליבן און באַוויזן אַזוי פיל אויף דיין וועג, אַלס קינסטלער?

— וועגן אַלץ וועל איך דיר דערציילן. נאָר פריער מוזן מיר פרישטיקן. איך האָב נאָך היינט גאָרנישט געעסן.

אויפן טיש האָבן זיך באַוויזן זעמעלעך און פוטער, די וואַסער אין טשייניק האָט זיך שוין געקאָכט, אפילו אַ פלעשל מיט משקה איז אויך געווען.

— לחיים! פאָרן לעבן בלייבן! אויף צו להכעיס די שונאים, די פרעמדע און די אייגענע!

עסנדיק האָט טוליע מיר דערציילט אין קורצן: אַנטלאָפן פון אָטוואָצק, נאָך דעם ווי „צענטאָס״ איז באָמבאַרדירט געוואָרן. ביי לובלין זיך פאַרהאַלטן, שיער נישט אַריינגעפאַלן צום דייטש. אַוועק אין דער רויטער אַרמיי, געקעמפט מיט מסירת נפש, עטלעכע מאָל פאַרווונדעט געוואָרן, דאָך לעבן געבליבן און דערלעבט די מפלה פון די פאַשיסטן און אונדזער נצחון. דערנאָך געענדיקט די מאָסקווער אַקאַדעמיע, דעם צימער באַקומען. זיינע אַרבעטן געפינען זיך אויף דער אַלסאָוויעטישער אויסשטעלונג. פאַראַיאָרן באַזוכט וואַרשע, געטראָפן זיך מיטן ברודער, די שוועסטער איז שוין אַוועק קיין ישראל. אויך דודן האָט ער געזען, ער איז אַן אָנגעזעענער כלל־טוער צווישן די יידן אין פוילן. נאָר זלמן איז אומגעקומען, מען זאָגט, אַז צוזאַמען מיט אלתר קאַציזנע, ערגעץ אין לעמבערגער געגנט.

— און בלייבן אין פוילן, אָדער פאָרן צו דיין שוועסטער האָסטו נישט קיין חשק?

— צו וואָס? דאָ אַרבעט איך און האָב דערפאָלג. דערווייל בין איך אַליין, מעגלעך, אַז איך וועל נאָך חתונה האָבן. מאָסקווע גיט מעגלעכקייטן צו וואַקסן. קינסטלער זענען אויך דאָ נישט איבעריק. איך האָב דאָ פאַרענדיקט די קונסט־אַקאַדעמיע!

— אויך איך האָב אַדורכגעמאַכט אַן „אַקאַדעמיע״ אין די צפונדיקע לאַגערן, אָבער נישט פאַרענדיקט. אָנשטאָט 10 יאָר האָב איך בלויז צוויי מיט אַן האַלבן יאָר געבידעוועט.

— דאָרט האָסטו זיך אַ באָרד פאַרלאָזט? ס׳פּאַסט דיר! דו געדענקסט דעם פילם: „דער איבעריקער מענטש״, מיט עמיל יאַנינקס. אַזוי זעסטו אויס. וואַרט, וואַרט, אָט וועל איך דיך אויפכאַפּן...

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט אַ דורכדרינגלעכן בליק, געכאַפּט אַ זייטל פּאַפּיר און מיט אַ בלײַפעדער מיך געצייכנט. בלויז געציילטע מינוטן האָט עס געדויערט און דער סקיץ איז אים גאָר געלונגען.

— יאָ, טאַקע ענלעך צו יאַנינקסן, איך דערמאָן זיך אים. איך בין אָבער נישט קיין איבעריקער מענטש, ווי ער. נישט פאַר מינדעלען, נישט פאַר מאַרקסן און נישט פאַר זיך אַליין... נישט קיין איבעריקער — האָב איך מיט האָפענונג איבערגעחזרט...

מער האָב איך זיך מיט טוליען נישט געטראָפן. ערשט דאָ, אין ישראל, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז נאָך אין פּוילן האָט ער געהאַט אַ פרוי און אַ קינד. זיי זענען אומגעקומען אין געטאָ. אויך דאָ, אין מאָסקווע, האָט ער, אויף די עלטערע יאָרן, חתונה געהאַט, אָבער גאָר אין גיכן איז ער קראַנק געוואָרן אויף די לונגען און... געשטאָרבן...

## ביים גענעראַל-פּראָקוראָר

ווי נאָר איך האָב דערהאַלטן די זיבן הונדערט רובל, וואָס מיין פרוי האָט מיר געשיקט, האָב איך באַשלאָסן זיך צו קויפן אַן אָנצוג. מען האָט מיר געראָטן קאַיאָר, נאָך פאַרן עפענען פון דעם אוניווערמאַג, זיך שטעלן אין דער ריי, כדי צו זיין פון די ערשטע. אַזוי האָב איך געטאָן.

— אויף אייער מאָס וועט איר זיכער נישט באַקומען קיין אָנצוג — האָט זיך אָנגערופן צו מיר אַן הויכער, דאַרער יונגערמאַן, וואָס איז געשטאַנען הינטער מיר.

— זיכער נישט — האָט אים אונטערגעהאַלטן אַן עלטערע פרוי, וואָס איז געשטאַנען אין דער ריי פאַר מיר. — היינטיקס יאָר האָט מען דאָ „אַרויסגעוואָרפן" ווינטערדיקע אָנצוגן ביז נומער 50, איר באַדאַרפט זיכער אַ 52ער, אויב נישט קיין 54ער.

איך וויל זיך בכלל נישט אַריינלאָזן אין קיין געשפרעך, כדי איבערצורייסן די רייד, וואָס קענען נאָך קומען, זאָג איך זיך אַרויס:

— מילא, איך שטיי שוין, וועל איך וואַרטן. אַ ברירה האָב איך?

כל־זמן דער אוניוועַרמאַג איז געווען פאַרמאַכט, איז די ריי געוואַקסן און מען איז געשטאַנען אין אָרדענונג. ווי נאָר מען האָט געעפנט די טירן, האָבן זיך מענגעס מענטשן פון דער ריי צעשיט און געלאָפן, ווי אַ נישט־גוטער וואָלט זיי געיאָגט, אויף די שטיגן אַרויף. איך בין נאָכגעלאָפן דער עלטערער פרוי, וואָס איז געשטאַנען פאַר מיר. אויפן דריטן שטאָק האָט זיך דערווייל שוין פאָרמירט אַ פרישע ריי. איך האָב געוואָלט זיך שטעלן נאָך דער פרוי. מען דערלאָזט נישט. צוליב מיין אַמפערן זיך איז מיר אויסגעקומען צו זיין כמעט פון די לעצטע.

— היינט איז אַ לעבעדיקע ריי! — האָבן אַלע געשריגן מיט אַ מאָל. ווער ס׳פאַרכאַפּט פריער — דער שטייט. אומזיסט בין איך אויפגעשטאַנען אַזוי פרי און געשטאַנען איבעריקע פאָר שעה אויף די פיס.

לויט די שמועסן, וואָס איך האָב געהערט, זענען דווקא היינט פאַראַן אַנצוגן פון די העכערע נומערן. צי וועט קלעקן אויך פאַר מיר — גיי טרעף!

פלוצים דערנענטערט זיך צו מיר דער דאַרער יונגערמאַן און מיט אַ שפּאָטיש געלעכטערל רייצט ער זיך מיט מיר, אַז איך בין צו ווייט פאַר־קראָכן און צו מיין אָרט וועט מען נישט דערגיין, ווייל די צאָל אַנצוגן, מיט גרעסערע מאָסן, זענען ווייניק.

— בירגער, גיט ער אַ זאָג — איך שטיי אין סאַמע אָנהויב פון דער ריי. גיט אַ פינפערל וועלן מיר זיך בייטן. איך דאַרף סיי ווי נישט קיין גרוי־סע מאָס.

— מסכים. צי וועט מען מיך אָבער אַריינלאָזן אויף אייער אָרט?

— קומט! דער פעטער וועט מיך פאַרטרעטן — ווענדעט ער זיך צו די מענטשן אין ריי.

אַלע שווייגן און איך פאַרנעם זיין אָרט. פאַר די מענטשן איז דאָס קיין נייעס נישט. דער אַנצוג איז אַ ווינטערדיקער פון גרעבערן, גערונצלטן שע־וויאָט, נומער 52. ער איז אויף מיין מאָס. דער פאַרקויפער שרייבט אויס פאַר מיר אַ צעטל צו דער קאַסע. דאָ איז שוין אַ קלענערע ריי, בלויז אויף מינוטן. איך באַצאָל און אייל זיך אין אַ פרישער ריי, ווו מען נעמט אָפּ די סחורה. ענדלעך, אַרום 10 בין איך שוין פאַרטיק. איך כאַפּ זיך אַריין צו

בנימין יעפימאָוויטשן, אין זיין באָד־צימער, בייט איבער דעם אָנצוג, דעם לייכטן אַלטן אָנצוג אויף דעם שווערן — דעם נייעם. עס איז אפילו צו הייס אין אים, אָבער עס פּאַסט מיר. איך אייל זיך צום גענעראַל־פּראָקוראָר.

אַ פּאַרשוויצטער גיי איך אַרויף אויפן דריטן שטאָק. דאָס האַרץ קלאַפּט שטאַרקער, ווי שטענדיק, דער אָטעם אָפּגעהאַקט, עס אָטעמט זיך שווער־לעך. מיין פריערדיקער וויזיט צו וואַראָשילאָוון האָט מיך היפּש אָפּגעקילט. בלויז אַ פונק פון האָפענונג צאַנקט ביי מיר אין מוח.

אויך דאָ איז אַ גרויסער זאַל, פול מיט מענטשן, מערסטנס פרויען. שטיל פאַרנעם איך אַן אָרט אין דער זיצנדיקער ריי צום שרייבטיש.

נישט ווייט פון מיר זיצט אַ מיטליעריקע פרוי און כליפּעט שטיל. קיי־נער לייגט נישט קיין אַכט אויף איר, מען איז שוין געוווינט דערצו. אויך די סעקרעטאַרין מיט די פּענסנע־ברילן טוט זיך איר אַרבעט קאַלטבלוטיק און רויִק, מיט געמאָסטענע באַוועגונגען. הערט אויס, זאָגט־אָפּ איר סטאַנדאַרטן פּסוק און וואַרט ביז דער פּערזאָן וועט שוין אָפּטרעטן זיין אָרט אַ צווייטן.

אַרום צוועלף בין איך שוין געזעסן ביי איר טיש. איך האָב נישט גע־וואַרט אויף פראַגן און אַליין אָנגעהויבן דער ערשטער:

— איך דאַרף זיך זען מיטן גענעראַל־פּראָקוראָר. איך בעט אייך מיך צו פאַרבינדן מיט אים טעלעפאָניש.

— דער גענעראַל־פּראָקוראָר נעמט נישט אָן בכלל קיין באַזוכער. איר מיינט אוודאי איינעם פון זיינע פאַרטרעטער.

— איך האָב געמיינט. מילא זאָל זיין זיין פאַרטרעטער.

— פאַרשרייבט זיך אין דער ריי, גיט אָן אייער אַדרעס — וועלן מיר אייך אַרויסרופן.

— איך האָב קיין אַדרעס נישט. איך קום איצט פונעם לאַגער. איך קען נישט וואַרטן, ווייל איך האָב נישט ווו צו נעכטיקן.

די סעקרעטאַרין האָט אַ בליק געטאָן אויף מיין נייעם ווינטער־אָנצוג, אויף די ריטשקעלעך שווייס, וואָס זענען גערונען אויף מיין פּנים, פונעם שטערן אַראָפּ, אויף מיין פאַרקיילעכדיקער באָרד און מידע, אומעטיקע אויגן און האָט אַרויסגעזאָגט דייטלעך וואָרט ביי וואָרט:

— אויסנאַמווייז וועל איך פועלן מען זאָל אייך אויפנעמען מאָרגן, אַרום 11 פרי. אויפן צווייטן שטאָק. פּילט אויס די אַנקעטע. זעצט זיך דאָרטן,ביים קליינעם טישל.

איך האָב זיך איבערגעזעצט און מיט ישוב הדעת געגעבן ענטפערס אויף די פראַגן פון דער אַנקעטע. במשך פון דער צייט האָט די סעקרעטאַרין שוין באַוויזן אויפצונעמען עטלעכע אינטערעסאַנטן.

ווען איך האָב איבערגעגעבן די אויסגעפולטע אַנקעטע, האָט זי בליץ־שנעל זי איבערגעקוקט און איז אַרויסגעגאַנגען אין דערנעבנדיקן צימער. איך האָב געהערט, אַז זי האָט גערעדט דורכן טעלעפאָן. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זי רעדט וועגן מיר. אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז זי אַריינגעקומען און מיר געמאָלדן:

— מאָרגן פרי, אַרום 11, אויפן צווייטן שטאָק, צימער נומער 46.

איך בין געווען צופרידן. פּאָרט עפּעס געפּועלט. איך בין אַרויס אין דרויסן. אַזאַ ספּעקטאַקל! מען קען צעשמאָלצן ווערן. מעגלעך, אַז מיין ווינטערדיקער אָנצוג האָט מיר געגעבן דאָס געפיל פון היץ. און אפשר האָט די קעלט פון צפון מיך אָפּגעוווינט פון פּשוטער וואַרעמקייט? ניין, ס׳איז טאַקע הייס. אַ סימן, די לאַנגע רייען נאָך סאָדע־וואַסער אויף די ראָגן, די מענער אין די הויזן בלויז און ווייסע העמדער, וואָס ווישן מיט די טיכעלעך דעם שווייס. אפילו דיביימער שטייען פאַרשמאַכט און באַוועגן זיך קוים, קוים. פון דעם געדאַנק אַליין, אַז באַלד וועל איך זיך אויסבאָדן מיט קאַלטער וואַסער, זיך איבערטאָן אין אַלטן אָנצוג — ווערט מיר שוין קילער. איך האָב אַרונטערגענומען דעם פּידזשאַק און געטראָגן אויף דער האַנט. איך בין גלייך אַריין אין באָד־צימער, אַרונטער אונטערן דוש און פרייער אָפּגעאָטעמט. דערצו דער פונק פון האָפענונג, די סביבה פון אַלטע גוטע פריינד און ס׳וואַרט אויך היינט אויף מיר דער געשמאַקער מיטאָג פון סאַמע קרעמל געבראַכט. צי קען איך דען פאַרגלייכן מיין איצטיקע לאַגע מיט דער לאַגע אויפן ווייטן, קאַלטן צפון, ווו מיין בידנע האַרץ האָט געמוזט אַרבעטן פאַר צוויי, כדי צו באַקומען גענוג זויערשטאָף, ווען איך בין אַרומגערינגלט געווען מיט פאַרביטערטע, אומגליקלעכע מענטשן?

נישט קיין שלעכט מיטל: דער ביטערער נעכטן קען פאַרזיסן דעם היינט!...

## דער פּראָפעסאָר

מיט נאָום זינאָוויעוויטשן האָב איך זיך באַקענט אין יאָר 1947 אין סוטשי, אויף קאַווקאַז, ביי די רחבותדיקע ברעגן פונעם שוואַרצן ים. מיר האָבןביידע פאַרבראַכט אונדזער אורלאָב אין דעם פּענסיאָנאַט „קאַווקאַזקאַיאַ ריוויעראַ". מיר האָבן געוווינט אין שכנותדיקע צימערן, צוזאַמען זענען מיר געפאָרן צו די שוועבל־בעדער. אין די פרייע אָונטן פלעגן מיר שפּאַצירן צוזאַמען איבער די גאַסן פון דער שטאָט מיט די נאַקעטע אייקאַליפּטוסן, שלאַנקעביימער מיט צעצווייגטע גרינע קרוינען. זיי וואַקסן זייער שנעל און שלינגען איין אין זיך די פייכטקייט, טריקענען זיי טאָקע אויס די זומפּן. זיי זענען אויך דעקאָראַטיוו שיין מיט זייער העלער קאָרע, וואָס מאַכט אַן איינדרוק פון נאַקעטקייט.

אויך די מיטלווזקסיקע ביימער, באַדעקטע מיט פיאָלעטע בלומען, וואָס לאָזן זיך הערן מיט זייער ספּעציפישן ריח, האָבן באַוווּנדערט די טוריסטן, ווי איך און נאָום.

ער — נאָום איז געווען יינגער פון מיר, נאָר זיין אויסערלעכער אויסזען איז געווען מער סאָלידער און געשטעלטער פון מיינעם. אַ סאָלידע רויקייט האָט געהערשט אין זיינע באַוועגונגען, זיין בלאָנדע טשופּרינע איז געוואָרן צעשויבערט פונעם קלענסטן ווינטל, זיינע יידישע, קלוגע אויגן האָבן עדות געזאָגט, אַז ער, נאָום, איז אַ מענטש אַן ערנסטער, פאַרמאָגט וויסן און אינטערעס צו גייסטיקע ענינים.

קיין סך האָט ער נישט גערעדט, אויסגעהערט דעם מיטשמועסער מיט אינטערעס. אין געציילטע ווערטער פלעגט ער ענטפערן, אָבער וואָגיק, קלוג און אינהאַלטפול. אפשר דערפאַר האָבן מיר זיך ביידע געחברט, ווייל איך בין געווען דער היפוך פון אים: מיינע באַוועגונגען לייכטע, שמייכלענדיקע

אויגן, מיין רעדן מער שפּילעוודיק. ביי יעדער געלעגנהייט האָב איך ליב געהאַט צו זינגען און עפּעס צו דערציילן.

ערשט ביים געזעגענען זיך האָב איך באַקומען פון אים זיין וויזיט־קאַרטל מיט דער באַצייכענונג: פּראָפעסאָר. מאָסקווע. —

עס איז געווען פאַר מיר אַן אָנגענעמע איבעראַשונג. אין אונדזערע שמועסן פלעגט ער דערציילן וועגן דעם ווין־קאָלכאָז, וואָס זיין פאָטער האָט געגרינדעט אין קרים, אַז ער האָט זייער ליב געהאַט צו ציכטן פאַרשידן־סאָרטיקע וויינטרויבן, ער האָט זיך געגרויסט מיט דעם, וואָס דער יידישער קאָלכאָז האָט זיך גערעכנט פאַר אַ „מיליאָנער" און געאַרבעט האָבן אין אים בלויז פּעיקע און האָרעפּאַשנע יידן.

דער קאָלכאָז האָט אים געשיקט זיך לערנען און דווקא אויף אַ געביט, וואָס האָט גאָר ווייניק געהאַט צו טאָן מיט ערד, מערסטנס מיט די הימלען.

איז ער אַ פּראָפעסאָר. אַ פּראָפעסאָר און אַזאַ פּשוטער אין זיין באַנעמונג, מיט אַזאַ וואַרעמער ליבע צו אַן יידיש וואָרט, צו אַן יידיש ליד. נישט איין מאָל פלעגן מיר שמועסן וועגן אונדזערע קלאַסיקער, וועגן די סאָוויעטישע יידישע שרייבער. מיר האָבן שטענדיק געהאַט וועגן וואָס צו שמועסן.

וועגן דעם, אַז ער איז אַ פּאַרטיי־מאַן האָב איך זיך אָנגעשטויסן. ער האָט גאָר ווייניק דערציילט וועגן דער וויכטיקער ראָל, וואָס ער האָט געשפּילט בשעת דער מלחמה.

צופעליק האָב איך זיך דערוווּסט, אַז זיינע וועטער־פּראָגנאָזן האָבן די פליער אָנגעוויזן, צי מען מעג זיך אַרויסלאָזן אין די נעכט אין וועג אַריין, כדי צו באָמבאַרדירן דעם שונאס פּאָזיציעס און שטעט, אַז ער האָט באַקומען די העכסטע אויסצייכענונגען פון דער ראַטן־רעגירונג.

וועגן זיין פרוי און צוויי טעכטערלעך האָט ער דערציילט, אָבער גאָר ווייניק.

פאַר דער מלחמה האָט ער געוווינט אין אַן ענגער איינצימערדיקער דירה אין מאָסקווע. איצט האָט ער אַ פּרעכטיקע דירה הינטער מאָסקווע, ביי זיין אַרבעטפּלאַץ.

אין יאָר 1951 בין איך אַראָפּגעפּאָרן צו נאָומען צוזאַמען מיט מיין זון, ווען איך האָב זיך אומגעקערט פון אַן אויספלוג פון עסטאָניע און לענינגראַד.

דער קבלת פנים איז געווען פאַר אונדז אַן איבעראַשונג. זיין פרוי, אַ חנעוודיקע יידישע ברונעטין, מיט פעך־שוואַרצע האָר און טיפע, שוואַרצע אויגן, תמיד שמייכלענדיקע, האָט אונדז אַרויסגעוויזן אַזאַ היימישקייט, קרובהשע וואַרעמקייט, נישט ווייניקער פון איר מאַן. ביי דער ערשטער געלעגנהייט פלעגט זי אַריבערגיין אין איר געשפּרעך פון רוסיש אויף אַ פּאָלקסטימלעכן יידיש, ווי זי וואָלט זיך געגרויסט מיט דעם. זייערע יונגע טעכטער האָבן גערן פאַרבראַכט מיט מיין זון מאַרקסן, אַזוי, אַז מיר האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט צו שמועסן. דווקא אונדזער רעדן אויף יידיש האָט אונדז דערמעגלעכט צו זיין מער אָפנהערציק און פרייער. מיר האָבן געשמועסט וועגן דער ליקווידאַציע פון דער יידישער איינציקער צייטונג, וועגן מיכאָעלסן און אונטערגאַנג פונעם יידישן טעאַטער, בכלל פון דער יידישער קולטור, וועגן די אַרעסטן פון די בעסטע יידישע שרייבער און קינסטלער. וואָס וואַרט אונדז נאָך? און פאַרוואָס?

דערמאָנענדיק זיך אין דעם אַלעס, פאַלט מיר איין אַ געדאַנק אַראָפּצוכאַפּן זיך צו נאָומען. סיי ווי דאַרף איך ערשט אויפן צווייטן טאָג זיין ביים פּראָקוראָר. איך וועל באַווייזן זיך אומצוקערן אין דער צייט.

איך בין געפאָרן מיט דער אונטערשטאָטישער עלעקטרישער באַן. נישט מער פון 5 אָדער 6 סטאַנציעס. פאַרנאַכטצו בין איך אָנגעקומען אויפן אָרט. דאָס שטעטל איז היפּש זיך צעוואַקסן במשך פון די לעצטע 4 יאָר, אָבער די העכסטע געביידע, ווו עס וווינט נאָום זינאָוויעוויטש, זעט מען אַרויס פון ווייטנס. איז זי טאַקע געווען מיין וועגווייזער.

איך גיב אַ לייכטן קלונג אין דער אַריינגאַנגס־טיר. ער אַליין, דער פּראָפעסאָר, עפנט די טיר.

— צו וועמען דאַרפט איר, בירגער? — פרעגט ער מיך.

— צו איך, פּראָפעסאָר, צו אייך — ענטפער איך שטיל מיט אַ שמייכל.

— טאָ קומט אַריין! וואָס זשע שטייט איר אין דרויסן. קומט אַריין!

— איר דערקענט מיך נישט, נאָום זינאָוויעוויטש? די צייט און מיין באָרד...

— אוי! — האָט ער אויסגעשריען. — פערעל מיט אַ באָרד. שווער צו דערקענען, אין קול בלויז...

— ליאַ! קום אַהער! זע נאָר ס׳אַ גאַסט מיר האָבן! אדרבא, ליאַ, דער־קען ווער איז געקומען!

זיין פרוי ליאַ האָט זיך דורכדריגענדיק איינגעקוקט און דערקענט:

— יואל מאַרקאָוויטש, אַזאַ גאַסט! און מיט אַ באָרד! זי פּאַסט אייך, אָבער מאַכט אייך עלטער. אַ פּראָפעסאָר מיט אַ שטעל און אויסזען! וואָס איז אייך איינגעפאַלן? אַ באָרד גאָר!

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זיי האָבן נישט געוווסט, וואָס מיט מיר איז געשען.

— מיין באָרד? ס׳איז אַ קאַפּיטל געשיכטע, מיינע פריינד! אַ נו, טרעפט די רעטעניש:

אַ באָרד און נישט קיין לאָרד,
געבראַכט — נישט פון קיין גוט אָרט...

ביידע האָבן באַקומען ערנסטע פּנימער. ליאַ האָט זיך נישט איינגע־האַלטן:

— אויך אייך, יואל מאַרקאָוויטש, האָט עס נישט אויסגעמיטן?! נישט קיין שרייבער, נישט קיין קינסטלער, נאָר אַ לערער...

— מיט וואָס זענען לערער ערגער פון שרייבער און קינסטלער? די שרייבער האָט מען דערשאָסן און מיך, אַ לערער, באַפרייט פאַר דער צייט...

— דערשאָסן?! — האָבן ביידע מיט אַ מאָל אויסגעשריען. — פון וואַ־נען ווייסט איר עס?

— פון אַן אַלטן גוטן־פריינד, אַ באַלשעוויק, וואָס באַקומט שפּייז פון קרעמל...

דאָס איז בלויז געווען דער אָנהויב. ביז אין דער שפּעטער נאַכט אַריין האָבן מיר זיך אויסגערעדט די הערצער:

— אויף אונדזער אומוויסנהייט בויען זיי זייער פּאָליטיק.

— פון וואַנען זאָלן מיר וויסן, אַז די פּרעסע, דער ראַדיאָ, די טעלע־וויזיע זענען די איינציקע גייסטיקע שפּייזער אונדזערע. זיי פּאַרטומלען אונ־דזערע מוחות מיט דעם, וואָס זיי, פון אויבן, ווילן, אַז מיר זאָלן וויסן. קיינע

ידיעות פון אויסלאַנד — ס׳איז פאַרווערט, אפילו „קול ישראל״ הערט מען זעלטן און מיט שרעק. מיר האָבן אויערן — און הערן נישט. שרעק... אפשר אויך פחדנות...

— מיר יידן קאַרגן נישט אונדזערע מוחות, אונדזער וויסן, אונדזער ענערגיע — אַלץ פאַרן פאָטערלאַנד, פאַר דער צוקונפטיקער נייער געזעל־שאַפט און מיט וואָס ווערן מיר באַלוינט? מיט קוילן, מיט לאַגערן... זיי סמען אָפּ אונדזערע נשמות, זיי רויבן ביי אונדז אַוועק אונדזער קולטור, וואָס איז געשאַפן געוואָרן במשך פון טויזנטער יאָרן, זיי פאַרפרעמדן אונ־דזערע קינדער...

— יאָ, ליאָ, ווו זענען אונדזערע טעכטערלעך אַהינגעקומען? ס׳איז שוין שפעט!

אַ בולטער אומרו האָט זייביידע פאַרכאַפּט.

## ווייך געבעט — האַרט צו שלאָפן

פאַר אַכט אַ זייגער אין דער פרי, בין איך שוין געשטאַנען אין דער ריי ביים אוניווערמאַג, וואָס געפינט זיך נישט ווייט פונעם „גרויסן טעאַ־טער״. איך בין געשטאַנען אין דער ריי פון די, וואָס האָבן געוואָלט קויפן רעגן־מאַנטלען. ס׳איז מיר פאַרבליבן געלט. די צייט פון רעגנס האָט זיך דערנעענטערט — דאַרף מען טראַכטן וועגן אַ רעגן־מאַנטל.

אויך דער טאָג איז געווען אַ כמורנער, טונקעלע קלאַטשע־כמאַרעס האָבן געשפּאַצירט איבערן הימל — דער זיכערער סימן פון רעגנס. דער אַספאַלט איז נאָך נישט אויסגעטריקנט געווען פונעם נאַכטיקן רעגן. אין דער לופט האָט זיך געפילט אַ פייכטקייט. יעדע מינוט האָט מען זיך גע־קענט ריכטן אויף אַ פרישן רעגן.

היינט האָב איך זיך געפילט בעסער אין מיין נייעם ווינטער־אַנצוג. ס׳איז פאַרט קילער געווען.

אַרום עלף אין דער פרי האָב איך באַדאַרפט זיין ביים פּראָקוראָר. צי וועל איך באַווייזן? אַן אומרו האָט געגנאָגט דאָס האַרץ. דער געדאַנק איז געווען פאַרנומען מיט דער וויכטיקער נאָענטער באַגעגעניש. קיין גרויסע האָפענונגען האָב איך נישט געהאַט. אָפשלעפּן קענען זיי, אָבער קיין קאָנקרעטע דעציזיע גיבן זיי נישט. אַזאַ טאַקטיק האָבן זיי — דאָס האָב איך פאַרשטאַנען פון מיין וויזיט ביי וואָראָשילאָוון.

דאָס מאָל איז מיר פאָרט געלונגען צו קויפן אַ לאַנגן, ברוינעם רעגן־מאַנטל פון צייג און מיט אַן אימפּרעגנירטן אונטערשלאַג. דערצו האָב איך געקויפט אַ ברוינעם הוט פון געוואַנט מיט ברייטע פאַלעס. אַלץ האָב איך אָנגעטאָן אויף זיך. כ׳האָב אַ בליק געטאָן אין אַ שפּיגל און געווען מיט זיך אַליין צופרידן. קיינער וועט איצט נישט דערקענען אין מיר דעם לאַגערניק.

צום פּראָקוראָר בין איך אָנגעקומען באַצייטנס. דאָ, אויפן צווייטן שטאָק, האָבן שוין געוואַרט אַ סך ווייניקער אינטערעסאַנטן, ווי נעכטן, אויפן דריטן שטאָק.

איך האָב זיך געמאָלדן צו דער אַמטירנדיקער סעקרעטאַרין, זי האָט שנעל געפונען מיין נאָמען אין אַ צעטל פון אַ געוויסן פּראָקוראָר, דוכט זיך, אַז פּראָטאַסאָוו האָט זי אים אָנגערופן און געמאָלדן, אַז איך בין דער פינפטער אין דער ריי.

זיצנדיק אין דער זייט, האָב איך באַמערקט איינעם אַ פאַרשוין מיט אַ קיילעכדיק פּנים, אַן יידישער נאָז מיט אַן האַרביקל, מיט אַ קאָפּ אַ פליכעוואַטן, אַ גלאַנציקן פליך.

ער האָט מיר אויסגעזען גאָר היימיש, נאָר איך האָב אים שוין לאַנג נישט געזען. איך פאַרמאַך די אויגן, מיט אָנשטרענגונג טראַכט איך, ווער קען דאָס זיין?

אין דמיון דערזע איך לויצק. דעם הויכן פּראָטעסטאַנטישן קירכע־טורעם. דעם שאָסיי, וואָס ציט זיך פון דער קירכע אין דער ריכטונג צו דעם קאַטוילישן קאָשטיאָל. אין מיטן וועג אַ געמויערטער ביר־שענק. יאָ, ער איז זיכער דער זון פון דעם בירשענקער...

איך דערנענטער זיך צו אים און רוף אים שטיל אָן ביים נאָמען: — הערשל! ער האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט פון שלאָף. ווער רופט אים? ווער?

— יאָ, גרישאַ־הערשל — האָט ער אויסגערופן מיט פאַרחידושטע אויגן. — און ווער זייט איר?

— יואליק פון פאָקראָווסקע־גאַס אין לויצק.

— יואל פערעל? איצט דערקען איך דיך, לויט די אויגן און קול, אָבער די באָרד...

מיר האָבן זיך ביידע ווי אַרויסגערוקט אין דרויסן. ערשט דאָ האָבן מיר זיך געגעבן די הענט און חבריש באַגריסט.

— אַבי מען זעט זיך! וואָס טוסטו דאָ, יואליק?

— און דו, הערשל?

— איך בין דאָ אַ תושב. קענסט מיך דאָ טרעפן אַלע מאָנטיק און דאָ־נערשטיק, עלהיי אַן אָרעמאַן, אַ בעטלער, וואָס קומט בעטן אַ נדבה. און דו?

— איך בין די טעג פון לאַגער געקומען, פון דער טאַיגאַ. — האָב איך אים געענטפערט.

— און איך בין שוין כמעט צוויי יאָר פון לאַגער אַרויס. צען יאָר אָפּגעבידעוועט, ווי איין טאָג.

— בין איך, הייסט עס, וויניקער מיוחס פון דיר. פון צען יאָר בין איך בלויז צוויי מיט אַן האַלבן יאָר געזעסן — האָב איך אַרויסגעזאָגט מיט פרייד און שפּאַס.

— איך וואָלט זיי מוחל געווען דעם יחוס. צען יאָר לעבן האָבן זיי ביי מיר צוגענומען. צען בעסטע יאָרן. — אַ וואָלקן האָט ווי פאַרדעקט זיין פּנים.

— פאַר וואָס?

— ס'איז מיר אַ וווּנדער, וואָס דו, קומענדיק פון לאַגער, שטעלסט אַזאַ קלאָץ־קשיה. געוועזענער בירגער פון דער יידישער מדינה. געקומען זיך זען מיטן קראַנקן פאָטער אין 1939סטן יאָר. באַפרייט געוואָרן דורך די סאָוויעטן, לויטן סטאַלין־היטלער אָפּמאַך. אין ישראל בין איך געווען אַ צמחוני, קיין בשר־חי נישט געגעסן, דערפאַר האָבן זיי, אין די ווייטע לאַ־גערן, מיין פלייש געפרעסן. איך ווייס? די „טראָיקע״, האָבן זיי געזאָגט,

האָט מיך מכבד געווען מיט אַ „צענערל״ און שוין. גיי שריי „אני שלמה!״ צען יאָר און נאָך דעם „פּאָסעלעניע״. דאָרט זענען קיין יידן נישט געווען, נו, בין איך פאַרקראָכן צו אַ פּאַראַסקע, וואָס האָט מיך באַזאָרגט מיט צוויי קינדער. איך וווין הינטער מאָסקווע.

— מיט וואָס באַשעפטיקסטו זיך, הערשל?

— מיט וואָס קען זיך באַשעפטיקן אַ ייד אין גן־עדן־לאַנד? אַ פאַר־זאָרגער, אַ „שנאַבזשענעץ״ „אַ מכה אין אַ קליין טעפּעלע״. מיין ווייב אַרבעט אין אַ שיך־פאַבריק. מ׳שטופּט אַדורך דאָס בידנע ביסל יאָרן...

מיר האָבן געמוזט איבעררייסן אונדזער שמועס, מורא האָבנדיק צו פאַרלירן די ריי. מיין צייט איז טאַקע אונטערגעקומען. די סעקרעטאַרין האָט מיך אַריינגעשיקט אין צימער פון מיין פּראָקוראָר.

אויפגענומען האָט מיך אַ מאַן אין די מיטעלע יאָרן, מיט אַ שוואַכקייט צו דיק ווערן, מיט לענגערע שעווטשענקאָ־וואָנצעס, מיט אַ כיטרן שמיי־כעלע אויף די ליפּן, ווי איינער רעדט: — איך בין גרייט צו דינען, אדרבא, וואָס פאַרלאַנגט איר?

— ר ע ה אַ ב י ל י ט אַ צ י ע. מען האָט מיך טאַקע באַפרייט פון לאַ־גער, אָבער נישט רעהאַביליטירט. איך דאַרף ווייטער פאָרזעצן מיין אַר־בעט, אַלס לערער. ווער וועט מיך צולאָזן צו די קינדער? מיין פרוי און זון ווױנען אין קיעוו און מיך שיקט מען קיין וואָסילקאָוו. צוויי מיט אַן האַלבן יאָר אָפּגעקומען אין די לאַגערן, אָן שום שולד. פאַר וואָס קומט מיך נישט צו רעהאַביליטירן?

— יאָ, איר רעדט שיין און שרייבט נאָך שענער. — האָט ער זיך אָפּ־געריפן געלאַסן, מיט אַ כיטרע שמייכעלע אויף די ליפּן, דערביי האָבן זיך זיינע וואָנצעס געגעבן אַ באַוועג.

ער האָט אויפגעעפנט אַ טעקע מיט פּאַפּירן. איך האָב באַמערקט אין סאַמע אויבן מיין העפט פון געלבלעך פּאַפּיר מיט מיין פּיעסע־אָנקלאַגע, וואָס איך האָב פונעם לאַגער געשיקט צו כרושטשאָוון אין צענטראַל־קאָמי־טעט פון דער פּאַרטיי. אויף דער שער־בלאַט האָב איך שנעל איבערגע־לייענט אַ צושרייב מיט אַ רויטן בלייפעדער:

— פונאַנדערקלייבן זיך און דערטראָגן. —

דער פּראָקוראָר האָט גענומען דעם העפט אין דער האַנט, אַזוי אַז איך האָב נישט באַוויזן איבערצולייענען די חתימה. עס איז מיר שווער געווען צו גלויבן, אַז כרושטשאָוו אַליין האָט אונטערגעשריבן.

— וואָס האָט איך, בירגער, געטריבן צו שרייבן אַזאַ מאָדנע אָנקלאַגע, אין פאָרם פון אַ פאַנטאַסטישער פּיעסע אין פּערזן און גראַמען?

— מיין ווייטיק און אומגליק. אַלע מיינע און פרויס אָנקלאַגעס האָבן נישט געהאָלפן. וואָס זשע האָב איך געקענט טאָן, כדי צו וועקן מער פּאַר־אינטערעסירטקייט?

— זענט איר טאַקע באַפרייט געוואָרן.

— אַ דאַנק! אָבער צוליב דער אַקטירונג און נישט צוליב מיין אומשולד.

— אפשר זענט איר גערעכט, אָבער איך קען רעהאַביליטירן די קיעווער פּראָקוראַטור. אויב זיי וועלן אייך אָפּזאָגן, דאַן שרייבט צו אונדז. מעגלעך, אַז מיר וועלן צו זיי שרייבן וועגן אייך.

וואָס האָב איך געהאַט נאָך מער צו פאַרלאַנגען? דוכט זיך, לאָגישע רייד. דאָך האָב איך אין זיך אַ טראַכט געטאָן: „ווייך געבעט — האַרט צו שלאָפן".

## דער קרבן פון ישראל

איך בין אַרויסגעגאַנגען פונעם פּראָקוראָר מיט טאַנצנדיקע טריט און מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן. איך האָב טאַקע דערווייל גאָרנישט געפּועלט, אָבער איך בין געווען צופרידן, וואָס מיין אָריגינעלער און דרייסטער געדאַנק און אויפטו איז מיר געלונגען. ערשט איצט האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מיין אָנקלאַגע־פּיעסע: „דער אמת מוז זיגן" האָט געווירקט אפילו אין די הויכע פענצטער און ס'איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז זי האָט מיר געגעבן די באַפרייונג פאַר דער צייט.

מעגלעך, אַז צוליב דער אויסטערלישער אָנקלאַגע האָט דער פּראָקו־ראָר מיט מיר אַזוי העפלעך און פיל־צוזאָגנדיק געשמועסט. ווי ס'זאָל נישט זיין — קיין שאָדן האָב איך פון דעם אויפטו נישט געהאַט — דאָס איז כמעט ווי זיכער.

איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן אַהיים, קיין קיעוו. עס בענקט דאָס האַרץ נאָך מיין פרוי און זון. איך בין זיכער, אַז זיי בענקען ניט ווייניקער פון מיר.

אַ באַן־בילעט האָב איך נאָך פונעם לאַגער באַקומען. אין מאָסקווע האָב איך בלויז געמאַכט אַן איבעררייס, איצט דאַרף איך דעם בילעט קאָמ־פּאָסטירן און פאָרן ווייטער.

באַלד נאָך מיר איז אַרויסגעגאַנגען פון זיין פּראָקוראָר מיין לאַנדסמאַן הערשל־גרישע. ער איז געווען רויט פון אויפרעגונג, זיינע אויגן האָבן גע־בליצט מיט צאָרן. ער איז ווייטער דורכגעפאַלן — האָב איך געטראַכט.

— טפו! — האָט ער אַ ווייטן שפיי געטאָן און אויסגעזידלט זיך מיט אַזאַ דרייגאָרנדיקער וויסטער קללה, ווי נאָר אַ לאַגערניק קען. אַזאַ קללה האָב איך נאָר געקענט הערן אין וויטשעגאָדסקער שפּיטאָל פון די אַזוי גע־רופענע „זאַקאָנניקעס". אַזאַ קללה איז בכוח צו פאַרבייטן אַ מענגע זידל־ווערטער און אויסדריקן אַ טיפן ווייטיק פון האַרצן, דאָס געפיל פון יאוש און בייזקייט אויף דער גאַנצער וועלט...

— הערשל, איך מיין, אַז דו האָסט אַן ערגערן גהינום איבערגעקומען. לאָך פון זיי!

— דו פאַרשטיי, ברודער־לעבן, אַז עס איז אַ חוזק און שפּאָט פון אַ מענטשן. שוין צוויי יאָר זוכן זיי אַרום מיין דיעלע און — ווי אין דרערד אַריין — נישטאָ! צי איז אַזאַ זאַך מעגלעך? אמת, מיך האָט מען נישט גע־פאַרשט, נישט געמישפּט, נאָר אַוועקגעשיקט ערגעץ אויף צפון, אין אַ לאַגער אין נאָרילסק. ערשט שפּעטער האָט מען מיר געמאָלדן, אַז די „טראָי־קע" האָט מיך פאַרמשפּט, אונטער די אויגן, אויף צען יאָר, לויטן פּאַראַגראַף 4־58.

— 4־58? איך בין, דוכט זיך בקי אין קאָדעקס, ווי אַ ייד אין „אשרי", אָבער אַזאַ פּאַראַגראַף הער איך צום ערשטן מאָל. — האָב איך זיך גע־וואונדערט.

— נישטאָ זיך אויף זיי צו ווונדערן. אַז זיי דאַרפן, נעמען זיי דעם טייוול צו הילף. עס זאָל באַדייטן: מיטאַרבעט מיט אַ פיינטלעכער מלוכה, ווי למשל, מיט די ענגלענדער, מיט די אַראַבער, אָדער גאָר מיט ישראל, כאָטש דעמלט, ווען איך בין דאָרט געווען, איז נאָך קיין יידישע מלוכה נישט געווען. און זיי אַליין, די סאָוויעטן, האָבן דאָך געהאָלפן זי צו שאַפן. אַ לאָגיק, ווי מען זאָגט: „משה קאַפויר”. געשאַפן און איז גרייט צו פאַר־ניכטן...

— וואָס זשע נעמסטו זיך צום האַרצן? מילא, איך דאַרף די רעהאַבי־ליטאַציע, כדי צו זיין אַ לערער, כדי נישט צו זיין צעשיידט מיט מיין פרוי און זון, אָבער דו?

— ווען איך ווער רעהאַביליטירט, גיי איך אין ישראלדיקע קאָנסולאַט און פאָר קיין „ישראל”, צו מיין עלטערן ברודער.

— נו, און די פרוי און די קינדער?

הערשל איז נאָך מער טרויעריק געוואָרן. איך האָב אים, נישט ווילנ־דיק אָנגעטראָטן אויפן אָנגעווייטיקטן אָרט.

— יאָ, די קינדער, געראָטענע קינדער. זיי זענען זיכער נישט שול־דיק. איך האָב זיי ליב — אייגן בלוט און פלייש!

שמועסנדיק אַזוי זענען מיר דערגאַנגען צו אַ גערטנדל. דער טאָג איז געווען אַ רעגנדיקער, זענען דאָרט כמעט קיין מענטשן נישט געווען — איז לייכטער געווען זיך אויסצורעדן ס׳האַרץ.

— דו ביסט געווען אין לאַגער און איך בין געווען אין לאַגער. דו בלויז דריטהאַלבן יאָר, איך — גאַנצע צען. איך — אין דער מלחמה־בהלה, דו — נאָך דער מלחמה. דו — אין אַ לאַגער פאַר פאָליטישע, איך — פון מערדער, באַנדיטן און גנבים. פאַר אַ ביסן ברויט זענען זיי גרייט געווען צו דערהרגענען. אַרבעטן האָבן זיי נישט געוואָלט, האָבן מיר געמוזט פאַר זיי אַרבעטן טאָפּלט און אַוועקגעבן זיי די בראָכעדיקע פאַרדינסטן...

— ביסט גערעכט, הערשל. איך האָב שווער נישט געאַרבעט, אויך נישט געהונגערט. אָבער די באַגאַנגענע עוולה קעגן מיר, אַן אַ פאַרוואָס, האָט געטאָטשעט ווי אַ וואָרעם אין מוח.

— עס פאַרדריסט מיך, הלמאי זייענדיק אין ארץ ישראל אין „השומר הצעיר״ זענען מיר אַזוי פאַרגלויבט געווען אין זיי: — אונדזער לענין... אונדזער סטאַלין... די אויגן וואָלט מען דיר אויסגעדראַפּעט, ווען דו וואָלסט געוואָגט קעגן זיי עפּעס צו זאָגן... איין פאַרדינסט האָבן זיי: זיי האָבן אַ סך אויסגעניכטערט און נישט נאָר אונדז יידן.

איך האָב אויפמערקזאַם אויסגעהערט זיינע רייד און אין האַרצן אין מיט אים מסכים געווען. טרייסטן — עס איז איבעריק געווען. זיין ווייטיקלעכער וידוי האָט ווי פאַרלייכטערט מיין לאַגע.

— ישראל! מיין טרוים, מיין האָפענונג. איך מוז אַנטלויפן פון דאַנען, מיטן ווייב, מיט די קינדער, אָדער אָן זיי. אַנטלויפן. דאָ וואַרט אויף מיר אַ נייער לאַגער...

אין זיינע אויגן האָב איך באַמערקט טרערן, מיר האָבן ביידע געוויינט, נאָר דער רעגן האָט אויסגעמישט זיינע טראָפּנס מיט די טרערן, מיר האָבן זיך נישט געשעמט מיט זיי, דער רעגן האָט זיך פאַרשטאַרקט און מיר האָבן זיך געמוזט צעשיידן...

פאַרנאַכטצו בין איך געפאָרן אויפן קיעווער וואָקזאַל מיט מיין לאַגער־קעסטעלע אין דער האַנט. דער רעגן האָט אַלץ נאָך געגאָסן. ער האָט האַר־מאָניזירט מיט מיין שטימונג. אַהיים פאָר איך טאַקע. אָבער ווו איז מיין היים? נישט קיעוו, נאָר וואַסילקאָוו. אָבער מיין ווייב און זון וועל איך גאָר אָפּט זען. איז דאָס נאָך ווייניק?

## אויפן וועג קיין קיעוו

דער עקספּרעס־באַן איז געלאָפן שנעל, ווי אַ וויכער. אויף קלענערע סטאַנציעס האָט ער זיך נישט אָפּגעשטעלט, נאָר צו וויסן געגעבן מיט אַ שניידנדיקן פייף, אַז ער גייט. דער גרינער וועג מוז זיין פאַר אים אָפן, פאַר־זיכטיק און געהיט מוזן זיין די פּאַסאַזשירן, וואָס געפינען זיך אויף דער סטאַנציע. ער איז גדולדיק ביי זיך, ווי אַ מיוחס.

איך פאָר אין אַן עקספּרעס־באַן, אין אַ פּיר־פּערזאָנענדיקער קופּע, אויף אַ ווייך געלעגער, אויפן אייבערשטן שטאָק און טראַכט:

ווי גוט איז, ווען מען האָט לאַנדסלייט, וואָס זאָרגן פאַר דיר. אָט די זאָ־גערס האָבן פאַר מיר באַקומען דעם ערשטן אָנצוג. ער, משה האָט געקלונגען צו אַ לאַנדסמאַן גאַסקאָ, וואָס אַרבעט אויף דער מאָסקווער אייזנבאַן, און יענער האָט שוין באַזאָרגט פאַר מיר אַ שלאָף־אָרט אין עקספּרעס־באַן.

לאַנדסמאַן? אַ וואַרעמער באַגריף, וואָס דערמאָנט אין קרובהשאַפט. אַ נאָענטער שותף צו דיין געבורט־שטאָט, די לופט, די וואַסערן, די גאַסן זענען בשותפותדיקע, די זעלבע לערער האָבן ביידע דאָס זעלבע געלערנט, די זעלבע טעאַטער־ליבהאָבער האָבן פאַר אונדז טעאַטער געשפּילט, אפילו די שטאָט־משוגעים „נחום מיט ברכהן קעצל תאמר" און „דושקע" מיטן ממזרישן זכרון, שמחה דער בלינדער מיט זיין ליד „אוי, דירה־געלט" — אַלץ איז דאָס, וואָס פאַראייניקט די לאַנדסלייט. ווער שמועסט וועגן דעם בשותפותדיקן גורל, וועגן דעם גרויזאַמען ברודער־קבר אין פּאָלאָנקע, ווו אונדזערע אַלעמענס טאַטע־מאַמע, ברידער און שוועסטער האָבן זייער רו געפונען — דאָס פאַרבינדט אפילו אומבאַקאַנטע פון דער זעלבער שטאָט. די באַגעגעניש מיט מיין לאַנדסמאַן הערשל האָט מיך גערירט ביז טרערן...

אַזוי טראַכט איך, אַרויסקוקנדיק דורכן פענצטער, אין דער טונקל־בלויער נאַכט אַריין. פייערלעך, פייערלעך לויפן אַדורך, ס'שווינדלט אין די אויגן. די נאַכט איז אַ פינצטערע, מען זעט נישט די לבנה און די שטערן, זיי באַהאַלטן זיך אויס אונטער די כמאַרעס.

אפילו אויפן ווייכן געלעגער שלאָפט זיך נישט, ווען דער מוח טראַכט. און טראַכטן איז דאָ וועגן וואָס. איך דערמאָן זיך אין משה געלער, וועגן וועלכן מינדעלע האָט מיר געשריבן אין לאַגער אַריין. אויך אַ לאַנדסמאַן, אָבער אַ יינגערער פון מיר, דערצו אַ בלעכער פון ווולקע. צו אים האָט זיך מיין ווייב געווענדעט, ער זאָל איר רעקאָמענדירן אַ ביליקן בלעכער, וואָס זאָל באַדעקן מיט טאָל דעם דאַך פון קיך, וואָס רינט און די רעגן־וואַסערן רינען אַריין.

— גוט! — האָט ער געזאָגט. — זונטיק וועט ער קומען צו אייך.

און געקומען איז ער אַליין, צוזאַמען מיט זיין פרוי שרה און צוויי טעכטערלעך, דווקא יום־טובדיק אויסגעפוצט, נאָר מיטגעבראַכט מיט זיך די אַרבעט־מלבושים. צוזאַמען מיט מיין זון האָט ער עס געמאַכט, נישט פאַר־געסנדיק דערביי פון אויבן אויסצוזידלען דעם פראַװאָקאַטאָר אַראָן סאַמוי־לאָוויטש. און קיין באַלוינונג אויך נישט גענומען. אַנדערע האָבן מורא געהאַט אַריבערצושפּאַנען די שוועל פון אונדזער שטוב און ער — משה געלער, פלעגט אָפט קומען מיט אַ טרייסט און אַ גוטער עצה — אַזוי אַרום איז ער געוואָרן נישט נאָר אונדזער לאַנדסמאַן, נאָר אונדזער נאָענטער פריינד. ווי נאָר איך וועל קומען קיין קיעוו וועל איך זיי באַזוכן — די געלערס — אַזוי טראַכט איך.

נאָך מיטאָג־צייט, אויפן צווייטן טאָג זענען מיר פאַרבייגעפאָרן ניע־זשין. אויפן וואָקזאַל האָב איך געקויפט די פיצלעך אוגערקעס, געשמאַקע, אויף עסיק געזייערטע. נאָר ניעזשין איז באַרימט מיט די אוגערקעס.

וויפל מאָל מיר איז אויסגעקומען צו פאָרן אויפן וועג קיין מאָסקווע און צוריק, האָב איך נישט אויסגעמיטן צו טועם זיין פון די ניעזשינער אוגערקעס.

געפאָרן בין איך אַ סך מאָל. יעדעס מאָל אין אַן אַנדער שטימונג. אין יאָר 1940 האָט די ראַטן־מאַכט באַפרייט מערב־אוקראַיִנע פון די פאַ־שיסטן, וואָס האָבן זיך דערנענטערט, האָט מען מיך, אַן אינספעקטאָר פון די קינדער־היימען, געשיקט קיין מאָסקווע זיך צו באַקענען מיט די קינדער־היימען. ווער האָט זיך געפילט אַזוי שטאָלץ און גליקלעך, ווי איך ?! אַ פולע וואַליזקע מיט צוקערלעך האָב איך געפירט קיין לוצק פאַר די קינדער פון מיינע קינדער־היימען, אין יאָר 1944 — אין אַ פולמאַן־וואַגאָן, האָב איך געפירט דעם וויכן אינוועטאַר פאַר מיין קינדער־היים, אויף באַטיע־ווער באַרג, אין קיעוו. איך האָב דאַן געטראָגן אַ נייעם בלויען פאָרמע־אָנ־צוג, וואָס איך האָב באַקומען אַלס פרעמיע פאַרן שנעלן, דערפאָלגרייכן אויפבויען די קינדערהיים. אין יאָר 1946 בין איך געפאָרן קיין מאָסקווע אין שליחות, דערביי זיך געטראָפן מיט מיין יוגנט־פריינד דוד ספאַרד, וואָס האָט דאַן רעפּרעזענטירט די יידן פון פוילן אין פוילישן קאָמיטעט און פאַר־נומען זיך מיט זייער רעפּאַטריאַציע.

— הלוואי וואָלט איך אויך געפאָרן, וואָלט איך אויסגעמיטן מיינע אומגליקן — טראַכט איך.

אַ כאָר־געזאַנג האָט איבערגעריסן מיין טראַכטן. מיר זענען אַדורכ־געפאָרן דעם דניעפּר ביי דאָרניצע. אונטערן בריק איז פאָרבייגעפאָרן אַ שפּאַציר־שיף און פון דאָרטן האָט זיך דערהערט דער געזאַנג, אונטער דער באַגלייטונג פון אַן האַרמאָניע:

— רעווע טאַי סטאָנגע דניפּר שיראָקי" (ס'רוישט און קרעכצט דער ברייטער דניעפּר).

עס הילכט אָפּ אין מיר די ליד מיט בענקשאַפט און אומעט. מיר דער־נענטערן זיך צו קיעוו. צי וועט עמיצער מיך באַגעגענען אויפן וואָקזאַל? אמת, איך האָב נעכטן דעפּעשירט צו מיין פרוי, איך בין אָבער נישט זיכער, אַז זי האָט עס דערהאַלטן. און אפשר וואָלט איך נישט באַדאַרפט דעפּע־שירן? שטיל און אומבאַמערקט וואָלט איך געקומען, קיינער זאָל נישט וויסן. אָבער עס איז שוין פאַרפאַלן.

דער באַן פאָרט שוין צווישן די הויכע פעראָנען אַלץ רויִקער און פּאַ־מעלעכער. אַן אומרויִקייט כאַפּט אַרום די מיטפאָרנדע, מען קוקט דורך די פענצטער, מען שלעפּט שוין די וואַליזעס צו די טירן, ביי מיר קלאַפּט דאָס האַרץ שטאַרקער, ווי ביז איצט.

## אין קיעוו

אויף די פעראָנען שטייען אַ סך מענטשן, מיט בלומען אין די הענט, שמייכלען און לאַזן, נישט ווילנדיק, אַ טרער, באַוועגנדיק דערביי מיט די הענט אין דער לופטן.

רויִק, געלאַסן שטעלט זיך די באַן אָפּ. די דיקלעכע טרעגערס, מיט די מעשענע נומערן פון פאָרנט, שפּרינגען אַרויף אין די וואַגאָנעס.

— נומעראָווי! נומעראָווי! — הערן זיך אויסרופן, מערסטנס פון פרויען. אין אַלגעמיינעם געלויף ווער איך אויך אַריינגעצויגן. דער מענטשן־שטראָם שלעפּט מיך אויך מיט.

ביים אַראָפּגיין פון טרעפּל באַמערק איך דעם העכסטן פון אַלע, אַ בחור מיט אַן אַטלעטישן עגבוי, וואָס זוכט מיט די אויגן.

— אוי, מאַרקס! — גיב איך אַ געשריי.

— אָט איז ער! — דערהער איך געשרייען פון אַלע זייטן.

נעבן מיין זון דערזע איך מיין מינדעלען אין אַן העל־גרינעם זומער־קלייד. דער בונד בלומען, וואָס זי האַלט אין די הענט, פאַרשטעלט אַן העלפט פון איר געזיכט. חוץ זייביידע זע איך כמעט קיינעם נישט. ווי אין אַ נעפּל, זע איך אַ סך מענטשן, נאָר איך בין זיכער, אַז זיי אַלע האָבן נישט קיין שייכות מיט מיר. אפילו זיי זאָלן זיין מיינע באַקאַנטע — דערקענען זיי מיך דען? צי איז דער עלטערער מאַן מיט דער קיילעכדיקער באָרד, מיט די גרויע האָר און אומעטיקע אויגן דער, ווען זיי זענען געקומען באַגע־גענען? ס'איז אין גאַנצן צוויי מיט אַן האַלבן יאָר אַריבער — ווי קען זיך אַ מענטש אַזוי זיך פונאַנדערשן?

דערזעענדיק, אַז איך קוש זיך מיט מינדעלען, אויך מיט מאַרקסן כאָפּ איך אַריין אַן אָפּגעהאַקטן קוש, איבערצייגן זיי זיך, אַז יאָ, דאָס איז ער, זייער לערער, זייער פריינד.

— ברוך הבא! (ס'פריעזדאָם!) — דערהער איך פון אַלע זייטן. איך בין אין גאַנצן צעטומלט. איך קוק אויף אַלעמען מיט פאַרנעפּלטע אויגן און דריק זייערע אויסגעשטרעקטע הענט.

צי האָב איך זיך געקענט ריכטן אויף אַזאַ אויפנאַמע? איך — דער לאַגערניק, וואָס איז נישט ריינגעוואַשן געוואָרן. עס ווילט זיך מיר אויס־שרייען: טייערע מיינע! איר האָט אַ טעות! איר קענט, חלילה, געשטרויכלט ווערן צוליב אַזאַ אויפנאַמע, וואָס פּאַסט פאַר אַן הויך־געשטעלטן פּערזאָן און נישט פאַר קיין חרובן לאַגערניק.

און אפשר זענען זיי גערעכט? זיי האָבן מיך פון לאַנג ריינגעוואַשן, זיי האָבן באַלד נישט געגלויבט אין מיין שולד. שמייכל איך צו אַלעמען מיט בליקן פון דאַנקבאַרקייט און האַרציקייט.

דער טראַמוויי־וואַגאָן, נומער 10, ווערט פול מיט פּאַסאַזשירן. איך און מיין פרוי זיצן קעגנאיבער, דער זון שטייט נעבן אונדז און שמייכלט. זיין שמייכל וואַרעמט מיך, ווי זונען־שטראַלן. איך פיל אויך די וואַרעמע

בליקן פון די, וואָס האָבן מיך אַזוי היימיש אויפגענומען. צווישן זיי דער־קען איך עטלעכע פון מיינע געוועזענע שילער, זיי זענען אַזוי אויסגעוואַקסן, מענערישער געוואָרן. זייערע נעמען גדענק איך נישט, אָבער זייער אויסזען איז מיר באַקאַנט. איצט זענען זיי שוין שילער פון די העכסטע קלאַסן. איך האָב זיי אַזוי ליב געהאַט, אויך אין טורמע האָב איך געגלויבט אין זייער געטריישאַפט, אין זייער ערלעכקייט.

שווייגנדיקע פאָרן מיר צו דעם ביר־זאַוואָד, אויף סטאַלינקע און שטייגן אויס. אַ שמייכלדיקער „זייט געזונט״, אַ שאָקל מיט די שפּיצן פון די פינ־גער און אַראָפּ.

מיר גייען אַריין אין טויער, איך פּיל די בליקן פון די שכנים דורך די פענצטער, נאָר איך קוק זיך נישט אום אויף זיי, זיי האָבן עס נישט פאַר־דינט. איך וויל שוין וואָס שנעלער זיין ביי זיך אין שטוב. אַזוי זויבער־ריין אומעטום, נאָר אַן אומעט קוקט אַראָפּ פון די ווענט, די קאָלירטע טאַפּעטן זענען אָפּגעבליאַקעט, אויף אַ סך ערטער אָפּגעפליקט אָדער מיט צייטונגען פאַרקלעפּט, די פּאָדלאָגע ביים אויוון איז ווי נידעריקער געוואָרן, משופּע־דיק און אַראָפּגעלאָזט.

— נישט געווען דער באַלעבאָס — טראַכט איך דערביי. און איצט, ווען ער איז שוין דאָ, צי וועט ער דאָ אויף לאַנג פאַרבלייבן, כדי צו אַריינ־פירן אַן אָרדענונג ?

— זונעלע מיינער ! דו ביסט אַזוי אויסגעוואַקסן. דו זעסט גאָר אויס, ווי אַן אַטלעט...

— דו האָסט נישט געגרייזט, פּאַפּאַ. איך בין טאַקע אַן אַטלעט פון דער דריטער קאַטעגאָריע, פון פּראָווינציזישן קאַמף. נו, פּרוּוו מיינע מוסקולן !

— כוח, געזונט איז טאַקע זייער וויכטיק, זון מיינער, אָבער ביי אונדז יידן איז דער כוח מערסטנס אין מוח.

— ס׳שאַדט נישט, פּאַפּאַ, ווען ס׳פּאָרט זיך דער מוח מיטן כוח. מיין פיזישע אַנטוויקלונג שאַדט מיך נישט צום לערנען. אמת, מאַמע ?

— ווען נישט זיין אויסגעצייכנט לערנען זיך, וואָלט מען אים שוין פון לאַנג דערוויטערט פון דער אַקאַדעמיע — זאָגט מינדעלע.

— און קיין גרויסע סטיפּענדיעס נישט געגעבן — גיט צו דער זון.

איך פּיל זיך גליקלעך און שטאָלץ סיי מיט מיין ווייב, סיי מיט מיין זון. נישט אומזיסט האָב איך אַזוי געבענקט נאָך זיי ביידע. און איצט בין איך ווידער מיט זיי, ביי זיך אין דער היים.

— עס זאָל מיר נאָר נישט פאַרשטערט ווערן — שעפּטשען מיינע ליפּן.

פּלוצים דערהערן מיר אַ קלונג אין דער טיר. ווער קלינגט? מיין זון גייט עפענען די טיר. עס קומט אַריין אַ נידעריקער, דיקלעכער פאַרשוין, מיט אַ ציטרען שמייכל.

— ס׳פּריעזדאָם! איך באַגריס אייך מיט אייער קומען צוריק אַהיים — רופט ער זיך אָפּ.

— אַ דאַנק! — און איך דערלאַנג אים מיין האַנט.

— סעוועריַן — אייער דזיעלניצאָווי — שטעלט ער זיך פאָר.

— זיצט, חבר סעווערין! זיצט! איך דערלאַנג שוין עפּעס צום טיש. אַזאַ חשובער גאַסט! — עס באַווייזט זיך אויפן טיש אַ פלאַש בראָנפן און אַ גלאָז, דערצו אַ שמאַלץ־הערינג און זויערע אוגערקעס, אויף אַ טעלערל אַ שטיק וווּרשט.

— ספּאַסיבאָ, אַ דאַנק, באַלעבאָסטע. אַזאַ גאַסט! וועל איך טרינקען פאַר אייער געזונט! — ביי די רייד קערט ער איבער די פולע גלאָז בראָנפן אין מויל אַריין, פאַרקרימט זיך אַ ביסל און פאַרבייסט מיטן הערינג און רוקט דערביי דעם צעשניטענעם וווּרשט אין מויל אַריין.

ער חזרט איבער דאָס זעלבע נאָך אַ מאָל, ווען ער דערזעט די פולע גלאָז בראָנפן. ער פאָסמאַקעוועט זיך אַזש און ווישט דערביי די וואָנצעס אָפּ מיט די פינגער.

ער זויפט און איך בין אומרויִק. איך פיל ווי מיין האַרץ צעבושעוועט זיך. דאָס בלוט קלאַפּט פונעם האַרצן אין קאָפּ אַריין. איך הער נישט אויף צו טראַכטן:

— ווי שנעל ער איז שוין געקומען, אַ וויסט יאָר אויף אים! נישט אַנדערש, אַז מיין שכן, אַראָן סאַמוילאָוויטש האָט אים צו וויסן געגעבן. באַלד דערהער איך זיין שטים:

— אייערע דאָקומענטן! די דאָקומענטן פון לאַגער. אייער באַפרייונגס דאָקומענט! — כאַטש די ווערטער זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין אַ רויִקן טאָן, נאָר מיך האָט יעדעס וואָרט ווי געשטאָכן מיט נאָדלען. איך האָב אים דערלאַנגט מיין באַפרייונגס־ביכל. מיט פאַרנעפּלטע שיכורע אויגן האָט ער אַ בליק געטאָן אויפן ביכל, זיך פאַרקרימט און אַרויסגעזאָגט:

— אַזוי גאָר? וואָסילקאָוו? נישט קיעוו? — זאָגט ער אַרויס ווי מיט מיטלייד.— איר ווייסט, אַז איר טאָרט אפילו קיין איין נאַכט נישט נעכטיקן אין קיעוו.

— איך ווייס — ענטפער איך, וו ווייט מעגלעך רויִק און געלאַסן. — מכוח דעם וועל איך מאָרגן זיין ביים פּראָקוראָר, דער פּראָקוראָר אין מאָס־קווע האָט מיר צוגעזאָגט אָנצושרייבן.

— דיעלאָ כאָזיאַיסקאָיע — טוט ווי איר פאַרשטייט. זאָל ער שרייבן, אָבער איר טאָרט אין קיעוו נישט נעכטיקן, איר קענט דערפון ליידן, אויך אייער ווייב. אַלזאָ, איר פאָרט קיין וואַסילקאָוו! מיר וועלן קומען ביי נאַכט קאָנטראָלירן.

זעענדיק, אַז זיינע רייד האָבן שטאַרק געווירקט סיי אויף מיך, סיי אויף מיין ווייב און זון, האָט ער זיך אויפגעהויבן, מיט אַ שווערקייט פון אַ בער, און פאַרענדיקט:

— איך, פּערזענלעך, וויל אייך קיין שלעכטס נישט טאָן. נאָר איך ראַט אייך גוטברודעריש: פאָרט קיין וואַסילקאָוו! אַדיע!

איך האָב געכאַפּט אַ קוק אויף מינדעלען און דערזען זי אין דעם זעלבן צושטאַנד, אין וועלכן זי איז געווען אין דער נאַכט פון מיין אַרעסט. בלאַס און פאַרשטיינערט, מיט פאַרהאַקטע ציין און בליציקע בליקן אין די אויגן.

דער זון האָט עס אויך באַמערקט און איז צוגעגאַנגען זי צו באַרויִקן:

— מאַמע, באַרויִק זיך! מיר זענען אַזוי פיל איבערגעקומען, וועלן מיר אויך דאָס איבערקומען, אַבי נישט אין לאַגער. מיר וועלן דאָך צוזאַמען זיין!

— מינדעלע, מען וועט מיך זיכער רעהאַביליטירן, ריינוואַשן...
— מ ע ר ד ע ר ! האָט זי אויסגעשריגן מיט טיפן האַס און פאַרצווייפלונג.

*

...קיין וואַסילקאָוו בין איך אין דעם אָונט נישט געפאָרן. די אַרויסגערופענע קאַרעטע פון דער גיכער־הילף האָט מיך אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל אַריין, אויף סטאַלינקע...

# דער ערשטער טאָג אין שפּיטאָל

די „גיכע הילף״ האָט מיך געבראַכט אין שפּיטאָל אַריין שפּעט אין אָוונט. טייל קראַנקע זענען שוין געשלאָפֿן. מען האָט מיך געלייגט אין אַ בעט אין פּאָדערהויז, ביי דער וואַנט. די דעזשורירנדע דאָקטאָרין האָט מיר געמאַכט אַן איינשפּריצונג, כדי מיך צו באַרויִקן. די נערוון־סיסטעם איז ביי מיר געווען צעשרויפֿט, דער אָטעם קורץ און אָפּגעהאַקט, דאָס בלוט האָט געשטראָמט מיט אַ גאַלאָפּ איבערן קערפּער, זי האָט אָנגעהאַלטן מיין פּולס און זיכער פעסטגעשטעלט זיין אימפּולסיוון קלאַפּן, וואָס איז ווייט געווען פון אַ נאָרמאַלן צושטאַנד.

וואָס מער צייט איז אַריבער, בין איך מער רויִקער געוואָרן. איך האָב זיך געשעמט פאַר זיך אַליין:

— אַ מענטש, אַ דערוואַקסענער, וואָס האָט אַזוי פיל נסיונות און שווערע צייטן איבערגעלעבט און אַלץ מיט דויער איבערגעקומען — זאָל זיך אַזוי איבערנעמען, באשר מען הייסט אים פאָרן קיין וואַסילקאָוו.

אָבער נישט דאָס אַליין איז געווען די סיבה פון דעם, וואָס דאָס האַרץ האָט אָנגעהויבן שטאַרקער צו קלאַפּן, וואָס דער גאַנצער קערפּער איז מיט אַ מאָל אַזוי אָפּגעשוואַכט געוואָרן, אַז איך האָב נישט געקענט שטיין אויף די פיס און אַ קאַלטער שווייס האָט באַדעקט מיין שטערן. דאָס איז געווען דער לעצטער טראָפּן, וואָס האָט איבערגעפּולט דעם בעכער פון מיינע איבערלעבונגען במשך פון דער לעצטער צייט. דאָס אומנאָרמאַלע לעבן אין מאָסקווע, די אומאויפהערלעכע אַנטוישונגען פון אַלע מיינע באַמיונגען

און האָפּענונגען, דער אומדערוואַרטעטער קבלת פּנים אויפן קיעווער וואָקזאַל, דאָס צוריקקערן זיך אין מיין האַלב חרובער היים, מיין אומבאַגרענעצטע פרייד, וואָס ענדלעך בין איך צוריק ביי זיך אין שטוב מיט מיין אויסגע־בענקטער פרוי און זון, וואָס איז אַזוי אומגעריכט צעשטערט געוואָרן מיטן אַריינקומען פון דעם מיליץ־באַאַמטן סעווערין, דעם שיכור און זויפער, מיט זיין חניפהדיקן קול און כיטרען שמייכל, וואָס האָט מיט זיין חוצפּהדיקער פאָדערונג געוואָלט ווייזן, אַז אים איז נישט אַזוי לייכט איבערצוקויפן, דער אויפברויז פון מיין פרוי און נאָך, און נאָך, דער עיקר, וואָס אַלץ האָט טיף געברויזט אין מיין נשמה, אין מיין מוח...

דער רעזולטאַט דערפון האָט זיך אַרויסגעוויזן ערשט ווען דער זון האָט אַרויסגערופן די קאַרעטקע פון דער „גיכער־הילף".

איצט האָב איך זיך שוין געפילט אַ סך בעסער. איך בין געקומען צו זיך, דער קאָפּ האָט שוין נישט אַזוי שטאַרק ווי געטאָן, די מידקייט, סיי די פיזישע, סיי די גייסטיקע זענען שוואַכער געוואָרן. די איינשפּריצונג האָט זיכער געווירקט. איך האָב נישט אויפגעהערט צו גענעצן און די אויגן האָבן זיך צוגעמאַכט. איך האָב געפילט, אַז דער שלאָף דערנענטערט זיך צו מיר — דער באַרויִקער און אויסלייזער.

נישט לאַנג האָט ער געלאָזט ער געלאָזט אויף זיך וואַרטן, ער איז געקומען, אָבער נישט דער רויִקער שלאָף, ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך אָפּגעהאַקטע שטיקלעך חלומות, וואָס האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אויסטערלישע סיטואַ־ציעס און געשעענישן: אַ געלויף פון צעפּלאָשעטע פערד, דאָס פאַלן פון באָמבעס, דערצו בראַנד־באָמבעס מיט שריפות און ווילדע געשרייען און געוויינען, די ווילדע פּורגאַ פון די ווייסע פאַרוויסטענישן האָט מיך גע־שראָקן, ביז איך האָב זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ ציטערניש איבערן גאַנצן קערפּער...

— איך מוז זיך באַהערשן — האָב איך געטראַכט. — אם אין אני לי —מי לי ? — נישט די דאָקטוירים, נישט די רפואות וועלן העלפן, אויב איך אַליין וועל זיך נישט נעמען פעסט אין די הענט אַריין.

אין דער פרי זענען דריי דאָקטוירים: אַ מאַן און צוויי פרויען אַרומ־געגאַנגען איבער די פּאַלאַטעס און באַטראַכט די קראַנקע, ביים סאַמע סוף

זענען זיי צוגעקומען אויך צו מיר. דער דאָקטאָר האָט מיך אויסגעקלאַפּט מיט די פינגער, באַטראַכט דאָס האַרץ, אַ דאָקטאָרין האָט געמאָסטן מיין בלוט־דרוק און אָפּגייענדיק אַ פּאָר טריט אין אַ זייט האָבן זיי זיך איבער־געשמועסט וועגן מיין צושטאַנד.

געטראַכט האָב איך, אַז באַלד וועלן זיי באַשליסן און אַ זאָג טאָן:

— נו, איר קענט גיין אַהיים — אייער צושטאַנד איז נישט קיין שלעכ־טער...

— אַהיים? ווו האָב איך אַ היים? ביי דעם געדאַנק איז אַ קאַלטער שווייס אַרויף אויף מיין געזיכט, דאָס פּנים האָט זיך ווי אויסגעקרומט אין אַ גרימאַסע און אַ טיפער קרעכץ האָט זיך אַרויסגעריסן פון מיין אינגעווייד.

— איר וועט פאַרבלייבן אַ געוויסע צייט אין שפּיטאָל אויף אָבסער־וואַציעס און אויספאָרשונג — האָב איך דערהערט די גוטע בשורה פונעם דאָקטאָרס מויל.

— בלייב איך דערווייל אין קיעוו. דאָ וועל איך זיך זען מיט מיין פרוי און זון — האָב איך זיך געטרייסט. דערצו וועט מען זיך באַמיען מיך איינ־צומעלדן. ס׳ווייזט אויס, אַז איך בין טאַקע קראַנק און נויטיק זיך אין אַן היילונג — וועל איך דאָ באַקומען.

מען האָט מיר שפּעטער דערלאַנגט דעם פרישטיק, ווען איך בין שוין אַריבער אין איינער פון די פּאַלאַטעס. אַ גרויסער צימער מיט אַ סך בעטן, וואָס זענען געשטאַנען ענג, איין בעט נעבן אַנדערן, בלויז אַ קליינער דורכ־גאַנג איז געווען צווישן זיי. איין גרעסער פענצטער און גלעזערנע אַרויס־גאַנג־טיר אויף אַ קליינעם באַלקאָן.

די קראַנקע — מענער אין דעם העכערן עלטער. בלויז מיט גלייכגיל־טיקע בליקן, אין שווייגעניש האָבן זיי מיך באַגעגנט, קיין היימישע פּנימער האָב איך נישט געטראָפן. בלויז עטלעכע יידישע מענער האָב איך באַמערקט. מיר האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן איינער פון זיי, מיט אַ קיילעכדיקן פּנים, מיט קלוגע, שוואַרצע אויגן, מיט אַן האָרביקער נאָז. מיט אים איז מיר אויסגעקומען צו ליגן כמעט אין איין בעט, ווייל אונדזערע בעטן זענען געווען צונויפגערוקט, צוליב מאַנגל אין אָרט, דערצו ביים סאַמע אַרויס־גאַנג אויפן באַלקאָן.

מיט אַ פאַרטייעטן בליק, און מיט שטום־לשון האָבן מיר זיך באַקענט.

איך האָב זיך דערמאָנט אין די לאַגער־שפּיטעלער, אין וועלכע מיר איז אויסגעקומען צו זיין, אין וויטשעגאָדסק, אָדער אין קניאַז־פּאָגאָסט. אויך דאָרט זענען געווען קראַנקע מענער. אָבער דאָ שטרעבן כמעט אַלע קראַנקע צו ווערן געזונט. דער שפּיטאָל איז פאַר זיי אַן אָפּקומעניש, אַ נויט. יעדער איינער שטרעבט וואָס שנעלער געזונט צו ווערן, אים צו פאַרלאָזן און זיך צוריקקערן צו זיין היים, ווייב און קינדער, צו דער אַרבעט. אין יענע שפּיטעלער האָבן די קראַנקע נישט געשטרעבט געזונט צו ווערן. קיי־נעם האָט זיך נישט געגלוסט זיך אומצוקערן אין לאַגער אַריין, צו דער שווערער אַרבעט.

אויך דאָ האָבן די קראַנקע געקרעכצט, די ווייטיקן האָבן באַרויבט זייער שמייכל, בלויז די האָפענונג האָט באַרויִקט זייער געמיט.

דאָרטן — האָבן זיי ווייטיקלעך געקרעכצט, ווען דער דאָקטאָר האָט באַדאַרפט אַריינקומען, די קרעכצן זענען געווען כאָראַלע און אין אַ פאַר־שידענער טאָנאַציע.

דאָ — האָבן די דאָקטוירים געגלייבט דעם קראַנקן, ווען ער האָט זיך אויף עפּעס געקלאָגט, אויף נישט קענען שלאָפן, אויף נישט האָבן קיין אַפּעטיט צום עסן — דאָרטן האָט דער דאָקטאָר זיך באַצויגן מיט אומצוטרוי צו די קראַנקע, איבערהויפּט צו די פון דער אונטערוועלט — וואָס זענען, לויט זיין מיינונג, פּעיִק אויף אַלץ. — ליידיקגייער, סימולאַנט, ליגנער — דאָס זענען געווען די געוויינלעכע עפּיטעטן, מיט וועלכע דער דאָקטאָר, אַליין פון די געוועזענע פאַרמשפּטע, האָט זיי געקרויִנט.

עטלעכע מאָל אין טאָג פלעג איך באַקומען פּילן צו שלינגען, איין מאָל אין טאָג האָט מען מיר געמאַכט אַן איינשפּריצונג. איך האָב באַמערקט, אַז אויך מיין שכן פלעגט באַקומען די זעלבע רפואות, ווי איך, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז מיר ביידע זענען קראַנק אויף דער זעלבער קרענק — אויף אַ צו הויכן בלוט־דרוק.

ער האָט נאָך געהאַט דערצו קראַנקע פיס, ס'ווייזט אויס אַ פאַר־שטאָפּונג אין די געפעסן — פלעגט ער דעריבער אַראָפּגיין פון בעט אויף קוליעס.

נאָכן מיטאָג בין איך אפילו אַרויסגעגאַנגען אויפן באַלקאָן. איך האָב געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז מיין פרוי וועט קומען מיך מבקר זיין, ווען זי וועט זיך אומקערן פון דער אַרבעט. אַזוי איז טאַקע געווען. ווי נאָר מען האָט מיר איבערגעגעבן אַ בייטל מיט עפל, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז זי האָט מיר געבראַכט, בין איך באַלד אַרויס אויפן באַלקאָן.

— וואָס מאַכסטו, טייערינקער? ווי פילסטו זיך? — האָט זי אַ פרעג געטאָן.

— אַ סך בעסער, ווי נעכטן. ס'וועט נאָך בעסער זיין. איך פאַרבלייב דערווייל דאָ.

— נישט אויף לאַנג. איך גלויב, אַז מען וועט דיך פאַרמעלדן. דאַן וועסטו קענען זיין אין דער היים. ווי קענען זיי אַ קראַנקן נישט לאָזן זיין מיט די אייגענע? וואָס טוט מען, ווען דער דירעקטאָר פון דער שול וויל מיר נישט געבן דעם איינמעלדונגס־בוך?

— מינדעלע, כאַפּ זיך אַריין אין דער שול־אָפּטיילונג, צו זאָיע סאַ־וויטשנע, זי וועט צו אים אָנקלינגען און באַפוילן. איך האָב דאָך אַזוי פיל פאַר איר געטאָן...

— וועגן איר, דיין געוועזענע נאַטשאַלניצע, וועל איך מיט דיר רעדן אַן אַנדערשמאָל, זי איז נישט בעסער פון אים...

אַזוי האָבן מיר זיך אַדורכגעשמועסט וועגן גאָר נישט קיין פריילעכע זאַכן, דאָך האָט איר שטים געקלונגען אין מיינע אויערן, ווי אַ שיין געזאַנג, וואָס טרייסט און וועקט האָפענונגען, ווי אין שיר השירים שטייט: קולך כה ערב... ווי זיס איז דיין קול!

# מיין נאָענטער שכן

אונדזער פּאַלאַטע איז באַשטימט געווען פאַר האַרץ־קראַנקע, פאַר קראַנקע מיט אַן הויכן בלוט־דרוק און אַנדערע.

מיין נאָענטסטן שכן האָט מען גערופן סאָלאָמאָן — ער איז שוין געווען אַ תושב אין שפּיטאָל. דאָס מאָל איז ער שוין געלעגן אין שפּיטאָל כמעט אַ חודש צייט. ער האָט דעריבער געקענט כמעט אַלע קראַנקע. וועגן יעדן איינעם פון זיי האָט ער געקענט דערציילן אַ סך: אויף וואָסער קרענק ער איז קראַנק, ווער קומט אים באַזוכן, וועלכן גייסטיקן באַגאַזש ער פאַרמאָגט און אויך נישט ווייניק וועגן זיינע שאַנסן געזונט צו ווערן. אויך די דאָקטוירים האָט ער געקענט, וועלכער פון זיי איז אַ ספּעציאַליסט מיט פאַכמענערישקייט און וויסן, וועלכער איז פאַראינטערעסירט מיט די קראַנקע און איז איבערגעגעבן זיין אַרבעט און וועלכער איז גלאַט אַ דאָקטאָר מיט אַ דיפּלאָם, אָדער אָן אַ דיפּלאָם, וואָס קומט איבער די צייט פון זיין אַרבעט און די קראַנקע גייען אים אָן, ווי דער פאַראַיאַריקער שניי.

קיין גרויסע אמונה אין די דאָקטוירים האָט ער, סאָלאָמאָן, נישט געהאַט. וועגן די ווירקזאַמע אויפטוען פון די דאָקטוירים דאָ אין שפּיטאָל פלעגט ער זיך אַרויסזאָגן מיט אַ ווערטל: „דער שפּיטאָל איז בלויז אַ קאָרידאָר צו יענער וועלט" אָדער: „אַ לאַנגע קרענק איז אַ געוויסער טויט". פון פאָלקס־ווערטלעך האָט ער, סאָלאָמאָן, געהאַלטן.

— איצט האָבן מירביידע, יואל, דעם זעלבן בלוט־דרוק — 190 אויף הונדערט. ווען מען האָט מיך געבראַכט אַהער האָב איך געהאַט 230 אויף 120, אָבער אין געוויסע מאָמענטן פיל איך זיך נאָך ערגער ווי פריער. אין קאָפּ רוישט, ווי אַ מאָטאָר וואָלט דאָרט געראַדערט, די פיס ברעכן און טוען וויי. איך באַקום באַרויִקונגס־מיטלען. זיי העלפן טאַקע, אָבער נישט אויף לאַנג. זאָלסט נישט וויסן פון דעם, חבר יואל!

מיר איז דוקא געפעלן, וואָס ער, סאָלאָמאָן, ווענדעט זיך צו מיר „אויף דו" — האָב איך אויך אים נישט גע„איר"צט.

— דו ביסט דאָך שוין אַ גאַנצער דאָקטאָר געוואָרן. איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך בין גאָר אַ פּראָפאַן אין מעדיצין. אפשר קענסטו מיר דערקלערן, וואָס הייסט דער בלוט־דרוק איז 190 אויף 100?

סאָלאָמאָן האָט אַ שמייכל געטאָן, ווי ער וואָלט אַ טראַכט געטאָן: אַ לערער מיט העכערער בילדונג, זאָל אַזאַ קליייניקייט נישט וויסן, דאָך האָט ער מיט ערנסט מיר דערקלערט:

— די באַוועגונג פונעם בלוט אין אַ לעבעדיקן אָרגאַניזם איז זייער וויכטיק. ס׳לויפט דאָס בלוט אַרום איבער אַלע ווינקעלעך און באַזאָרגט יעדן אבר מיט זויערשטאָף און אַנדערע גוטע זאַכן. דער העכערער בלוט־דרוק, למשל: 190, ווייזט ווען ס׳שטראָמט דאָס בלוט אין די אַרטעריעס און 100, ווען דאָס בלוט האָט שוין אַדורכגעמאַכט דעם גאַנצן וועג, ווי מען זאָגט אויף פּויעריש לשון: „נאַ וועסיללאַ טאַ ז׳וועסיללאַ״, אויף דער חתונה און פון דער חתונה.

— פון וואַנען נעמט זיך די דאָזיקע קרענק? — האָב איך אים געפרעגט.

— פון וואַנען? פרעג מיך גרינגערע זאַכן. גיי ווייס! מען זאָגט, אַז ס׳קומט פון צרות, עגמת־נפש, בויך־גרימעניש און נערוון־דערשיטערונג. מאַלע וואָס ס׳טרעפט זיך! אָט ביי מיר, זאָגן די דאָקטוירים, ווערן פאַרשטאָפּט די בלוט־געפעסן אין די פיס. אַ מאָל זענען זיי ביי מיר אָפּגעפרוירן געוואָרן, אין אַ פראָסט פון 40 גראַד, קענען זיי עס נישט פאַרגעסן און מוחל זיין.

— ווייסטו גאָר וואָס, סאָלאָמאָן, איך מיין, אַז פון די חכמות וועלן מיר נישט אויסגעהיילט ווערן. לאָמיר בעסער אַריינכאַפּן אַ שפּיל אין „דאַמקע״ — האָב איך פאָרגעלייגט.

— וועסט ביי מיר, ברודערקע, אַריינכאַפּן אַ „מאַט״, ווי אין פּסוק שטייט. היט דיינעביינער!

ער איז טאַקע פון די „ספּעצן״, אָבער איך בין אויך נישט פונעם שוואַכן צענדליק. און טראַכטן טראַכט איך דערביי: מיט אים, מיט יעקבן פון דער קיפּיאַטילקע אין לאַגער, וואָלסטו פאַרשפּאָרט זיך צו רימען.

ס׳איז גענוג געווען זיך צו דערמאָנען אין יעקבן, כ׳זאָל שוין נישט זיין אין שטאַנד צו טראַכטן וועגן דער שפּיל און אַלץ געטראַכט וועגן יעקבן. זיי האָבן זיך פאָרט אַרומגעקוקט, אַז זיי זענען מיאוס פאַרקראָכן אין אַ בלאָטע אַריין. גענוג האָבן אים די פאַשיסטן אויסגענוצט, אָנשטאָט אַ קראָ־

ליק פאַר זייערע עקספּערימענטן, האָבן זיי, די רוסישע באַפרייער, אים גע־געבן 10 יאָר אין די לאַגערן. פאַר וואָס? ס׳איז אַ בושה און אַ חרפּה!

— עך, טראַכט איך, דער לאַגער איז מיר אַריין אין בלוט אַריין — בושעוועט עס!

— איך האָב צוריק אַ מלכה! רופט אויס סאָלאָמאָן מיט פרייד. אַז דו טראַכסט גאָר וועגן עפּעס אַנדערש.

— איך גיב זיך אונטער. פאַרשפּילט! ביסט גערעכט! אַ מאַנקאָליע איז אַריין אין קאָפּ אַריין און לאָזט נישט טראַכטן וועגן דער שפּיל. אַ „זייטן־שפּרונג" גלוסט זיך אים גאָר?

— דו טראַכט ווייניקער, יואל. דער בלוט־דרוק האָט נישט ליב, אַז מען טראַכט צו פיל.

— וואָס דען האָט ער ליב דער „בלוט־דרוק"? — פרעג איך אויס אין אַ רויִקערן טאָן.

— וואָס? זאָלסט מאַכן אַ שפּאַציר אויף גאָלאָסייעווקע מיט אַ שיינער בחורטע, אפילו מיט דיין אייגן ווייב, זאָלסט זיך באָדן אין דניעפּער און זיך הוידען אויף די כוואַליעס, אַפילו כאַפּן אַ טענצל. פאַר וואָס נישט? און ווען דו זיצט אָפּ דיינע 8 שעה אויף איין אָרט און זוכסט אין דער בוכפירונג דעם נעכטיקן טאָג, אַ פאָר גראָשן, וואָס האָבן זיך ערגעץ פאַררוקט אין אַ ווינקעלע און שווייגן. גיי געפין זיי! ווער מען געפעלט אַזאַ לעבן? פון אַזאַ לעבן ווערט מען קראַנק, מוזטו זיין אין שפּיטאָל און קוקן דעם דאָקטאָר אין מויל אַריין. פע, פאַסקודנע! ווי מיינסטו?

מיר געפעלט דווקא, וואָס ער, מיין שכן, פאַרמאָגט נאָך גענוג הומאָר און לעבנסלוסט. כאָטש דער הומאָר זיינער איז פול מיט גאַל, מיט פאַר־ביטערונג.

צו אים פלעגט יעדן פאַרנאַכט קומען זיין ווייב מיט זיינע צוויי זין. מיט זיי פלעגט ער שמועסן פונעם באַלקאָן אַראָפּ. עס איז שווער געווען צו גלויבן, אַז ער, דער ביטערער קאָליקע, אויף די קוליעס, פאַרמאָגט אַזאַ שיינע, יונגע פרוי, אַ בלאָנדע מיט אַ קלינגענדיקן קול און אַזעלכע שיינע צוויי זין, פון 8 און 10 יאָר. געשמועסט האָבן זיי אויף רוסיש, נאָר ס׳איז

נישט שווער געווען צו פאַרשטיין, אַז די פרוי רעדט מיט אַ פּוילישן אַקצענט, געוויס איז זי נישט קיין רוסישע.

— ווי פילסטו זיך, סאָלאָמאָן?

— נישקשה, כ'האָב שוין 185. — ער האָט אַראָפּגענומען גאַנצע 5 מילימעטער.

— שטראָף זיי אַ ביסל אויס, סאָלאָמאָן! זיי האָבן זיך שוין ווידער געשלאָגן.

— נישט געשלאָגן, פּאַפּאַ, גלאַט אַזוי זיך געבאָרעט, אויף קאַטאָוועס. אמת, יאַשקע? — האָט דער עלטערער זון זיך פאַרענטפערט.

— אמת, פּאַפּאַ! מיכאל האָט היינט אַ פינפער באַקומען פון מאַטע־מאַטיקע, דאָס איז וויכטיקער. וועגן דעם דערציילסטו נישט, מאַמאַ. פאַר וואָס?

— דאָס לאָז איך איבער פאַר דיר — זון מיינער.

— קינדער, איך וויל אייך גלויבן. אָבער דער מוטער טאָרט איר נישט דערצערנען. זי האָט אַזוי אויך איר אָפּקומעניש. איר ביידע דאַרפט דער מאַמען פריילעך מאַכן...

— זי לאָזט דען אָנצושטעלן דעם ראַדיאָ, ווען זי קומט פון דער אַר־בעט? זי שיקט אונדז צו באָריס מאַטווייעוויטשן קוקן טעלעוויזיע, נאָך דעם ווען מיר האָבן אויסגעפּאַרטיקט די שטוב־אויפגאַבן. זי וויל דען פריילעכ־קייט?

— נו, קינדער, נאָך אַ ביסל און איך וועל שוין קומען אַהיים. איך פיל זיך שוין בעסער און די דאָקטאָרין זאָגט מיר צו אויסצושרייבן.

— צום ווידערזען, סאָלאָמאָן! צום ווידערזען, פּאַפּאַ! — און זיי לאָזן זיך אַהיים.

באַלד קוקן זיי זיך אום און פאָכען צום פאָטער מיט דער האַנט. אַזוי חזרט זיך איבער עטלעכע מאָל, ביז ער, סאָלאָמאָן, קערעוועט זיך אויס אַ צערודערטער צוריק אין דער פּאַלאַטע. דעם טאָג וויצלט ער זיך שוין נישט מער. ער לייגט זיך צוריק אין בעט אַריין און אַ טיפער קרעכץ רייסט זיך אַרויס פון זיין אינגעווייד...

# אַ נאַכט אין שפּיטאָל

די נאַכט איז אין שפּיטאָל געווען אַן אומרויִקע. כאָטש אַלץ איז פאַר־געקומען אין די קאָרידאָרן, שאַ־שטיל, נאָר איך בין נישט געשלאָפן און איך האָב אויפגעכאַפּט די אומרויִקייט און אַ פאַרטייעטן געריוש פון דרויסן. קראַנקע קרעכצן, אייניקע העכער, אַנדערע שטילער — דאָס איז אַן אָפּטע דערשיינונג, פּרויען כליפּען אויף אַ קול, אייניקע חלשן און מען מונטערט זיי — אויך צו דעם זענען מיר שוין געוווינט און ס׳ווירקט שוין נישט. אַנדערש ווירקט אויף אַלע קראַנקע דאָס כאָרכלען פון אַ גוססדיקן. זיי נע־מען עס אויף ווי פאַרשטיקטע קלאַנגען פון אַ מענטשן, וואָס עמיצער האַלט אים ביים האַלדז און שטיקט אים...

אַזעלכע פאַרדומפּטע קלאַנגען האָב איך אויפגעכאַפּט פון קאָרידאָר. זיי האָבן זיך דערטראָגן נאָענט צו דער טיר פון אונדזער פּאַלאַטע. כר... כר... כר... דאָס האָט אויפגערעגט, אפילו געשראָקן. פלעגט מען טאָקע אין אַזאַ צושטאַנד די שווער־קראַנקע ווי אַרויסכאַפּן פון דער פּאַלאַטע און ער־גען ווייט אַוועקפירן. פאַרוואָס־זשע האָט מען היינט אַזעלכן געלייגט נאָענט צו אונדזער טיר? איך בין געווען נייגעריק צו וויסן, וואָס קומט דאָרט פאָר. איך האָב זיך אַראָפּגעכאַפּט פון בעט, אַרויפגעכאַפּט אויף זיך דעם כאַלאַט און געלאָזט זיך אין קאָרידאָר אַריין, כלומרשט איך דאַרף „ערגעץ" גיין. דורכגייענדיק האָב איך אין דער האַלב־פינצטערניש דערזען ווי די דעזשו־רירנדיקע דאָקטאָרין און צוויי שוועסטער פאָרען זיך מיט דעם כאָרכלדיקן קראַנקן. נישט ווייט פון זיי איז געשטאַנען אַ יונגע פרוי, מיט צעשויבערטע האָר און געשאָקלט זיך, ווי זי וואָלט געדאַוונט און דערביי אויסגעשריען:

— ער האָט געדראָט, אַז ער וועט זיך אויפהענגען, אָבער איך האָב אים נישט געגלויבט. אַז אָך און וויי איז צו מיר און מיינע קינדער!

— שטילער! איר שטערט אונדז אים צו ראַטעווען. די קראַנקע שלאָפן איצט. — האָט די דאָקטאָרין זיך געבעטן.

— ראַטעוועט אים, ראַטעוועט, טייערע! ער איז אַ טאַטע פון 3 קינ־דער. אַזאַ יונגער מאַן! איך האָב זיך דאָס מאָל פאַרהאַלטן אַ ביסל לענגער. ווען איך האָב זיך צוריקגעקערט איז שוין געווען נאָך אַלעמען. דאָס כאָרכלען

האָט אויפגעהערט, דער בר־מינן איז געווען איבערגעדעקט מיט דער קאָל־דרע און די פרוי זיינע האָבן די שוועסטער ווי געשלעפּט אַ פאַרחלשטע אין דער טיף פונעם קאָרידאָר. דאָס בילד האָט זיכער געווירקט אויף מיר צום שלעכטן און דערהויבן מיין בלוט־דרוק. בכלל ווירקט די שפּיטאָל־אַטמאָספער אויף יעדן קראַנקן שלעכט און פאַרערגערט זיין געזונט־צו־שטאַנד.

סאָלאָמאָן איז אויך נישט געשלאָפן. איך האָב געהאַט װעמען צו דער־ציילן וועגן דעם געשעענעם.

— אַ מצווה אויף איר! פריער פאַראומערט זי אים דאָס לעבן. אפשר אפילו זיך צעזניוכעט מיט אַ צווייטן און איר פרנסה־געבער, דעם טאַטן פון אירע קינדער, דערפירט צו זעלבסטמאָרד, איצט ליאַרעמט זי, רייסט אין וועלטן מען זאָל אים ראַטעווען. אַ שאָד די קינדער, זיי זענען זיכער נישט שולדיק. עלנטע יתומים — האָט סאָלאָמאָן ווי גערעדט צו זיך אַליין אין דער שטיל.

— פאַר וואָס האָבן זיי געראַטעוועט דעם געהאַנגענעם אונטער אונ־דזער טיר? — האָב איך געוואָלט וויסן.

— מן הסתם איז אַ געפערלעכער קראַנקער געלעגן דאָרט אויף די זאַפּאַס־בעטן.

און ווירקלעך, אין דער פרי האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אין דער טיף פון קאָרידאָר איז געלעגן אַ יונגער, בלאָנדער מאַן, אַן האַרץ־קראַנ־קער, וואָס מען האָט אָקאָרשט פון ערגעץ געבראַכט. אַ שיין, בלאַס פּנים, מיט בולטע שוואַרצע אויגן און אַ צעשויבערטע געדיכטע שעוועלוירע, וואָס האָט זיין פּנים צוגעגעבן חן. זיין אויסזען האָט געוועקט מיטגעפיל ביי יעדן איינעם. ער איז געלעגן שטיל און זשעדנע געזויגן, ווי אַ פּיצל קינד דער מוטערס ברוסט, דאָס קישעלע מיט זויערשטאָף. די אָנגעדראָלענע פיס זע־נען געלעגן העכער אויף אַ קישן, די צעברייטערטע בלוט־אַרטעריעס זענען אָנגעפּוישט געווען מיט גראָבע בלויע ליניעס. נישט אַנדערש, נאָר דאָס גאַנצע בלוט פונעם קערפּער האָט געפּליסט אַראָפּ, אַראָפּ, אין די פיס אַריין. נעבן אים איז געלעגן אַ גרויסער אַרבוז, אַ רויטער מיט שוואַרצע קערעלעך. נאָך עטלעכע מינוט אָטעמען האָט די שוועסטער אים דערלאַנגט שטיקער

אַרבוז. גאָר אָפט האָט ער געלאָזט אורין, וואָס איז געוואַקסן אין דער גלעזערנער כלי מיט גראַדאַציעס. די שוועסטער פלעגט זי אַלע מאָל אויסליידיקן און פאַרשרייבן וויפל.

דעם קראַנקן האָט מען אויך אויף מאָרגן געלאָזט ליגן אין קאָרידאָר. דאָס איז געווען אַ סימן, אַז זיין צושטאַנד איז אַ געפערלעכער. צוליב אים האָט מען נישט געקענט דעם כאָרכלדיקן זעלבסטמערדער לייגן אַנטקעגן־איבער אים.

וועגן דעם נייעם קראַנקן האָבן שוין אייניקע פון אונדזער פּאַלאַטע זיך דערוווּסט: ערשט מיט צוויי יאָר צוריק האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ יונגער, שיינער מיידל. מען זאָגט, אַז ער האָט גאָר נישט געטאָרט חתונה האָבן. ער האָט אַ שוואַך האַרץ געהאַט, דערצו זיין שטענדיקער אַרומפאָרן אין שליחותן, אין צוזאַמענהאַנג פון זיין אַרבעט. די ווייב האָט אים געבוירן אַ צווילינג — צוויי יינגלעך. ער און זיין ווייב זענען אַזוי גליקלעך געווען מיט די קינדער. פאָרנדיק אין די באַנען פלעגט ער אָפט זיי זען אין דמיון, בענקען נאָך זיי. דאָס מאָל איז ער אויך געווען אין וועג, פאַר־קילט זיך און אַוועק אין שפּיטאָל אַריין, ערגעץ אין אַ קליין שטעטל. ער האָט אַליין געבעטן מען זאָל אים נישט פירן קיין קיעוו, כדי נישט צו באַ־אומרויִקן זיין פרוי, וואָס האָט אַזוי אויך געגוג ערגעגישן מיט די זין. ווען דער איינציקער דאָקטאָר פון קליינעם שפּיטאָל האָט געזען, אַז קיין פאַר־בעסערונג קומט נישט אין זיין צושטאַנד, האָט ער דאָך פאַראָרדנט, אַז מען זאָל אים איבערפירן קיין קיעוו, אין שפּיטאָל, אויף סטאַלינקע.

ערשט אין דער פרי האָט מען זיין פרוי צו וויסן געגעבן וועגן איר מאַן. זי איז באַלד געקומען צו לויפן אַ צערודערטע, אַ פאַרוויינטע. אַ יונגע, שיינע פרוי. זי איז צוגעלאָפן צו איר קראַנקן מאַן, געקניט פאַר אים און געקושט זיינע ווייסע הענט. פון אויפרעגונג האָט זיך דער קראַנקער שטאַרק פאַרהוסט. מען האָט אים געמוזט מונטערן מיטן זויערשטאָף קישעלע.

— אַזאַ אומגעריכטער אומגליק! מעגלעך, אַז זי האָט גאָרנישט גע־ווּסט, אַז איר מאַן איז בכלל געווען אַ קראַנקער.

— אַננאַ, טייערינקע! — האָט דער קראַנקער געפּליסטערט מיט בעטנדיקע אויגן.

— אַננאַ, ברענג אַהער די זינעלעך! ברענג, וואָס שנעלער!

— איך לויף שוין! איך האָב דאָך זיי געלאָזט אַליין אין שטוב — זיי זענען נאָך געשלאָפֿן. — ערשט איצט האָט זי זיך דערמאָנט אין דעם. בליק־שנעל איז זי געלאָפֿן מיט אַ שטאַרק קלאַפּנדיק האַרץ און מוראדיקן שרעק אין די אויגן, סיי צוליבן מאַן, סיי צוליב די קינדער.

פֿון מינוט צו מינוט האָט מען געקענט זען אַן ענדערונג צום שלעכטן אין דעם קראַנקן. זיינע אויגן האָבן זיך ווי איינגעגראָבן טיפֿער, דאָס פּנים איז געוואָרן געל־בלאַס, די צאָל אורין איז געוואַקסן און דער פּולס האָט געקלאַפּט אַלץ פּאַמעלעכער...

נישט לאַנג האָט געדויערט און זיין ווייב איז צוריקגעקומען מיט איין קינדעלע אויף דער האַנט. דאָס צווייטע איז פֿאַרבליבן ביי אַ שכנה.

— שטאַרק זיך, טייערינקער, שטאַרק זיך! דו ביסט דאָך אַזוי יונג — שטאַרק זיך! אָט האָב איך דיר געבראַכט בעניעקן — דיין זונעלע.

דאָס קינד האָט, ווייסט אויס, דעם טאַטן נישט דערקענט. ס׳איז אים טאַקע שווער געווען צו דערקענען. ער האָט זיך דערשראָקן פֿאַרן אויסזען פֿון דעם, וואָס האָט אויסגעשטרעקט צו אים זיינע בלאַסע הענט און גע־שמייכלט צו אים אַזוי אויסטערליש פֿרעמד און דער שמייכל איז אַזוי ענ־לעך צו אַ געוויין. ער האָט זיך אַ ריס געטאָן צוריק צו זיין מוטער, אויך זי ווײנט שטיל און בעט זיך ביי אים:

— דיין טאַטע, בעניקל! דיין טאַטע!

דאָס זונדעלע קען נישט פֿאַרשטיין וואָס דאָ קומט פֿאָר, וואָס ווילן זיי פֿון אים? ער צעוויינט זיך אויף אַ קול, ציטערנדיק אין זיין מוטערס הענט און רייסט זי אויף צוריק צו דער טיר. זי לאָזט זיך גיין צוריק און שרייט אויס דערביי:

— איך וועל ברענגען מאַניקלען! איך קום באַלד צוריק!

צי האָט דער מאַן אירער געהערט איר צוזאָג, מעגלעך, אַז נישט. ער האָט נאָך זשעדנער געאָטעמט פֿונעם קישעלע און ווי זיך געשטיקט מיטן זויערשטאָף. די דאָקטאָרין האָט אים געמאַכט אַן איינשפּריצונג, אַן אַנדערע האָט אים געעפֿנט אַן אָדער און אַ טונקעלער שטראָם בלוט האָט אַ פֿלוס געטאָן אין דער צוגעשטעלטער כּלי. עס האָט זיך דערהערט אַ שטיקנדיקער

כאָרכלען פונעם האַלדז. ווען דער טויט שטייט שוין צוקאָפּנס — איז אים שווער צו באַזיגן...

*

ווען אַננאַ איז געקומען צו לויפן מיט איר צווייטן זון אויף די הענט, האָט מען זי שוין נישט אַרויפגעלאָזט:

— נישטאָ שוין צו וועמען! נ י ש ט אָ!

## די ווייען פון פאַרמעלדן זיך

טויט־פאַלן אונטער די ווענט פונעם שפּיטאָל זענען געווען אַן אָפּטע דערשיינונג. די אָנפירונג האָט זיך באַמיט מיט אַלע מיטלען צו פאַרהוילן די טויט־פאַלן פאַר די קראַנקע. נאָך איידער דער קראַנקער האָט אויסגע־הויכט די נשמה, פלעגט מען אים שוין אַרויספירן פון דער פאַלאַטע. די לעצטע הילף האָט מען אים שוין געגעבן אין דרויסן, אין קאָרידאָר. דאָך זענען די קראַנקע געווען ביז גאָר פילבאַר און פלעגן דערהערן פון דער ווייטנס די לעצטע כאָרכל־קלאַנגען און אפילו זען אין דמיון די לעצטע קאָנוואולסיעס פון דעם שטאַרבנדיקן.

יעדער פאַל פלעגט זיך אָפּרופן אויפן געזונט־צושטאַנד פונעם קראַנקן. מיר זענען געווען ווי מיטזינגער פון אַ גרויסן כאָר, פון וועלכן ס׳פאַלט פלוצים אָפּ איינער פון די זינגער.

אויפן צווייטן טאָג, נאָך דער שרעקלעכער נאַכט, האָט די דאָקטאָרין פון אונדזער פאַלאַטע שוין פעסטגעשטעלט אַ פאַרערגערונג אין מיין גע־זונט־צושטאַנד. דער בלוט־דרוק האָט זיך אַ הויב געטאָן. די דאָקטאָרין האָט פאַרביסן די שאַרלאַך־רויטע ליפּן אירע, אַ ברוגז־מינע האָב איך באַמערקט אין אירע בלויע אויגן, נאָר זי האָט געשוויגן. נאָר איך אַליין האָב אָפּגע־פילט איר שווייגן, ווי אַ פאָרוואורף:

— פע, ווי שעמט איר זיך נישט?! איר, אַ דערוואַקסענער מענטש, מיט אַזאַ איבערגעשפּיצטער פילבאַרקייט...

איך האָב אַליין געטראַכט בײַ זיך אין האַרצן:

— עך, ווען איך וואָלט געקענט זײַן בײַ זיך אין שטוב, אין דער סביבה פֿון מײַן ווײַב און זון, וואָלט איך זיכער גאָר שנעל געקומען צו זיך.

יעדן טאָג פֿלעג איך זען מײַן ווײַב און יעדע פּאָר טעג אויך מײַן זון און שמועסן מיט זיי פֿון אויבן אַראָפּ. שוין דאָס אַליין האָט פֿאַרבעסערט מײַן געמיט. זייער שמייכלען צו מיר, זייער טרייסטן האָבן געווירקט בעסער פֿון יעדער מעדיצין. איך האָב דאָך פֿאַרשטאַנען וויפֿל מי זיי לייגן אַרײַן אין דער פֿראַגע פֿון פֿאַרמעלדן מיך אין קיעוו. מײַן פֿרוי האָט אַרויסבאַקומען אַ באַשטעטיקונג פֿונעם הויפּט־דאָקטאָר, אַז איך בין געפֿערלעך קראַנק און נויטיק זיך אין אַ כסדרדיקער אויפֿזיכט, אָבער דער דירעקטאָר פֿון דער שול, דער עקשן, האָט נישט געוואָלט געבן דעם פֿאַרמעלדונגס־בוך, מײנענדיק, אַז אַזוי אַרום וועט ער פּטור ווערן פֿון מײַן פֿרוי און זון און באַקומען מײַן דירה אומזיסט.

זאָיע סאַוויטשנע, די פֿאַרוואַלטערין פֿונעם שולוועזן, אונטער וועמענס אָנפֿירונג איך האָב געאַרבעט עטלעכע יאָר און אַזוי פֿיל אויפֿגעטאָן, אפֿילו פֿאַר איר פּערזענלעך, האָט זיך געפּרוווט אַרויסדרייען פֿון דעם ענין:

— דער דירעקטאָר האָט זײַנע קאָמפּעטענצן און איך קען זיך נישט מישן.

די טעג אין שפּיטאָל ציען זיך אַזוי לאַנג און אומעטיק. דער ריח פֿון די אַרומיקע קראַנקע באַשווערט דאָס אָטעמען. די פּנימער, צעקרימטע פֿון ווייטיק און שטענדיקער אומצופֿרידנהייט, קענען נישט באַווירקן צום גוטן אפֿילו אויף די, וואָס ליידן ווייניקער.

אין דרויסן, ווי שטענדיק אין די זומערדיקע יולי־טעג, גרינען די טאָפּאָלן, די פּרוכטן־ביימער ווערן רײַף און שמעקן מיט עפּל און באַרנעס; סײַ קינדער, סײַ דערוואַקסענע באָדן זיך אין די קילע וואַסערן פֿונעם ברייטן דניעפּער, אָדער אין דער אָזיערע אין די נאָענטע גאַלאָסיעוווער וועלדער און ברענען זיך אָפּ אונטער די שטראַלן פֿון דער זון. די פֿייגעלעך זינגען שירה, אפֿילו די גרינע זשאַבעס פֿון די בלאָטעס לאָזן הערן אין די אָוונטן זייער קוואַ־קוואַ, ווי אַ תּפֿילה — און איך מוז ליגן אין בעט, אַרומ־

געריגנלט מיט אומגליקלעכע מענטשן וואָכן לאַנגע און ווער ווייסט ווי לאַנג ס'וועט זיך ציען...

— און אפשר — האָב איך געטראַכט — וואָלט איך זיך פאָרט באַפרייט פון דאַנען און אַרויסגעפאָרן קיין וואַסילקאָוו. דאָרט ווױנען דאָך אויך מענטשן, יידן. דאָרט וועט דאָך פאָרט בעסער זיין, ווי אין די לאַגערן.

אין מיין לאַגע, דאָ אין שפיטאָל, איז נישט לייכט געזונט צו ווערן. די דאָקטוירים זענען יונגע, מערסטנס פרויען, זיי פאַרמאָגן זיכער אַ גוטן ווילן צו ראַטעווען די קראַנקע, אָבער דער גוטער ווילן איז ווייניק. מען דאַרף פאַרמאָגן גרעסערע קענטענישן, פּראַקטיק און אויך די געהעריקע הייל־מיטלען. און דאָס אַלץ איז פאַראַן אין גאָר אַ קליינער מאָס. ביליקע איינשפּריצונגען, סטאַנדאַרטע טאַבלעטן, כמעט פאַר אַלע די זעלבע. בלויז געציילטע קראַנקע באַקומען דורך די אייגענע בעסערע מעדיצינישע מיטלען, וואָס שטאַמען זיכער פון אויסלאַנד. צו איינעם, אַן עלטערן יידן, פלעגט אפילו קומען אַ פּראָפעסאָר און מאַכן אים איינשפּריצונגען אין רוקן. אמת, אויך אים האָט מען אין גיכן אויסגעשריבן פונעם שפיטאָל און מען האָט אים גענומען אַהיים. ער האָט, ווייזט אויס, געוואָלט שטאַרבן אויפן אייגענעם בעט צווישן אייגענע. אַזעלכע פאַלן זענען געווען נישט ווייניק. די הויפּט־פאַרוואַלטערין פלעגט ראַטן די האָפענונגסלאָזע קראַנקע צו נעמען אַהיים. אַזוי אַרום איז פאַרקלענערט געוואָרן די אמתע סטאַטיסטיק פון טויט־פאַלן אין שפיטאָל. פאַר די, וואָס שטאַרבן אין דער היים, איז זי נישט פאַראַנטוואָרטלעך.

וועגן די אַלע זאַכן האָט מיין שכן סאָלאָמאָן מער געוווסט פון מיר. וועגן דעם פלעגן מיר אָפטער שמועסן אין דער שטיל. גערעדט האָט ער וועגן דעם מיט אַ גלייכגילטיקייט ווי ער וואָלט געווען בלויז אַן אָבסערוואַטאָר ,מיט הומאָר און פאַרטייעטן שפּאָט. אַ מאָל פלעגט ער אויך אַריינמישן אַן היימישן אַנעקדאָט, וואָס האָט געלאָזט פאַרגעסן אויף אַ קליינער צייט אינעם אומעטיקן אַרום, דאָס טראַכטן וועגן מאָרגן און אפילו אַרויסרופן אַ שמייכל.

— אין איינעם פון די פרימאָרגנס איז אָנגעפאָרן אַ פויער אַ קאָלכאָזניק מיט זיין פור אין שפיטאָל אַריין. זיין ווייב, אַן עלטערע פויערין, איז

געלעגן אויסגעצויגן אויף דער שטרוי, נישט טויט, נישט לעבעדיק, מיט אַ פאַרחלשט בלאַס געזיכט און פאַרמאַכטע אויגן...

— ס׳איז איר פּלוצים אויפן מאַרק נישט גוט געוואָרן, אַ „גוט אויג״ באַקומען, אָדער דער „נישט־גוטער״ האָט איר אַ מעשה אָפּגעטאָן — און פאַרטיק! איך האָב זי קוים אַ לעבעדיקע אַהער געבראַכט — אַזוי האָט דער פויער געטענהט צו דער דיזשורינדיקער קראַנקן־שוועסטער.

די שוועסטער האָט אַרויסגענומען פון איר כאַלאַט־קעשענע אַ טער־מאָמעטער, צוגעגאַנגען צו דער פור און אַריינגערוקט אים דער פויערטע אונטער דער האַנט. שווייגנדיק איז זי צוריקגעגאַנגען אויף איר אָרט, וואַר־טנדיק ביז דער טערמאָמעטער וועט אָנציען. אין צען מינוט אַרום גייט זי אַרויס פעסטצושטעלן די טעמפּעראַטור פון דער קראַנקער. אַ נעכטיקער טאָג! נישטאָ דער וואָגן, נישטאָ דער פויער, נישטאָ די קראַנקע. ווו זענען זיי אַהינגעקומען? אַ רעטעניש!

— דער טערמאָמעטער איז טאַקע אַ שאָד, אָבער וואָס איז געשען מיט דער קראַנקער?

אין אַ וואָך אַרום איז אָנגעפאָרן צום שפּיטאָל דער פויער מיט דער פויערטע. ער האָט פאַמעלעך, מיט געהיטע הענט, דערלאַנגט דער שוועס־טער דעם טערמאָמעטער, די פויערין איז צוגעפאַלן צו אירע הענט און גע־קושט זיי און מיט טרערן אין די אויגן געמורמלט:

— אַ געזונט אייך אין די הענט אַריין! דער אַלמעכטיקער זאָל אייך באַצאָלן!

— איך האָב אייך געבראַכט אייער וואונדער־שטעקעלע, שוועסטערקע לעבן! און אַ „מאָהאַריטש״, אַ מתנה דערצו. פינף פרישע אייער, היינט פון דער הון. ווי נאָר איר האָט דאָס כישוף־שטעקעלע אַרונטערגעלייגט, איז איר, ווייזט אויס, שוין בעסער געוואָרן. זי האָט באַלד געעפנט די אויגן...

— אַ וועלט האָב איך דערזען, גאָטס וועלט!

— אין דער היים איז זי שוין אַליין אַראָפּגעקראָכן פון וואָגן, אַ לע־בעדיקע, אַ געזונטע. גאָט זאָל אייך באַצאָלן. ממש אַ נס פון הימל...

## סודות אַנטפּלעקן זיך

וואָס לענגער איך בין געלעגן אין שפּיטאָל, בעט ביי בעט מיט סאָלאָ־מאָנען, זענען אונדזערע חברישע געפילן, איינער צום אַנדערן, געוואַקסן און שטאַרקער געוואָרן. אים — דעם קאַליקע איז שווער געווען אַראָפּצוגיין פון בעט, פלעג איך אים אָפּט צוהעלפן, דערלאַנגען אים, וואָס ער האָט באַדאַרפט, כדי ער זאָל נישט באַדאַרפן רופן צו הילף די פּאַרנומענע שוועס־טער, דערלאַנגען אים די קוליעס — ער זאָל קענען אַראָפּגיין פון בעט און אַרויסגיין אויפן באַלקאָן, ווען זיין ווייב און קינדער פלעגן קומען מיט אים זיך צו זען פון דער ווייטנס.

ער האָט אויך באַקענט מיך מיט זיין פרוי, פאַרשטעלנדיק מיך אַלס זיין נאָענטסטן פריינד. יעדער זייער באַזוך האָט אים פאַרשאַפן גרויס פרייד און נישט ווייניק עגמת נפש. נאָך יעדן באַזוך האָט ער געהאַט אַ באַדער־פעניש זיך צו טיילן מיט זיין פרייד און אומעט. פלעגט ער זיך צורוקן נענ־טער צו מיר און שטיל, כמעט שעפּטשענדיק, רעדן, רעדן...

— יידן זענען פון תמיד אָן אַ פאָלק פון אחדות, אפילו אין שפּיטאָל.

— אַזוי פלעגן אייניקע פון די קראַנקע קריסטן באַמערקן צווישן זיך, זיכער נישט אָן קנאה. דערצו אויף אַ קול — מיר זאָלן הערן.

— פאַר וואָס נישט? — האָב איך אַ מאָל אָפּגעענטפערט. — מירביידע קרענקען אויף איין קרענק. שותפותדיקע זאָרגן וועגן ווייב און קינ־דער. נישט מער — ער האָט אַ ווייב אַ יונגע בלאָנדינקע, האָב איך אַן על־טערע בלאָנדינקע.

— דערפאַר טראָגן אים נישט די אייגענע פיס, נאָר די קוליעס און דו גייסט אויף די אייגענע — האָט איינער אַרויסגעזאָגט, מיט אַ געלעכטער, אַרויססטאַרשענדיק דערביי זיינע פוילע ציין, מיינענדיק, אַז ער האָט אַ גרויסע חכמה אַרויסגעזאָגט.

איך האָב באַמערקט, אַז סאָלאָמאָן האָט דערביי פאַרביסן די ליפּן, אַ שאָטן פון אומעט און טרויער האָט ווי באַדעקט זיין געזיכט און די אויגן. ער האָט פאַרשוויגן, כאָטש זיין שוויגן איז אויך געווען דער אויסדרוק פון פּראָטעסט. דערפאַר האָט די באַמערקונג פונעם נאַרישן פויער אים גע־

שטויסן, ער זאָל זיך טיילן מיט מיר מיט דעם, וואָס האָט אים געדרוקט דאָס האַרץ. שוידערלעכע דערינערונגען פון דעם פאַרגאַנגענעם אַמאָל זענען אויפגעשווומען אין זיכרון און ער האָט זיך אַרויסגעזאָגט:

— עך, ווען נישט מיינע קראַנקע פיס, וואָס זענען מיר אָפּגעפרוירן געוואָרן, וואָלט איך שוין לאַנג געווען אויף דער בעסערער וועלט, מיט די אָבות. אין די שוידערלעכע צייטן פון דער „יעזשאָוושטשינע״, אין יאָר 1938, האָט מען מיך פאַרשיקט אויף 10 יאָר אין די ווייטע לאַגערן פון „נוריללאַג״. זעלטן ווער איז פון דאָרט געקומען צוריק אַ לעבעדיקער. פאַר וואָס? איך זאָל אַזוי וויסן פון זיי! „טראָצקיזם״, „אָפּאָזיציע״, ריכטיקער, גלאַט אַזוי, אַן איבעריקער ייד. ס׳איז נישט שווער געווען צו געפינען אַ באַרעכטיקונג, הלמאי מ׳נעמט אַן אומשולדיקן יידן, אַ בוכהאַלטער און מען פאַרשיקט אים אויף שווערער אוממענטשלעכער קאַטאָרגע־אַרבעט אין אַן אָרט, ווו ווילדע חיות קאָנען נישט וווינען. די אמתע סיבה איז געווען: אַ געזונטער יאַט און אַ ייד דערצו. דער ניי־געגרינדעטער נוריל־קאָמבינאַט נויטיקט זיך אין אַרבעטס־הענט. קיין פרייוויליקע בעלנים זענען נישטאָ און עס קען נישט זיין, נו, דאַרף מען שיקן מענטשן מיט געוואַלד. וואָלט מען כאָטש געשאַפן פאַר די קנעכט באַדינגונגען צום לעבן: ברויט צו דער זאַט, ריינע וואַסער צום טרינקען, מענטשלעכע וווין־באַדינגונגען — וואָלט נאָך געווען צו דערליידן. חדשים לאַנגע ציען זיך די נעכט אָן אויפהער, די צפונדיקע קעלטן, שנייען און פרעסט, קאַלטע שטורעם־ווינטן. אַ יאָר, צוויי, מערסטנס דריי יאָר! ווער קען לענגער דאָרט אָנציען?!

— אַ נס איז געשען.ביידע פיס זענען ביי מיר אָפּגעפרוירן געוואָרן. זיי האָבן, ווייזט אויס, געהאַלטן, אַז מען וועט מיך אויסהיילן, אַנדערש וואָלטן זיי מיך נישט געשיקט אין שפּיטאָל אַריין.

אין מיטן פון זיין טרויעריקער דערציילונג, האָט ווי אַ שיין אַדורכ־געלויכטן זיין געזיכט.

— ס׳איז מיר באַשערט געווען צו בלייבןביים לעבן. האָט מיר דער גורל צונויפגעטראָפן מיט מיין זאָסיען. זי האָט געאַרבעט, אַלס קראַנקן־שוועסטער, אין שפּיטאָל. אין יאָר 1939 זענען אַ סך פּאָליאַקן אַנטלאָפן קיין

ראַטנפאַרבאַנד, ראַטעוועגדיק זיך פון די דייטשן, צווישן זיי זענען געווען אויך זאָסקע מיט איר פאָטער. די מוטער אירע האָט שוין נישט געלעבט.

פאַרשיקט געווען אויפן ווייטן סיביר. דער פאָטער האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. אין דער פאַרפרוירענער ערד האָט ער זיין רו געפונען. די פאַר־בליבענע עלנטע יתומה איז אַוועק אַרבעטן אין שפּיטאָל פאַר די לאַגער־קנעכט. צי איר גוט האַרץ, צי איר אומגליקלעכע לאַגע, צי זענען מיר זיך ביידע געפעלן פונעם ערשטן בליק — זי איז געוואָרן פאַר מיר מיין מלאך הגואל. אַן איבעריקן ביסן ברויט פאַר מיר געשאַפן, געראַטעוועט מיך אַ סך מער ווי דער דאָקטאָר, אויך אַ פאַרשיקטער, זי האָט מיך געשטעלט אויף די פיס, פאַרשטענדלעך, אויף קוליעס. זי האָט געטאָן אַלץ מען זאָל מיך אַקטירן, אַלס אַן אומאויסהיילבאַרן קראַנקן און פאַרבייטן מיין שטראָף אויף „פאָסיעלעניע" אין די צפון־ראַיאָנען.

— זי האָט מיך נישט פאַרלאָזט אויך שפּעטער, אַריינגענומען צו זיך אין איר פּיצל צימערל און געשאַפן פאַר מיר אַרבעט, אַלס געהילף ביים בוכהאַלטער פון שפּיטאָל. צוויי וועלטן: אַ ייד און אַ פּאָלקע, אַ שיינע יונגע פרוי, אין פולן בלי און אַ קאַליקע, אָבער דער געמיינזאַמער גורל פון עלנט און פאַרוואָרפנקייט, נויט און האַרציקייט, וואַרעמקייט און געשלעכטלעכער דראַנג — האָבן געשאַפן דעם נס פון ליבע... צוזאַמען האָבן מיר שוין נישט געפילט די עלנט, דער קאַרגער ביסן ברויט איז זיסער געוואָרן, עס האָבן אויפגעשיינט האָפענונגען אויף אַ בעסערן מאָרגן. דער זון אונדזערער, האָט אונדז נאָך שטאַרקער צעמענטירט און ווי נאָר די מלחמה האָט זיך געענ־דיקט איז אונדז געלונגען אַריבערצוקומען זיך אין באַפרייטן קיעוו, באַקו־מען די דירה פון מיינע אומגעקומענע עלטערן און מיין אַרבעט אַלס הויפּט־בוכהאַלטער פונעם זאַוואָד, ווו איך האָב געאַרבעט פריער. מיין זאָסקע האָט באַקומען אַרבעט, אַלס קראַנקן־שוועסטער, אין דער קראַנקן־קאַסע. דאָ איז שוין געבוירן געוואָרן אונדזער צווייטער זון. ווען נישט די קרענק מיינע, וואָלטן מיר געלעבט גליקלעך. די קינדער זענען ווילע יאַטן און זי — זאָסקע — איז מיין טרייסט...

די ערשטע טייל פון זיין פערזענלעכער טראַגעדיע איז אים געווען שווער צו דערציילן. די אויגן האָבן אויסגעדריקט טיפן אומעט און צער.

אָבער ביי דער צווייטער טייל האָבן זיי ווי אויפגעלעבט מיט שטראַלנדיקער פרייד מיט גלויבן אין מענטשן, מיט גרויסער האָפענונג. זיינע קלוגע אויגן האָבן אָנגעהויבן צו שמייכלען מיט יענער פרייד, וואָס שפּרודלט מיט חכמה, ערנסטע געפילן און גרויס חשק צו לעבן און דערלעבן...

מיר האָט זיך געדוכט, אַז ער האָט געהאַט פאַרגעניגן פונעם דער־ציילן, אָבער עס האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ מידקייט. ער האָט געוואָלט שלאָפן, שלאָפן...

## דער גאַסט

צוויי בייטלען מיט פרוכטן האָב איך באַקומען מיט אַ מאָל: באַרן־בע־רעס און גרעסערע טונקל־בלויע פלאָמען, ווי אַבריקאָסן. וואָס עפּעס אַזוי ברייטהאַרציק! — האָב איך אַ טראַכט געטאָן. צו וואָס דאַרף איך אַזוי פיל?

מינדעלע האָט שוין געוואַרט אויף מיר אין דרויסן. אַ שמייכלענדיקע איז זי געשטאַנען, די אויגן געווענדעט אַרויף און געשיקט צו מיר אַזעלכע וואַרעמע בליקן.

— מיר האָבן אַ גאַסט. די פלאָמען זענען פון אים. דו וועסט זיכער נישט טרעפן ווער דער גאַסט איז. איך האָב אים ביז איצט נישט געקענט, כאָטש דו האָסט מיר דערציילט וועגן אים. נעכטן קומט ער אַריין צו אונדז שפּעט אין אָוונט און שטעלט זיך מיר פאָר:

— פּ י מ ע! ווו איז דער פּאַפּאַשע מאַרקאָוויטש? — האָט ער מיך געפרעגט:

— פּימע? טאַקע אַן אומגעריכטער גאַסט. מיין ייִנגערער פריינד פון „דאָרטן". איך וויל זיך מיט אים זען. ווו איז ער — פּימע?

— ער האָט ביי אונדז גענעכטיקט. איך ווייס? אפשר האָב איך נישט געטאָרט אַזוינס טאָן? אפשר האָט אונדזער שכן גרופּין אים באַמערקט. אָבער, אַז אַ מענטש איז געקומען גלייך פון דער באַן אין אַ פרעמדער שטאָט, ווי האָב איך געקענט אַנדערש האַנדלען?

— גוט האָסטו געטאָן, מינדעלע. נישט מער, דו זאָג אים, ער זאָל זיין געהיט און קומען שפּעט אין אָוונט. שיק אים צו מיר, זאָל ער מיך אַ רוף טאָן פון דרויסן!

איך האָב נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן פּימען. זיין אומגעריכט קומען האָט ביי מיר אַרויסגערופן נישט ווייניק דערינערונגען וועגן לאַגער אין וויטשעגאָדסק, וועגן אַלטע גוטע פריינד. דורך אים וועל איך באַקומען אַ גרוס פון זיי. איך האָב געהאַט אַ נויטווענדיקייט מיט עמיצן זיך צו טיילן, דערציילן. נאָך דעם ווי סאָלאָמאָן האָט מיר דערציילט וועגן זיך, קען איך אים אויך דערציילן.

— מאָרגן דאַרף קומען צו מיר אַ חבר, אַ סך אַ יינגערער פון מיר, אַ בחור מיט אַ רייכער פאַרגאַנגענהייט, אָבער אַדורכגעליטן האָט ער נישט ווייניקער פון דיר. דו האָסט די פיס אָפּגעפרוירן און ער די הענט. דריי פינגער פון דער רעכטער האַנט פעלן אים. אַלץ אויפן פאַרשאַלטענעם צפון, אין דער קאַלטער זאַפּאָליאַריע. גאַנצע 8 יאָר אָפּגעבידעוועט אָן אַ פאַרוואָס?

— אין סאַמע אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער פריי־וויליק, אין עלטער פון 17 יאָר, אַוועק אין דער רויטער אַרמיי, געקעמפט מיט דער פאַשיסטישער חיה מיט חשק און קרבנות־גרייטקייט, אויך באַלוינט געוואָרן מיט אָרדנס און מעדאַלן. געוואַקסן איז ער אין דער ראַנג פון אַ פּשוטן רויטאַרמייער ביז אַ לייטענאַנט, דערגאַנגען ביז בערלין און געאַר־בעט, שוין נאָכן זיג, אין שטאַב, פאַרמאָגנדיק שוין אַ רויט פאַרטיי־ביכל. טראָגט אים אָן דער אומגליק אַ געטרודע, אַ דייטשקע, פון די פאָלקס־דייטשן, וואָס די דייטשן האָבן געבראַכט פון וואָלין, זי האָט געאַרבעט ביי זיי אין שטאַב אַלס מאַשיניסטקע און איבערזעצערין. מיט איר האָט פּימע זיך באַפריינדעט, אפילו גאָר שטאַרק זיך פאַרליבט. אַ יונגע, שיינע בלאָנ־דינקע, מיט העל־בלויע שמייכלדיקע אויגן. זיין ערשטע ליבע איז זי גע־ווען. עס איז געווען פאַרוועדט זיך צו פאַרבינדן מיט דייטשקעס, אָבער דער יוגנטלעכער ברען, דער נישט אויסגענוצטער תאווה־ווילן ווילן נישט וויסן וועגן דעם. איר האָט ער געשענקט זיינע בעסטע געפילן און אַלץ, וואָס ער האָט פאַרמאָגט: גאָלד און זילבער, בריליאַנטן — זיינע טראָפּעען פון דער מלחמה און געלט, וואָס ער פלעגט דערהאַלטן איבער גענוג. טרעפט אַ מאָל,

אַז ער טרעפט זי אין דער געזעלשאַפט פון זיין אָנפירער, פון דער סעקרע־טער־אָפּטיילונג. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער מוז זיך אָפּטראָגן. עס איז אים נישט אָנגעקומען שווער זיך צו באַפרייען פון דער אַרמיי, אָבער אַנטלויפן האָט ער נישט באַוויזן. אויפן וועג האָט מען אים פאַרהאַלטן און צוגעפירט צו דער גרענעץ פון די מערב־זאָנעס. דאָ האָבן שוין געוואַרט עדות, וואָס האָבן באַשטעטיקט, אַז ער האָט געוואָלט אַנטלויפן קיין מערב־דייטשלאַנד. אויפן מיליטערישן טריבונאַל האָט אויך געטרודע עדות געזאָגט, אַז ער — פּימע האָט איר צוגעזאָגט צו חתונה האָבן אויף יענער זייט. אוודאי האָט ער 10 יאָר באַקומען, אָן די רעכט צו אַפּעלירן...

פון דער 501 סטראַיקע האָט ער דאָך געוואָגט צו אַפּעלירן, האָט מען אים אין סאַלעכאַרד געהעכערט די שטראָף אויף 25 יאָר, כאָטש שריי חי וקיים!

פון וויטשעגאָדסקער לאַגער האָב איך שוין געשריבן פאַר אים אַנ־קלאַגעס, האָט מען פאַרקלענערט זיין שטראָף צוריק אויף 10 יאָר. ווען איך בין שוין באַפרייט געוואָרן, איז ער, מיטן אייגענעם ווילן, אַוועק אַרבעטן אין די וועלדער, כדי צו באַקומען דריי טעג פאַר אַ טאָג. איצט איז ער אויף דער פריי און איז געקומען צו מיר...

אַ ריכטיק שפּריכוואָרט: „צרות רבים — חצי נחמה". יעדער געלי־טענער זאָגט זיך נישט אָפּ צו הערן געשיכטעס פון אַנדערע אומגליקלעכע. מיין דערציילונג האָט סאָלאָמאָן אויפמערקזאַם אויסגעהערט און זיך אַרויס־געזאָגט:

— אָט אַזוי באַדאַנקען זיי פאַר פרייהייט, העלדישקייט און גלויבן! אַזעלכע געשיכטעס האָב איך זיך שוין אָנגעהערט אין די טויזנטער. און מערסטנס וועגן יידן. מיר זענען זיי גרויס אין די אויגן. און אפשר ווילן זיי נישט אונדזערע טובות. מוחל טובות! אַ סך יידן פאַרשטייען עס נישט און וואַרפן זיך אָן. נאַריש!

צומאָרגנס האָב איך דערהערט אַ באַקאַנטן רוף פון דרויסן: — מאַר־קאָוויטש!

די דאָקטאָרין האָט מיר דערלויבט אַראָפּצוגיין אונטן. פאַר מיר איז געשטאַנען פּימע, ער איז ווי אויסגעוואַקסן פאַר דער צייט, אין אַ נייעם

ביליקן אָנצוג, וואָס איז ווי געהאָנגען אויף אים, אין אַ קאָלירט העמד און גראָבע קאַמאַשן. אַן איינגעהאַלטענער שמייכל האָט אַראָפּגעבליקט פון זיין בלעכלעך, אויסגעמאַטערטן געזיכט און די רעכטע האַנט מיט די איבער־געבליבענע צוויי פינגער האָט ער באַהאַלטן אונטער זיך. געגעבן האָט ער מיר זיין לינקע האַנט און פריינדלעך זיך באַגריסט.

— ווי גוט איז וואָס דו ביסט געקומען! פון וואַנען? מיט וועמען פון אונדזערע האָסטו זיך געטראָפן? ווי אַזוי האָט די שטיפמוטער און אירע טעכטער דיך אויפגענומען?

— פרעג בעסער נישט! ווי אַ פרעמדן און נישט געבעטענעם. מען האָט אפילו מורא געהאַט מיט אַ „פּאָלקס־פּאַרטעטער״ זיך צו טרעפן. די עלטערע איז שוין אַ דאָקטאָרין — ווי קום איך צו איר?! זיי האָבן טאַקע בלויז איין צימער ביים שפּיטאָל, אָבער...

— נישט געזאָרגט, פימע! דער עיקר איז די פריי. אָט האָב איך מיין וווינונג, מיין ווייב און זון און מען לאָזט מיך נישט מיט זיי זיין צוזאַמען. נישט די ערשטע און נישט די לעצטע עוולה טוען זיי אונדז. דו, פימע, דאַרפסט חתונה האָבן און פאַרלייגן אַן אייגענע משפּחה.

— יאָ, דאָס קלער איך טאַקע טאָן. מוטשניקס שוועסטער ראָט מיר צו פאָרן קיין בערדיטשעוו. דאָרט האָט זי אַ קוזינע, שוין אַן עלטערע בתו־לה, אָבער זי וועט מן הסתם אַרויספאָרן קיין פוילן, ווייל זי איז געקומען פון דאָרטן, וועל איך מיט איר מיטפאָרן און פון דאָרט...

— וועלן מיר זיך אויך דאָרט טרעפן, פימע, אין אונדזער היסטאָ־רישער היים. פאָר און זיי מצליח!

— דער פּלאַן איז מיר געפעלן, כאָטש איך שטעל זיך פאָר, אַז זי, די כלה האָט אָט די גרעסטע מעלה... זי קען מיך פירן צו זיך אַהיים! איך בענק אַזוי אַהיים! דאָרט וואָלט איך צוריק אַ מיליטערמאַן געוואָרן און געקעמפט מיט מסירות, נשמה און האַרץ. דאָרט וואָלט איך זיכער נויטיק געווען. דאָ קענען זיי בלויז אויסנוצן, אויסזויגן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט און אויסשפייען, ווי אַ פרעמדן...

# אַזוי אומגעריכט

צווישן מיר און סאָלאָמאָנען איז אָנגעגאַנגען אַ שטילער געוועט: ווער פון אונדז ביידע וועט פריער פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל. דער בלוט־דרוק איז ביי אים געפאַלן, אַזוי אַז אינדזער דאָקטאָרין האָט געהאַלטן, אַז ער קען שוין אויסגעשריבן ווערן פונעם שפּיטאָל. וועגן זיינע שוואַכע, קראַנקע פיס, וואָס האָבן קוים געטראָגן זיין פעט־לייביקן קערפּער, האָט קיינער נישט געטראַכט, אַז ער קען זיך נאָך אויסהיילן. מילא, צו די קוליעס איז ער שוין געוווינט געווען — וועלן זיי אים שוין טראָגן. נאָך נעכטן אין דער פרי האָט די דאָקטאָרין אים אויסגעפרעגט וועגן זיינע וווינונגס־באַדינגונגען, וועגן זיין אַרבעט, זייענדיק ביי דער מיינונג, אַז אין דעם נאָענטן פרייטיק קען מען אים אויסשרייבן.

— הייסט עס, האָב איך געטראַכט, אַז סאָלאָמאָן האָט געוווּנען דעם געוועט. זאָל אים ווויל באַקומען! נו, און איך? ווי לאַנג וועל איך זיך נאָך דאָ מאַטערן? וועגן פאַרמעלדן מיך אין קיעוו זענען פאַראַן קליינע האָפענונגען. מילא, וועל איך אַרויספאָרן קיין וואָסילקאָוו. מעגלעך, אַז איך וועל זיך שאַפן אַ פּאָר פּריוואַטע לעקציעס. אפשר וועל איך זיך גאָר אַריבערוואַרפן אויף בוכהאַלטעריי. פאַר אַ לערער פון מאַטעמאַטיק איז דאָס פון די לייכטסטע זאַכן. סאָלאָמאָן איז אויך ביי דער זעלבער מיינונג, ער האָט מיר אפילו צוגעזאָגט באַהילפיק זיין מיט זיינע קענטענישן און גרויסער פּראַקטיק.

איך האָב געהערט, ווי סאָלאָמאָן האָט געבעטן זיין פרוי, בשעת דער זעונג, אים צו ברענגען דעם נאָענטן פרייטיק זיין אָנצוג און שיך.

זיין יונגע פרוי איז גרייט געווען צו טאַנצן פאַר פרייד. זי דאַרף אים אַזוי האָבן אין דער היים, נאָך מער פון איר דאַרפן אים די זין. קינדער דאַרפן האָבן אַ טאַטן, האָט זי געטראַכט, דערצו איז איר סאָלאָמאָן פאַר זיי דער גרעסטער אויטאָריטעט אין באַציט זיך צו זיי אַזוי חבריש, און זיין וואָרט איז ביי זיי הייליק.

— איך דאַנק דיר, מאַטקאַ באָסקאַ, (הייליקע מוטער) — האָט זיך ביי איר אַרויסגעכאַפּט אויף איר מאַמע־לשון. דערביי האָט זי אירע העל־בלויע אויגן געווענדעט צום הימל.

גאַר ווייניק קראַנקע פלעגן פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל פּולקאָם געזונטע. דאָך האָט יעדעס מאָל דאָס באַפרייען זיך פון אַ קראַנקן געוועקט האָפענונג און נישט ווייניק קנאה־געפילן. נעבן אונדזער בעט איז געלעגן אַ קריסט, אין די פופציקער יאָרן, אַן האַרץ־קראַנקער. גאַר אָפט פלעגט אים אויסקומען צו אָטעמען פונעם קישעלע מיט זויערשטאָף. די פיס זענען ביי אים געווען דיקע, געשוואָלענע און ביי יעדער באַריר מיט די פינגער פלעגן בלייבן טיפע, העלע שפורן.

— ווער ווייסט צי מיינע „קלעצער" וועלן אויך מיר אַ מאָל אַרויס־טראָגן פון דאַנען? האָט ער זיך אָפּגערופן מיט אַ קרעכץ. צום ערשטן מאָל האָט ער זיך צערעדט פאַר דער גאַנצער צייט: — פאַרשאָלטן זאָלן זיין די ספּאָרט־פאַרמעסטונגען! איך בין געווען פון די בעסטע שווימער. געקעמפט אויף די שווים־פאַרמעסטונגען, אויף אויסדויער און אויף שנעלקייט. נישט איין מאָל גענומען דאָס ערשטע אָרט. צוליב זיי בין איך אויסגעשפּילט געוואָרן פאַר דער צייט. ביים לעצטן מאָל, בלויז איין קילאָמעטער שווימען, אויף שנעלקייט, זענען מיינע פיס ווי פאַרשטיינערט געוואָרן, זיי האָבן שוין נישט געקענט אַרויסגיין פון וואַסער. פון דאַן אָן קרענק איך אויף דעם האַרץ. אין מיין פרווי האָב איך זיך פאַרליבט, ווייל זי איז באַרימט געוואָרן אַלס לויפערין. אפילו, ווען זי האָט מיינע צוויי טעכטער געבוירן, איז זי נאָך אַלץ געלאָפן און געזיגט. געזיגט און פאַרשפּילט דאָס האַרץ. צוויי געליטענע אויפן האַרץ קענען נישט זיין צוזאַמען. זענען מיר זיך צעגאַנגען. נישט געקריגט זיך, נאָר מיט גוטן זיך צעגאַנגען. ווי עס פירט זיך — זענען די טעכטער ביי דער מאַמען...

די אַרויסגערעדטע אַנטפּלעקונגען האָבן אים שטאַרק צערודערט און ער האָט געמוזט אָנקומען צום זויערשטאָף־קישעלע.

אויפן צווייטן טאָג איז פאָרגעקומען דער טאָג פון זעונגען. צו סאָלאָ־מאָנען איז געקומען אַ גאַסט. אַ יונגע בלאָנדע מיידל, זיין געהילפס־בוכ־האַלטערין. זי איז געקומען אים מבקר חולה זיין אין נאָמען פון זיין אַר־בעטס־קאָלעקטיוו. זי האָט געבראַכט מיט זיך בונטע בלומען, אַ פלאַש רויטן ווייַן און אַ טאָרט אין אַ ווייסן פודל.

— חבר סאָלאָמאָן! — האָט זי אים באַגריסט מיט אַ וואַרעמען שמייכל אויף די ליפּן — מיר אַלע וואַרטן אויף אייער קומען געזונט און שטאַרק!

— אַ דאַנק דיר, בלימע, פאַר די בלומען און פאַר אַלע גוטע זאַכן! שוין נישט לאַנג צו וואַרטן. היינטיקן פרייטיק שרייבט מען מיך שוין אויס פון דאַנען.

— אין אַ גוטער, מזלדיקער שעה! שוין די העכסטע צייט — האָט זי אויסגערופן אַ צעשטראַלטע — ס׳וואָלט כדאי געווען אַפילו אויסצוטרינ־קען צוליב אַזאַ וויכטיקער געשעעניש. דערצו האָב איך שוין די צווייטע וואָך חתונה מיט איליושען.

— עס פרייט מיך זייער, בלימע!

אָן איבעריקע רייד זענען זיי ביידע אַרויסגעגאַנגען אויפן באַלקאָן, געשמועסט צווישן זיך, אין אַ פריילעכן טאָן, אפילו מיט אַ קלינגענדיקן יונג־פרוייִשן געלעכטער, וועגן דער אַרבעט, וועגן עקסטראַ־געשעענישן, וואָס זענען פאָרגעקומען אין דער צייט פון זיין אָפּוועזנהייט. זי האָט נישט וויניק פלאָטקעלעך דערציילט, דערביי האָבן זיי ביידע אויסגעטרונקען צו ביסלעך וויין פון די גלעזער און פאַרביסן מיט שטיקלעך געבעקס.

אין דער זעלבער צייט זענע אַ סך געסט געקומען צו די קראַנקע. מערסטנס זענען געזעסן אויף די בעטן, אייניקע געשטאַנען. כאָטש מען האָט גערעדט גאָר שטיל שעפּטשענדיק, אָבער אין אַלגעמיין האָט זיך באַקומען אַ גערויש. צו אונדזער שכן זענען אויך געקומען זיינע צוויי טעכטער און מיטגעבראַכט צוויי בייטלען מיט פּרוכטן. ביידע שיינע, אויסגעפּוצטע מייד־לעך, אין עלטער פון 12 און 14 יאָר. דער פאָטער האָט, ווייזט אויס, אַרויס־געקוקט אויף זייער קומען. זיי זענען אַריין גאָר שטיל און געשטאַנען פון דער ווייטנס פון פאָטערס בעט. די עלטערע, די דרייסטערע, איז צוגעגאַנ־גען נענטער צום פאָטער און שטיל אַ פרעג געטאָן:

— ווי פילסטו זיך, פאַפאַ? צי איז דיר שוין בעסער?

— אַ דאַנק! אַ ביסל בעסער, אירינקע. וואָס מאַכט די מוטער, טעכ־טערל?

— נישט בעסער. דער דאָקטאָר האָט זי געהייסן ליגן אין בעט, אָבער זי פאָלגט נישט.

— מיר ביידע גייען אַוועק אין שיל אַריין, בלייבט זי איינע אַליין. און ווען מיר ווילן בלייבן אין שטיב — לאָזט זי נישט — האָט זיך ווי געקלאָגט די יינגערע טאָכטער, מיט טרערן אין די אויגן.

דער פאָטער האָט געקוקט אויף ביידע טעכטערלעך, ווי ער וואָלט באַדויערט זייער גורל: סיי דער פאָטער, סיי די מוטער, האָט ער דערביי געטראַכט, וועלן לאַנג נישט אָנהאַלטן און זיי ביידע וועלן בלייבן עלנט, נעבעכדיקע יתומים. ביי דעם געדאַנק האָט ער זיך הילכיק צעהוסט און געכאַפּט אויף שנעל דאָס קישעלע צו אָטעמען. די מיידעלעך האָבן זיך ווי דערשראָקן און די יינגערע האָט זיך אויף אַ קול צעכליפּעט. דער פאָטער האָט מיט אַן האַנט־באַוועגונג זיי געבעטן אַוועקצוגיין. זיי האָבן געפאָלגט און זיך ווי אַרויסגערוקט הינטערווײַלעכץ אַזעלכע אומגליקלעכע און עלנטע. איך די אַנדערע באַזוכער האָבן געקוקט מיט גרויס מיטלייד אויף דער טראַגישער סצענע און באַמיט זיך וואָס שנעלער צו געזעגענען זיך מיט די אייגענע און צו פאַרלאָזן די פּאַלאַטע.

איך בלימע, סאָלאָמאָנס גאַסט, האָט זיך אויף שנעל געזעגנט און ווינטשנדיק „זייט געזונט”, „קומט געזונט צו דער אַרבעט”, האָט זי אויך פאַרלאָזט דעם באַלקאָן.

איך בין געווען צופרידן, וואָס מיין מינדעלע און מיין זון זענען דאָס מאָל נישט געקומען; ווייל אין דער צייט האָט זי געאַרבעט און דער זון האָט זיך געלערנט.

אויך דאָס מאָל איז דער טאָג פון די זעונגען געווען גאָר אַנדערש: דאָס וועש אויף די בעטן האָט געבלאַנקט מיט פרישקייט, די קראַנקע האָבן געטראָגן ריינע, פרישע באַקומענע כאַלאַטן. די שטימונג פון דערוואַרטונג איז טאַקע געווען אַן אָנגעצויגענע, אָבער אַ מונטערע. אַלע האָבן אויף דעם טאָג געוואַרט אַ גאַנצע וואָך מיט בענקשאַפט אין לאַרקייט נאָך פרישע נייעס פון דער היים, פון ווייב און קינדער, אויף גוטע בשורות.

דאָס מאָל איז אַלץ פאַרשטערט געוואָרן. זיי האָבן זיך נישט באַוויזן אָנטישען מיט זייערע געסט. אַ טויטע שטילקייט האָט אַלעמען אַרומגענומען, איניקע האָבן זיך איבערגעדעקט מיט דער קאָלדרע איבערן קאָפּ און שטילערהייט געכליפּעט.

דער האַרצקראַנקער אומגליקלעכער פּאָטער האָט זיך געפילט שול־דיק לגבי אַלע, וואָס ער האָט נישט ווילנדיק פאַרשטערט דעם דערוואַרטע־נעם זווּנגס־טאָג. ער האָט זיך דענערווירט או זשעדנע געאָטעמט פון דעם קישעלע, ווי אַן הונגעריק זויג־קינד פון זיין מוטערס ברוסט.

סאָלאָמאָן איז געווען מיד. די קוליעס האָט ער אַוועקגעוואָרפן צו דער וואַנט און אַריין אין בעט אַריין. אויך ער האָט זיך צוגעדעקט דאָס געזיכט מיט דער קאָלדרע און שנעל אַנטשלאָפן געוואָרן און געלאָזט אפילו הערן אַ כראָפּ מיט הייזעריקע אָפּגעהאַקטע קלאַנגען.

איך האָב אָבסערווירט דעם אַרום און געטראַכט: דער זווּנגס־טאָג האָט זיינע מעלות און נאָך מער חסרונות. מענטשן קומען פון דער גאַס און צעזעצן זיך אויף די בעטן. קיין ריינקייט קומט נישט צו פון דעם. אייניקע שפּאָרן זיכער אָפּ פון זיך, פון די קינדער און ברענגען עפּעס פאַר די קראַנ־קע. אמת, קיין סך פּרוכטן און אַנדערע גוטע מאכלים באַקומען מיר נישט, אָבער אויך אונדזערע אייגענע איז נישט לייכט זיי צו באַקומען.

די פאַרדינסטן זענען ביי מערסטנס פון די געסט נישט קיין גרויסע, שטרענגען זיי זיך אָן, כדי דעם קראַנקן עפּעס צו ברענגען. דער קראַנקער אַליין איז מער קאַפּריזנע ווי שטענדיק, די באַזוכן דערמאָנען אים די היים, די קינדער, די חברים, מיט וועלכע דער גורל האָט אים צעשיידט און ווער ווייסט אויף ווי לאַנג...

אייניקע האָבן זיכער דערציילט די אייגענע וועגן דעם, אַז איינער פון זיי, מיינענדיק דערביי סאָלאָמאָנען, גייט שוין אַהיים, וועקנדיק דערביי די האָפענונג, אַז אויך זיי וועלן געזונט ווערן.

דעם אָונטברויט האָבן אַ סך פון די קראַנקע נישט געגעסן, צי דער־פאַר, ווייל זיי זענען זאַט געווען, צי צוליב די איבערלעבונגען פון דעם פאַרגאַנגענעם טאָג. אויך סאָלאָמאָנען האָב איך נישט געלאָזט וועקן פון שלאָף, כאָטש דער אָונטברויט איז דאָס מאָל געווען באַטעמטער ווי אין אַ געוויינלעכן טאָג.

*

שפעט אין דער נאַכט, ווען כמעט אַלע קראַנקע פון דער פּאַלאַטע זע־נען שוין געשלאָפן, האָב איך דערפילט ווי עמיצער צערודערט מיך האַסטיק און וועקט מיך פון שלאָף:

— ס׳איז מיר נישט גוט! נישט גוט! — האָט סאָלאָמאָן אַרויסגע־קרעכצט מיט אומרו אין זיין קול.

איך האָב זיך אויפגעכאַפּט אַ דערשראָקענער און האַלב שלאָפנדיק בין איך אַראָפּ פון בעט און אַרויסגעלאָפן אין קאָרידאָר, רופנדיק דערביי:

— דאָקטאָר, שוועסטער! ד אָ ק ט אָ ר!

מיין הילכיקער רוף האָט אָפּגעהילכט איבערן לאַנגן קאָרידאָר ווי אַן אַליאַרם־רוף:

— ר אַ ט ע וו ע ט!

ס׳זענען אָנגעלאָפן די דעזשורירנדיקע שוועסטער און די דאָקטאָרין, זיי האָבן שוין מיטגעבראַכט מיט זיך די נויטיקע אינסטרומענטן און הילפס־מיטלען. אַלע צוזאַמען האָבן זיך בליץ־שנעל געפּאָרעט מיט סאָלאָמאָנען. איינע האָט אים אויפגעשניטן אַן אָדער ביים עלנבויגן, די צווייטע האָט אים געשטעלט באַנקעס אויף דער פּלייצע, די דאָקטאָרין האָט עפּעס אַרונ־טערגעלייגט אונטער דער צונג. ער האָט זיך נישט געוועהרט נאָר געוואָלט זיך אַוועקלייגן. פון זיין האַלדז האָבן זיך אַרויסגעריסן הייזעריקע, כאָרכל־דיקע קלאַנגען, ווי עמיצער וואָלט אים געהאַלטן ביים האַלדז און געשטיקט.

איך בין געשטאַנען אין אַ זייט און געפּיבערט אין גאַנצן. די דאָקטאָ־רין האָט מיך אַרויסגעטריבן אין קאָרידאָר.

נישט לאַנג האָט געדויערט און מען האָט סאָלאָמאָנען שוין אַרויסגע־פירט פון דער פּאַלאַטע אַן איבערגעדעקטן אין קאָרידאָר אַריין. דער סוף איז געקומען.

איך האָב געוואָלט וויינען, שרייען — נאָר עפּעס אַן האַרטס האָט זיך מיר געשטעלט אין האַלדז, וואָס האָט מיך פאַרשטומט. איך האָב געפילט, ווי מיין בלוט פּליסט האַסטיק איבער מיין גאַנצן קערפּער און מיין לייב ציטערט אין גאַנצן. די דאָקטאָרין האָט עס באַמערקט. די דעזשורירנדיקע דאָקטאָרין איז זיכער געווען אַן יידישע. זי איז נישט געווען פון די שטענ־דיקע דאָקטוירים ביי אונדז אין שפּיטאָל.

איצט איז זי געווען מער באַזאָרגט מיט מיר, ווי מיטן פאַרשטאָרבע־נעם. זי האָט מיך גענומען אונטערן אָרעם און געשפּאַצירט מיט מיר איבערן קאָרידאָר. איך האָב באַמערקט איר בלאַס געזיכט און מיט בעטנדיקע אויגן האָט זי מיך ווי געבעטן:

— איר טאָרט זיך נישט אויפרעגן. שרייבט זיך בעסער מאָרגן אויס פון שפּיטאָל. מיט אייער פּילבאַרקייט קענט איר דאָ אומקומען. אומקומען!

ווייל זי האָט מיך נישט געפּרוווט באַרויִקן מיט גוטע רייד, ווייל אירע רייד זענען געווען דרייסטע, אפילו שרעקלעכע, האָבן זיי געהאַט אויף מיר די געהעריקע ווירקונג.

— דער טויט קומט אומדערוואַרט! — האָב איך פאַרשטאַנען פון אירע רייד. אָבער אַ מענטש טאָר זיך נישט אונטערגעבן און טאָר נישט פאַרלירן די האָפענונג...

ביי זיך האָב איך געפּועלט — אַנטלויפן פון דאַנען. שוין מאָרגן. מאָרגן...

# אָן אַ היים

איך האָב אַדורכגעמאַכט אַ שווערע נאַכט, אָן שלאָף. ווי קען מען שלאָפן נאָך דעם איבערגעלעבטן אין דער אומגליקלעכער נאַכט? איך האָב נישט אויפגעהערט צו טראַכטן, וואָס איז געווען די סיבה פון אַזאַ בליץ־שנעלן סוף פון מיין חבר, וואָס האָט זיך שוין געזען ביי זיך אין דער היים, מיט זיין געליבטער פרוי און זין, ביי דער אַרבעט?

צי די פרייד, וואָס האָט איבערגעפּולט דאָס האַרץ, ווי דאָס וואַסער די ברעגעס פון טייך פונעם רוישיקן שטורעם? צי דער באַזוך פון זיין מיט־אַרבעטעריך, וואָס האָט מיט אירע דערציילונגען אים ווי אַרויסגעריסן פון דער אומעטיקער ווירקלעכקייט? צי דער רויטער, שוימעדיקער ווייַן — דער „לחיים", וואָס זיי האָבן ביידע אויסגעטרונקען? און אפשר איז זיין אַזוי ראַשיקער אָפּפאַל פון זיין בלוט־דרוק גאָר געווען דער אָנזאָג פון אַ שטורעם?

ווען אונדזער דאָקטאָרין איז געקומען אין דער פרי און זיך דערוווּסט, אַז ער, איר פּאַציענט פון אַזאַ לאַנגער צייט, וואָס זי האָט אים געהאַלטן ביים אויסשרייבן, ווייל זי האָט געזען אַ גרויסע אויסבעסערונג אין זיין געזונט־צושטאַנד, האָט אויסגעהויכט די נשמה, האָט אַ מרה שחורה באַהערשט איר געמיט. זי האָט ווי אויסגעמיטן צו קוקן עמיצן אין די אויגן, ווי זי וואָלט זיך געשעמט מיט איר אומבאַהאָלפנקייט, מיט איר שוואַכקייט, אַלס רעטערין פון מענטשלעכע לעבנס. זי האָט מערסטנס געקוקט אין מיין זייט אַריין, ווי זי וואָלט אין מיך עפּעס געוואָלט דערקענען, זיך עפּעס דערוויסן. איך האָב זי פאַרשטאַנען, אָבער — צי מעג איך איר דערציילן וועגן דער יונגער מיידל, וואָס איז געקומען אים באַזוכן, וועגן דעם „לחיים" וואָס זיי האָבן געמאַכט, וועגן זיין אויסגעשעפּטקייט און מידקייט פאַר זיין לעצטן שלאָף ?

די דאָקטאָרין האָט מיך גאָרנישט געפרעגט. זי האָט זיך געאיילט, ווייזט אויס, צו דער וויוועסעקציע, וואָס האָט באַדאַרפט פאָרקומען אין טויטן־שטיבל איבער דעם קערפּער פון איר פאַרשטאָרבענעם פּאַציענט.

אין דער פּאַלאַטע האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. אויף די קראַנקע האָט דער אומגעריכטער טויט־פּאַל געווירקט דערדריקנדיק, ער האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד פאַרן מאָרגן, וואָס קען קומען אויף יעדן איינעם פון זיי. איניקע האָבן געמאַכט אַ חשבון הנפש מיט זיך אַליין, אונטערגעפירט סך־הכלען פון זייער אַדורכגעמאַכטן לעבן, ווי זיי וואָלטן וידוי געזאָגט פאַר זיך אַליין. וויפל טאָטן זענען נישט פאַרענדיקט געוואָרן ? וויפל האָפענונגען זענען נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן ? וויפל פאַלשע טריט זענען געמאַכט געוואָרן ?

יעדער איינער מיט זיך אַליין, מיט זיין אייגן געוויסן. און דער אַרום איז אַזוי נעפלדיק, אָן דער מינדסטער שיין און האָפענונג.

און איך ? אפשר בין איך פון די איינציקע, וואָס זעען דורך די וואָלקנס אַן העלע שיין, וואָס רייסט זיך אַדורך און ווינקט צו מיר מיט האָפענונג און רייץ. אַנטלויפן פון דאַנען, ווו איך קען פאַרכלינעט ווערן מיט דער אַלגעמיינער מרה שחורה. נאָך אַזוי פיל איבערלעבונגען פיל איך זיך נישט קיין איבערמידער, עס שפּרודלט נאָך אין מיר אַ פּאָטענציעלע ענערגיע,

וואָס איז בכוח אַלעס שלעכטס איבערצוקומען, צו געניסן פונעם לעבן צוזאַמען מיט מיין בעסטן פריינד — מיין מינדעלע און מיט דעם העלדישן זון. צי קענען דען נישט מענטשן לעבן גליקלעך אויסער קיעוו — האָב איך געטראַכט. צי לעבט דען שלעכט מיין שוועסטער אין בראַזיל, אָדער מיין עלטערע שוועסטער מירל, אין ישראל?ביים דערמאָנען י ש ר א ל האָט זיך אין מיין האַרץ דערוועקט אַזאַ נאָגנדיקע בענקשאַפט און אַן העלע האָפענונג, אַז דער טרוים קען זיכער פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ ווירקלעכקייט. מען דאַרף נאָר טיף גלויבן און שטרעבן. דער אייזערנער פאַרהאַנג קען מיט דער צייט איינפאַלן, ווי די פעסטע מויערן פון יריחו, ביים שאַלן פון די שופרות, פראַנק און פריי וועלן יידן עולה זיין צו זיך אַהיים, אין דעם הייליקן לאַנד...

צוריקגעקומען איז די דאָקטאָרין נאָך מער אומרויִק, ווי זי איז געווען. איך האָב באַמערקט אַ נערוועיִש פינטלען מיט די אויגן, איר געצוווּנגענער שמייכל צו די קראַנקע האָט געצילט זיי צו באַרויִקן. זי האָט ווי פאַרבאָרגן אין זיך אַ סוד, מיט וועלכן זי וואָלט באַדאַרפט מיט עמיצן זיך טיילן, כדי זיך לייכטער מאַכן.

— צי ווייסט מען שוין, דאָקטאָר, וועלכע סיבה האָט געבראַכט דעם אַזוי אומגעריכטער טויט פון אייער קראַנקן? — האָב איך געוואַגט אַ פרעג צו טאָן.

— אַ בלוט־אויסגוס אין מוח — האָט די דאָקטאָרין שטיל געענטפערט. — ס׳טרעפט זיך נאָך אַן אויסטערלישער איבעראַשונג, איבערלעבונג...

זי האָט מיטגעבראַכט מיט זיך דעם אַפּאַראַט צו מעסטן דעם בלוט־דרוק.

— איך בעט אייך, דאָקטאָר, מעסט מיר נישט היינט דעם בלוט־דרוק. ער איז זיכער ערגער, ווי אַן אַנדערש מאָל. איך וועל זיך באַרויִקן, באַרויִקן...

— איך ווייס? אפשר זענט איר גערעכט. — האָט זי נאָכגעגעבן. מ...ע! ווי איר פאַרשטייט!

— אפשר וואָלט בעסער געווען פאַר מיר זיך אויסצושרייבן פונעם שפּיטאָל? איך וויל גלויבן, אַז אין דער היים, אין אַ וואַרעמער אַטמאָספער

פון מיין פרוי און זון, וועט מיר בעסער זיין. די אַטמאָספער דאָווירקט אויף מיר נישט גוט. — האָב איך זי ווי געבעטן.

די דאָקטאָרין האָט מיין ביטע אויפגענומען כמעט גלייכגילטיק. און אפשר האָט זי אַליין געקלערט עס צו טאָן.

— איר דאַרפט אָבער זיך געפינען אונטערן אויפזיכט פון אַ דאָקטאָר. אייער געזונט־צושטאַנד האָט זיך פאַרבעסערט, איר מוזט אָבער זיך נעמען אין די הענט אַריין. רויִק לעבן, אָן איבעריקע אויפטרייסלונגען — וועט איר געזונט ווערן.

— אַ דאַנק אייך דאָקטאָר, איך וועל זיך באַמיען צו לעבן רויִק און אויספאָלגן דעם דאָקטאָר. אַ דאַנק אייך פאַר אַלץ, וואָס איר האָט פאַר מיר געטאָן.

איך האָב אַזוי חשק געהאַט איר צו דערציילן די אמתע סיבה פון מיין קרענק, וועגן דעם, אַז איך האָב קיין היים נישט, אַז בייזע לייט ווילן מיך ווייטער צעשיידן מיט מיינע אייגענע, צו וועלכע איך האָב געבענקט יאָרן לאַנגע, אַז אויך די באַקומענע פריי איז פול מיט פיין און קלעם. איך האָב אָבער געשוויגן:

— צוליב וואָס? צי קען עס מיר עפּעס ברענגען? צי קען זי דען די אכזריות פון מענטשן־חיות מילדערן? בלויז אין מיטגעפיל נויטיק איך זיך נישט.

מיט אומגעדולד האָב איך געוואַרט אויף מיין ווייבס קומען נאָך דער אַרבעט. די ידיעה, אַז איך שרייב זיך אויס פונעם שפיטאָל האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפרייט צווישן די קראַנקע אין אונדזער פאַלאַטע. כאָטש אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז מיין באַפרייען זיך איז פריצייטיק און אפשר גע־האַלטן, אַז איך טו אַ נאַרישקייט, וואָס קען מיך קאָסטן צו טייער, אָבער נישט וויניק האָבן מיר מקנא געווען. ער גייט אַרויס אויף דער פרייער וועלט, האָבן זיי געטראַכט. דאָרט אָטעמט זיך גרינגער, אים וועלן אַרומ־רינגלען מענטשן געזונטע, מיט שמייכלדיקע געמיטער, וואָס קענען לאַכן, זינגען און טאַנצן. די זון וועט אויך פאַר אים שיקן אירע וואַרעמע שטראַלן, דיביימער וועלן פאַר אים גרינען און די פייגל שירה זינגען — וועט ער טאַקע געזונט ווערן.

איך האָב אויך אַזוי געטראַכט. דאָ אין די ד אמות פון דער פּאַלאַטע, ווו האַלב־לעבעדיקע קאַנדידאַטן אויף דעם עולם האמת האַלטן אין איין קרעכצן, די האַלב־אויסגעלאָשענע אויגן פאַרטראָגן נישט קיין הויך וואָרט, קיין געלעכטער. מען לעבט נאָר מיט דעם, וואָס איז געווען פריער, דער היינט איז אַן אָפּקומעניש און דער מאָרגן איז אַזוי ווייט, איינגעהילט אין נעפּל.

איין פריינד האָב איך געהאַט, אַן אומגליקלעכע קאַליקע — דאָך גע־ווען פול מיט לעבן, מיט שפּרודלדיקן הומאָר און חברישע געפילן — ער איז שוין נישטאָ צווישן אונדז...

איך האָב געזען פונעם באַלקאָן זיין יונג ווייב, אין שוואַרצן געהילט, זי איז ווי איינגעשרומפּן געוואָרן. אירע העלע שטראַלן פון נעכטיקער האָ־פענונג זענען אַזוי אומגעריכט פאַרשוווּנדן אונטער די שוואַרצע וואָלקנס. ווי קען זי באַגרייפן וואָס איז מיט איר מאַן אַזוי פּלוצים געשען, ווער וואָלט געווען אין שטאַנד איר צו דערקלערן און טרייסטן ?!

ער, סאָלאָמאָן, האָט דאָך געוואָלט לעבן און געזונט ווערן צוליב איר — זיין מלאך הגואל. זי האָט דאָך אים געשענקט דאָס לעבן, דערצויגן זיינע צוויי זין, צוליב איר האָט ער פאַרגעסן, אַז זיינע אָפּגעפּרוירענע פיס האָבן אים געמאַכט פאַר אַ קריפּל...

פאַרנאַכט־צו איז מיין פרוי געקומען, אַרויפגעשיקט אַ בייטל מיט עפּל און אָפּגעוואָרט פון הונטן, ביז איך וועל אַרויסגיין אויפן באַלקאָן.

ווי אַזוי וועט זי אויפנעמען די בשורה, אַז איך האָב זיך אויסגעשריבן פון שפּיטאָל ? — האָב איך געטראַכט. זי האָט זיכער שוין פאַרלוירן די האָפענונג, אַז מען וועט מיך פאַרמעלדן אין קיעוו. וואָס זשע וועט זיין ווײ־טער ?

עס איז מערקווירדיק, אַז מינדעלע האָט באַמערקט, אָדער אָפּגעפילט, אַז עפּעס איז מיט מיר געשען. פון דער ווייטנס, אין דער טונקלקייט פונעם אָנגעקומענעם פאַרנאַכט, האָט זי פאַרשטאַנען, אַז עפּעס איז געשען. שטענ־דיק פלעג איך צו איר אַזוי היימיש און וואַרעם שמייכלען. היינט בין איך צו ערנסט, אפילו פאַרגעסן צו באַדאַנקען פאַר די עפּל.

— וואָס איז מיט דיר געשען? האָט זי אַ פרעג געטאָן מיט צעטומלט־קייט.

— ווי פילסטו זיך אין געזונט? ווי האַלט עס מיט דיין בלוט־דרוק?

— איך בין אין אָרדענונג, מינדעלע. איך האָב זיך אפילו שוין אויס־געשריבן פונעם שפיטאָל. איך בין שוין דאָ אַ פרעמדער. דו ברענג מיר באַלד מיין אָנצוג און שיך און איך ווער אַ פרייער פויגל. איך בין שוין אַזוי אויך צו לאַנג געווען אין שפּיטאָל.

די בשורה האָט מינדעלע דווקא אויפגענומען רויִק. אויף איר געזיכט האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל און זי האָט ווי אַרויפגעשריגן:

— אָט באַלד ברענג איך דיר דיינע בגדים. וועגן אַלץ וועלן מיר שמועסן דערנאָך. די נאַכט קומט אָן — וועל איך זיך צואיילן.

זי איז אַוועק, אָבער איר אופן פון רעדן, איר וואַרעמקייט האָט זי מיר געלאָזט. מיט די קראַנקע האָב איך זיך געזעגנט גאָר האַפּערדיק. זאָלן זיי מיר בעסער מקנא זיין, אָבער נישט באַדויערן. זאָל מיין באַנעמען זיך וועקן אין זיי גוטע האָפענונגען. פאַר יעדן האָב איך געהאַט אַ גוט טרייסט־וואָרט צו זאָגן, נישט געזשאַלעוועט קיין שמייכל און אפשר צום ערשטן מאָל אויך פון זיי אַ שמייכל באַקומען. האָפענונג! האָפענונג! — דאָס איז די בעסטע רפואה ביי יעדן צושטאַנד. אילוזיע איז אָפט דאָס בעסטע מיטל צו דויער און אויסדויער.

איבערגעטאָן האָב איך זיך אין פּאָדערהויז. איך בין צום לעצטן מאָל אַריינגעקומען אין דער פּאַלאַטע גאָר אַן אַנדערער, אין מיין נייעם אָנצוג איז מיין אויסזען גאָר קיין נעבעכדיקער נישט געווען. דאָ אין שפּיטאָל ניוועלירן די כאַלאַטן יעדן איינעם. — קראַנקער — איז יעדנס נאָמען. אַלע זענען גלייך, בלויז יעדן איינעמס קרענק אונטערשיידט איינעם פונעם אַנדערן. אין צייט פון אומגליק זענען אַלע גלייך.

— זייט אַלע געזונט! מיר זאָלן זיך טרעפן מיט אייך אויף דער פריי און דערמאָנען די פאַרגאַנגענע טעג, ווי אַ בייזן חלום... אַ ד י ע!

מיט מינדעלען צוזאַמען געאָרעמט האָבן מיר שפּאַצירט אין דער ריכ־טונג פון גאַלאַסייעווער וואַלד. אַדורכגייענדיק אַ פריזיר־אַנשטאַלט האָט

מינדעלע מיך געראָטן זיך אונטערשערן מיין צעוואַקסענע און צעפּאַטלטע באָרד, וואָס האָט מיך עלטער געמאַכט מיט אַ צענדליק יאָרן.

— וואָס קירצער! — האָט זי ווי דיקטירט דעם אָפּשערער. ער האָט געפּאָלגט און איך האָב געשוויגן. מיך וואָלט נישט געאַרט, ווען ער שערט זי אין גאַנצן אָפּ. מיין אויסזען אין שפּיגל האָט זיך געביטן מיט יעדן שניט מיט דעם שערל. די יינגערע יאָרן האָבן זיך ווי צוריקגעקערט. די האָר אויפן קאָפּ האָבן זיך במשך פון דער צייט צעוואַקסן און כאָטש זיי זענען געווען אַדורכגעפלאָכטן מיט גרויע האָר און די גלאַטע ליסינע האָט זיך פאַרגרעסערט, אָבער דער נייער אויסזען מיינער האָט מיין מינדעלען, אויך מיך, געפריידט.

מינדעלעס פּנים האָט געלויכטן מיט פאַרטייעטער פרייד. ס'האָט ווי אָנגעקוואָלן וואָס איך, איר מאַן, האָב פאָרט אַ יינגערן, שיינעם אויסזען, נאָך אַלע איבערלעבונגען.

שפּעטער האָבן מיר נאָך לאַנג געשפּאַצירט, ביזן גאַלאַסייעווער וואַלד. די לבנה האָט אונדז באַגלייט אין אונדזער גאַנג מיט איר ליכטיק פּנים און ווי געשמייכלט צו אונדז. דאָ און דאָרט האָבן זיך באַוויזן בלישטשענדיקע שטערן אויפן הימל. די אַרומיקע ריחות פון רייפע פרוכטן האָבן ווי פאַרשיכורט, די פייגעלעך אויף דיביימער האָבן געזונגען שירה פאַרן שלאָף. אין האַרצן האָט געזונגען די ליד פון די יוגנטלעכע יאָרן:

— אַך ווי פּרעכטיק און שיין
איז די נאַכט אַמאָל געווען!...

# ביי זיך אין דער היים

דער שפּאַציר אויף דער פרייער לופט האָט אונדז ביידע געבראַכט גרויס פאַרגעניגן. נאָך דעם ווי איך בין געלעגן העכער אַ חודש צייט אין שפּיטאָל, איז אונדזער געמיינזאַמער גאַנג איבער די קיעווער גאַסן, ביי דער שיין פון דער לבנה און שטערן, געווען ווי אַ שטילער פּאַראַד, צוליבן גרויסן יום־טוב פון זיין צוזאַמען, נאָך אַזאַ געצווונגענער צעשיידונג פון יאָרן. אַלדאָס בייז איז ווי אַריבער און מיר הויבן אָן לעבן אויף ס׳ניי. קיינע שווע־ריקייטן האָבן אונדז נישט געשראָקן, פון קיין שום צעשיידונג האָבן מיר נישט געוואָלט טראַכטן. אָבער מיין ליגן אין שפּיטאָל האָט מיך אָפּגעשוואַכט פיזיש, די פיס האָבן זיך אונטערגעהאַקט פון מידקייט. זיי האָבן געפאָדערט רו. צוליב דעם האָבן מיר פאָרט געמוזט פון די הימלען אַראָפּ צוריק אויף דער ערד און אַ טראַכט טאָן וועגן גיין אַהיים.

אַ שווערער געפיל, וואָס מאַכט אומרויִק און מאַטערט: פאַרמאָגן אַן היים און דאָך זיין היימלאָז. געטראַכט האָבן מיר ביידע וועגן דעם, אָבער נישט געוואָלט עס אַרויסברענגען אויף די ליפּן, כדי נישט צו פאַרשטערן דעם געמיינזאַמען פאַרגעניגן פון דעם פּרעכטיקן אָוונט. ווייל מיר האָבן אָבער געטראַכט וועגן דעם, זענען מיר געגאַנגען צוריק טריט ביי טריט. מיר האָבן אויסגעמיטן די געביידע פון דער מיליץ אויף סטאַלינקע און פאַרקירעוועט זיך אויף רעכטס צו דער צוקערוואַרג־פאַבריק, אויפן נאָמען פון קאַרל מאַרקס. אַנטקעגן דער פּאָסט זענען מיר שטיין געבליבן. מינדעלע איז אַריין אין טויער. ערגעץ ווו איז נאָך געווען אַ שיין אין פענצטער, ביי

אַראָן סאַמאָילאָוויטשן איז שוין געווען פינצטער, צוליב פאַרזיכטיקייט האָט זי אויפגעעפנט דעם ריגל פון דעם הינטערשטן טויער, דורך וועלכן מען קען אַריינגיין פון דער צווייטער זייט צו אונדז אין שטוב אַריין. זי האָט געעפנט די אויסערלעכע טיר, אַריין אין שטוב אַריין און פאַרמאַכט די אינערלעכע לאָדנס, בלויז איין לעמפל האָט זי אָנגעצונדן און איז אַרויסגעגאַנגען מיך מקבל פנים זיין. איך האָב שוין באַוויזן אַריינצוגיין דורכן טויער, אים צו פאַרמאַכן אויפן ריגל און דערנענטערן זיך צו מיין הויז. אַ געפיל פון בושה האָט מיך דאָך אַרומגענומען. איך זאָל דאַרפן זיך אַריינגנבענען צו זיך אין שטוב אַריין. מיט וויפל מי און זאָרג האָב איך מיין היים געבויט, ווי גרויס איז געווען מיין בענקעניש נאָך די, וואָס זענען פאַרבליבן אין איר אָן מיר און איצט, ווען איך בין שוין צוריקגעקומען — מוז מיין היים זיין פאַר מיר פרעמד.

— צי איז דאָס אונדזער ערשטע היים? נישט וויניק היימען האָבן מיר שוין געהאַט: אין לוצק, אין וואַרשע, אין אָטוואָצק, אין כאַרקאָוו, אין פאָוואָלזשיע, אין קיעוו...

עס האָט זיך מיר פאַרבענקט נאָך אַ סטאַבילער היים. און אַזאַ קען איך האָבן ערגעץ ווייט אין אונדזער אייגן לאַנד, אין אונדזער היסטאָרישער היים.

"איש תחת גפנו, תחת תאנתו..." — האָט אַן עגבער געטאָן אין מוח דער פסוק, וואָס האָט זיך טיף איינגעגראָבן אין מוח, נאָך אין דער יוגנט. ער נאָגט נאָך אַלץ און וועקט בענקשאַפט און האָפענונג.

הייסט עס, אַז די איצטיקע היים איז אַ צייטווייליקע. איז גאָר נישט אַזאַ שאָד זי צו בייטן. ווען איך טאַקע אַרויספאָרן קיין וואַסילקאָוו, דערווייל אַליין און שפעטער אַריבערנעמען צו זיך מינדעלען. דער זון איז שוין אַ דערוואַקסענער, ער קען זיך שוין אַליין אַן עצה געבן.

— יאָ, ווו איז ער מאַרקס אַזוי שפעט אין דער נאַכט? — האָב איך אַ פרעג געטאָן.

— ביי חברים, נישט ווייט פון דאַנען. דאָרט איז פאַראַן אַ טעלעוויזאָר — קוקט ער.

— און ווי איז ער צו דיר? צי לאָזט ער דיך אַליין?

— איך גײ אױך מיט אים קוקן טעלעװיזיע. אַלײן? דאָס װעסטו בײַ אים נישט פּועלן. צוליב אים האָב איך געמוזט אַ מאָל גײן אין קינאָ אַרײַן, װײַל אָן מיר האָט ער נישט געװאָלט גײן. װוּ האָסטו הײַנטיקע צײַטן אַזעלכע זין? אַ חבר, אַ פרײַנד — נישט נאָר אַ זון. אָט קומט ער שױן.

מינדעלע איז געגאַנגען פּאַר אים עפענען די טיר. ער איז אַרײַן, מיט יוגנטלעכן ברען אין די אױגן, אַ שװערװאָגיקער, דאָך אַ רירעװודיקער. ער האָט מיך באַלד דערזען:

— אָ, איצט ביסטו אַ סך ייִנגער געװאָרן, פּאַפּאַ. יאָ אַ באָרד און נישט קײן באָרד, אַ בערדל! װי גוט איז װאָס דו ביסט שױן װידער אין דער הײם! װי פילסטו זיך? דו זעסט אױס גאָר פײַן. װיפל איז דײַן בלוט־דרוק?

— אין אָרדענונג, זונעלע! מיר האָבן זיך שױן טאַקע דרײַ טעג נישט געזען.

— טעג — אַבי נישט קײן יאָרן.

די מוטער האָט שױן באַװיזן צוגרײטן דעם אָװנט־ברױט פאַר אַלע דרײַ. אַלץ איז אַזױ געמיטלעך, מיט אַן אָרדענונג. אַלע דרײַ רײדן גאָר שטיל, געדענקענדיק, אַז הינטער דער װאַנט קען מײַן שכן זיך אונטערהערן. איצט ציטערט ער פאַר אונדז, און נישט נאָר פאַר אונדז, אַלע מײַדן אים אױס, אָבער אַ שלאַנג איז ער דאָך פאַרבליבן, זײַן גיפט איז נאָך נישט אומשעדלעך געװאָרן, ביז ער װעט נישט אַרױסגעריסן װערן צוזאַמען מיטן צונג.

מײַן זון, דער העלדישער יאַט, װאָלט עס פון לאַנג געטאָן. נישט אײן מאָל האָט ער זיך געקליבן אים אָנצוברעכן די בײנער, מיט אים אײן מאָל פאַר אַלע מאָל פאַרענדיקן, אָבער די מוטער איז געשטאַנען אױף דער װאַך, עס זאָל אַזױנס נישט געשען. נאָך דאָס האָט געפעלט?! מיר זאָלן פאַרלירן דעם אײנציקן אָנשפּאַר אין לעבן.

קוקנדיק אױף זײַן פעסטן און העלדישן אױסזען, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז בלױז די השפּעה פון דער מוטער, אָבער נישט קײן פּחד פאַר די פּאָלגן, האָבן אים באַהערשט.

— זעסט דאָך אויס, זונעלע, ווי אַן אַטלעט. ברייטע פּלייצעס, פעסטע מוסקולן, נישט אַזוי האָסטו אויסגעזען, ווען איך האָב דיך פאַרלאָזן — האָב איך באַמערקט מיט פרייד.

— איך בין טאַקע אַן אַטלעט פון דער דריטער קאַטעגאָריע ביי אונדז אין אַקאַדעמיע. צו דעם האָב איך געשטרעבט און עס באַוויזן. כאָטש איך בין דער בעסטער פון אַלע אין דעם לערנען און נישט ווייניק פון זיי העלף איך גאָר אָפּט, אָבער שטענדיק וועלן זיך געפינען צווישן גויים אַזעלכע, וועלכע זענען גרייט אָפּצושפּאָטן פון אַ יידן. כדי דאָס זאָל נישט געשען, מוז מען זיין געזונט און שטאַרק. פאַר אַזאַ האָבן זיי מער דרך ארץ, ווי פאַר אַ מתמיד! חשק, ספּאָרט און איבונגען העלפן דערצו. בין איך טאַקע גע־וואָרן איינער פון די בעסטע קעמפער פון פראַנצויזישן קאַמף. ווו אַ פאַר־מעסטונג שטעלט מען מיך אַרויס, און איך זיג.

אַ געמיש פון פרייד און זאָרג־געפילן האָט מיך פאַרכאַפּט ביי די רייד פון מיין זון. ביז איצט האָב איך זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז אַ קעמפער פון פראַנצויזישן קאַמף זאָל זיך גוט לערנען. אַ שאַרפער מוח האָט זיך ביי מיר נישט געפּאָרט מיט פעסטע מוסקולן, מיט פיזישער שטאַר־קער קראַפט.

— ביי יידן איז פון תמיד אָן דער כוח אין מוח — האָב איך זיך אַרויסגעזאָגט. דערביי האָב איך באַמערקט אַ לייכטן איראָנישן שמייכל אויפן געזיכט פון מיין זון.

— ווען ער וואָלט נישט געווען דער בעסטער סיי אין לערנען, סיי אין קאַמף וואָלט מען אים שוין פון לאַנג אַרויסגעפּטרט פון דער אַקאַדע־מיע און נישט געגעבן קיין הויכע סטיפּענדיע — האָט מינדעלע אַרויסגע־זאָגט מיט שטאָלץ.

— ס'איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט. מיר אַלע זענען געווען מיד. דערצו דאַרף מינדעלע גאַנץ פרי פאָרן צו דער אַרבעט און אונדזער זון אין דער אַקאַדעמיע. דאָס איז אָבער געווען אונדזער ערשטער אָוונט פון זיין צוזאַמען. ווער ווייסט, צי מיר וועלן נאָך האָבן אַ סך אַזעלכע אָוונטן? ביי יעדן פון אונדז האָבן די פרייד־געפילן פאַרפולט דאָס געמיט און אַרויסגערופן שמייכל־שטריכן אויף די פנימער. ווען נישט די געצוווּנ־

גענע שטילקייט און פאַרזיכטיקייט וואָלטן מיר געזונגען און געטאַנצט. אין דעם מאָמענט האָבן מיר אַלע נישט געטראַכט וועגן דעם שווערן נעכטן, וועגן דעם אויסזיכטלאָזן מאָרגן. די פרייד פון היינט, פון דעם אויסטער־לישן אָוונט האָט אונדז פאַרכלינעט...

די נאַכט זענען מיר געשלאָפן רויִק, אָן חלומות. די היימישע וואַרעמ־קייט, די האַרציקע נאָענטקייט, ביי זיך אין דער היים, אין אייגענעם בעט, נאָך אַזאַ לענגערן איבעררייס דורך שטורמישע טעג און נעכט, אין ווייטן נישט געמאָסטענע, האָט געמאַכט אין אַלץ פאַרגעסן. אַ רויִקער שלאָף איז בכוח צו מאַכן פאַרגעסן אין אַלדאָס בייז...

## דוד און גלית

דער פרימאָרגן איז געקומען מיט פרישע זאָרג, מיט פליכטן. מינדעלע האָט זיך געאיילט צו דער אַרבעט, דאָך האָט זי באַוויזן צוגרייטן דעם פרישטיק פאַר אַלע. די אינערלעכע לאָדנס זענען געווען האַלב פאַרמאַכט, אָפּהיטנדיק מיך פאַר אַ פרעמד אויג. גערעדט האָבן מיר צווישן זיך גאָר שטיל, שעפּטשענדיק. נאָר די אויגן האָבן גערעדט מיטן ווונק און דער שמייכל איז נישט אַראָפּ פון די ליפּן. געגעסן האָבן מיר שנעל, אָבער יעדער ביסן איז געווען צוקער־זיס. די זאָרג פאַרן מאָרגן איז ווי נישט געווען. מיר האָבן ווי געלעבט בלויז מיטן היינט, מיט די גוטע מינוטן און רגעס.

— עך, ווי איך וואָלט אַ בעלן געווען אַראָפּצורייסן די אָנגעקלעפּטע צייטונגען פון די ווענט, אָפּצופליקן די אָפּגעבליאַקעטע טאַפּעטן — האָב איך אַרויסגעזאָגט און דערביי אַ קרעכץ געטאָן.

— אַנו, פּרווו נאָר, מיין טייערער, וועלן זיך אָנהויבן שיטן זאַמד, אַלעבאַסטער, ווי אָן האָגל. און לעכער וועסטו האָבן פאַר זיך, ווי קאַלווזשעס נאָך אַ רעגן — האָט מינדעלע באַמערקט.

— ס׳וועט אַזוי לאַנג שיטן זיך, ביז ס׳וועט אויפהערן, דערנאָך וועט מען מיט ליים פאַרשטאָפּן די לעכער, אויסגלייכן די ווענט און אויסקאַלכן. אַ פּשוטע זאַך. —

— ס׳איז אַ וויכטיקע, אָבער אַ שווערע אַרבעט. נישט פאַר דיינע כוחות. דו ביזט נאָר־וואָס פונעם שפּיטאָל געקומען.

— זאָרג נישט, מאַמע, — האָט זיך אַריינגעמישט מיין זון. — איך מעג זיך אויך פאַרגינען אַן אורלאָב אויף אַ פּאָר טעג, נאָך מיין דרייפאַכיקן זיג אין דער פּאָליטעכניקע. דער טאַטע וועט נאָר זיין דער אינזשיניער־אינ־סטרוקטאָר און איך וועל אַלץ אויספירן.

— מילא, זאָל זיין אַזוי! — איז שוין מסכים געווען מיין פרוי. זי האָט געמוזט זיך צואיילן צו דער אַרבעט. אָן איר וועט דאָך איר קליינע אַרבעט־בריגאַדע נישט אַרבעטן.

מאַרקס האָט אויסגעוואַשן די כלים, אַראָפּגענומען אַלץ פונעם טיש. אַליין זיך באַקליידט אין אָפּגעטראָגענע אַרבעט־מלבושים. פון דעם גרע־סערן צימער האָבן מיר אַלץ אַריבערגעטראָגן אין קלענערן שלאָפצימער און ביי דער קאַרגער שיין, ביי די האַלב פאַרמאַכטע לאָדנס, זיך גענומען פאָרזיכטיק צו דער אַרבעט. סיי די צייטונגען, סיי די טאַפּעטן זענען ווי צוגעקלעפּט געווען מיט שפּייעכץ, נישט מיט קיין קליי, אָדער קלייסטער. מיר האָבן זיי געריסן פאָרזיכטיק, ס׳זאָל קלענער זיין דער גערויש און דער שטויב. די וואַנט האָט אויסגעזען ווי אַ פאַרוווּנדעטער קערפּער, פון וועלכן מען האָט אַראָפּגענומען די פאַרבלוטיקטע באַנדאַזשן.

— אָן הונט קומט אַן הונטישער טויט! — האָב איך אַ טראַכט גע־טאָן, ווען איך האָב פלוצים דערזען אויף איינע פון די צייטונגען אַ קליינע ידיעה, אַז „דער שונא פונעם פאָלק, ב ע ר י ע, איז דערשאָסן געוואָרן".

די ידיעה האָט דערוועקט אין מיין זכרון זכרונות פון מיין אָנקומען אין דער לוקיאַנאָווקער טורמע, אין דער אַלגעמיינער קאַמער. די ידיעה וועגן טויט פון בעריען, סטאַלינס אויספירער פון די אכזריותדיקע באַפעלן, האָט זיך אַריינבאַקומען אין דער קאַמערע, נאָר מען האָט מורא געהאַט וועגן דעם צו שמועסן, כאָטש יעדנס האַרץ איז פול געווען מיט פרייד: — אַזוי וועט איר צעבראָכן ווערן... — האָב איך זיך דערמאָנט אין ביאַליקס

נבואהשע רייד. — ס׳איז בלויז אַ פראַגע פון צייט און ווען רײ עס קומט אָן פריער. די געשיכטע איז געדולדיק, אָבער זי פאַרשוויגט נישט...

— האָב איך געטראַכט.

— ווי אַזוי האָט איר דאָ אויפגענומען די ידיעות וועגן סטאַלינס טויט, וועגן דעם דערשיסן פון בעריען? — האָב איך אַ פרעג געטאָן מיין זון, ווייזנדיק אים די נאָטיץ וועגן בעריען. בכלל, האָב איך חשק געהאַט זיך צו דערוויסן פון אים וועגן אייניקע זאַכן, וואָס זענען געווען פאַר מיר פאַרהוילן.

— איך, פּערזענלעך, אינטערעסיר זיך ווייניק מיט פּאָליטיק. קיין צייטונגען לייען איך נישט. מיך אינטערעסירט מיין לערנען, ספּאָרט. צייט מען האָט דיך אַוועקגענומען, בין איך בלינד און שטום געוואָרן, וואָס שייך דער פּאָליטיק. סטאַלין, בעריאַ, מאַלענקאָוו, מאָלאָטאָוו — איין באַנדע „וועלט־באַגליקער״ און „מענטש־באַדריקער״ — ס׳איז איבעריק וועגן זיי צו שמועסן.

— האַרטע מוסקולן, פיזישע קראַפט, שטאָלצע באַנעמונג, נישט לאָזן זיך באַעוולען — דאָס איז דער עיקר. פאַר אַזעלכע האָט מען דרך ארץ, אפילו ער איז אַ ייד!

זיינע לאַקאָנישע רייד, פעסטער קלאַנג און שווערלעך טראַכטן האָט מיך פאַראינטערעסירט.

— צי האָסטו, מאַרקס, געליטן צוליב מיר? די מאַמע האָט מיר וועגן דעם נישט געשריבן.

— און אַז איך האָב נישט געטאָרט צו דיר שרייבן — האָט מיך נישט געפּייניקט?! איין ייד בין איך אויף מיין פאַקולטעט צווישן צענדליקער פויערישע יונגען מיט פאַרגראָבטע זיטן, פון מיין הילף זאָגן זיי זיך נישט אָפּ, אָבער אָפּחוזקן פון אַ יידן, אפילו פונעם „יידישן קאָפּ״ זענען זיי גרייט. אַן עקלדיקן אַנעקדאָט וועגן אַ יידן האָט אפילו טשעכאָוו נישט פיינט געהאַט צו הערן... פלעג איך טאַקע, אפילו אין די איבעררייסן זיצן באַזונדער און פאַרנעמען זיך מיט עפּעס. איין מאָל האָט איינער אַוועקגענומען מיין לאָגאַריטמישע ליניעיקע איך זאָל נישט קענען עפּעס באַרעכענען. איך האָב

געבעטן ביי דער חברה מיר אומצוקערן, אָבער זיי האָבן בלויז געלאַכט און דערמיט דערמוטיקט דעם, וואָס האָט זי צוגענומען.

— און אַז כ׳וועל דיר נישט אומקערן, וואָס וועסטו טאָן? — האָט זיך איינער אָפּגערופן.

— פּרוּוו בעסער נישט! — האָב איך זיך געבעטן.

— מיינסט, אַז איך האָב פאַר דיר מורא, פאַר אַ „זשיד״?

— עס האָט אים טייער געקאָסט דער זאָג. בלויע סיניאַקעס אונטער ביידע אויגן, צעבראָכענע ביינער. אָבער קיינער האָט זיך נישט אַריינגעמישט, קיינער...

— זון מיינער! דו האָסט פריער דערמאָנט וועגן דיין דרייפאַכיקן זיג אין דער פאָליטעכניקע. מיך אינטערעסירט צו וויסן, וואָס האָסטו געמיינט דערמיט.

— אַז איך בין אַ ספּאָרטסמאַן — ווייסטו. יעדע פרייע מינוט האָב איך אָוועקגעגעבן דעם ספּאָרט: גימנאַסטיק, שווימען, געפּרוּווט זיך באָקסירן, געהויבן שווערע געוויכטן. אָפּגעשטעלט האָב איך זיך אויפן פראַנצויזישן קאַמף. אויף דעם געביט האָב איך אפילו אַ „ראַזריאַד״, אַ דריטן שוין באַקומען, אַלס אַ קעמפער פון מיטעלער וואָג.

אונדזער ספּאָרט־קלוב פון דער אַקאַדעמיע האָט באַדאַרפט קעמפן מיט די אַטלעטן פון דער פאָליטעכניקע. ביי אונדז זענען בלויז געווען קעמפער אין פאַרמעסטן פון פעדערן־וואָג און פון דער מיטעלער־וואָג. פון שווערער וואָג האָט געפעלט. דאָך האָט אונדזער אינסטרוקטאָר מיך באַשטימט צו קעמפן מיט אַן אַטלעט פון שווערער וואָג.

— אפילו דו וועסט פאַרשפּילן, און דאָס איז מער ווי זיכער, וועלן מיר דאָך ווייניקער פונקטן אָנווערן. — אַזוי האָט ער געטענהט.

— אַרויסווייזן אַ שוואַכקייט, האָב איך עס נישט געוואָלט טאָן. אָפּזאָגן זיך האָב איך געהאַט רעכט. איך קום אַרויס אויף דער אַרענע און דערזע פאַר זיך אַ ריזיקן טשעמפּיאָן, אַ שטיין, אַ פעלדז — נישט צו רירן אים פונעם אָרט, ווי ער וואָלט געווען צוגעשמידט צום אָרט. ער קוקט אויף מיר מיט נבזה און שמייכלט זיך צו. פונעם זאַל האָב איך אויך דערהערט אַ געלעכטער. זיכער לאַכן זיי פון מיר, אפילו מיינע אייגענע חברים אויך.

דאָס רופט אַרויס ביי מיר אַזאַ פאַרביסענעם חשק צו קעמפן, אפילו איבער מיינע כוחות. און איך האָב געקעמפט מיט מוט, אַמביציע און להכעיסדי־קייט. מען האָט שוין מער נישט געלאַכט. מינוטן האָבן מיר געקעמפט, ווי לייבן, אָבער צו קיין ענדגילטיקן רעזולטאַט איז נישט געקומען. דער ריכ־טער פאַראָרדנט אַן איבעררייס; דאָס מאָל דערהער איך אפילו אַפּלאָדיס־מענטן פון זאַל. געוויס מיינט מען מיך — ד ו ד ן און נישט אים — ג ל י ת ן, טראַכט איך. דער ריכטער וואַרפט אַ גורל, ווער דאַרף דער ערשטער זיך שטעלן אין אַ „פּאַקטער", אַ ברוק. איך צו ער? ס'פאַלט אויס — ער. ער לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער פּאָדלאָגע און מאָסטעט זיך פעסט איין מיט די הענט און די פיס. איך האָב געפּרוווט אים רירן פונעם אָרט. אוממעגלעך! איך טאַנץ אַרום אים פון אַלע זייטן, וואַרף זיך אויף אים — אַ נעכטיקער טאָג! מען לאַכט שוין ווידער אין זאַל.

— דוד האָט גליתן באַזיגט — פאַלט מיר איין אַ געדאַנק. אויך איך מוז אים באַזיגן!! פאַר יעדן פּרייז! איך זאָל זיך אפילו אונטעררייסן! איך דערפיל אַ פרישן צופלוס פון כוחות. איך פאַרבייס פאַרביסן די ליפּן, גיב אים אַ ריס און שליידער אים אַר׳בער איבער זיך. ער בלייבט ליגן ווי געליימט פונעם אומגעריכטן קלאַפּ, איך האַלט אים, ווי מיט שטאָלענע הענט, פעסט, און ער קען זיך נישט רירן.

דער עולם רוישט, שרייט מיט ווילדע קולות און ליאַרעמט...

— דער קעמפער פון דער אַקאַדעמיע מאַרקס האָט געזיגט! — רופט אויס דער ריכטער.

— און נישט נאָר איין מאָל, נאָר טאַקע דריי מאָל, ווייל זיין קעגנער איז פונעם ערשטן „ראַזריאַד" און ער איז פונעם דריטן...

— מער האָב איך, טאַטע, נישט געהערט. דער גערויש האָט מיך פאַרטומלט. די חברה האָט מיך געשליידערט אין דער לופטן, ווי אַ באַל.

— ד ו ד האָט גליתן באַזיגט — האָט מיר גערוישט אין די אויערן. זעסט טאַטע, ווי דיין יידישע מעשה וועגן דודן און גליתן איז מיר צו נוץ געקומען. וואָס ווייסטו, טאַטע, דיין זון האָט מיט דיין הילף געזיגט און דו ווייסט!

איך האָב נישט געקענט אים ענטפערן. דאָס געפיל איז אַרויס פון די ברעגעס. אין האַלדז האָט זיך מיר געשטעלט אַן האַרטער קנויל. אין מיינע ערגסטע מאָמענטן האָב איך נישט געוויינט. איצט האָב איך געוויינט און זיך גאָרנישט געשעמט. מיינע טרערן האָבן ווי געוואַשן מיין געמיט און געבראַכט הויפנס טרייסט...

אין דער מינוט האָב איך שטאַרק באַדויערט, וואָס מען האָט ביי מיר קאָנפיסקירט אַלע בענדער פון פּראָפעסאָר גרעץ׳ס „געשיכטע פון די יידן״, וואָס דער „תנ״ך״ — די גרעסטע הייליקייט ביי אונדזער פאָלק, און נישט נאָר ביי אונדזער פאָלק, איז דאָ, אין ראַטנפאַרבאַנד, פרעמד יעדן יידיש קינד און איז פאַררעכנט פאַר „אַנטי־סאָוויעטישער מאַקולאַטור״, וואָס קען חלילה דינען אַלס אויפרייס־מאַטעריאַל קעגן דעם דיקטאַטאָרישן קאָמו־ניסטישן רעזשים...

## די געלעגנהייט

במשך פונעם טאָג האָבן מיר באַוויזן אָפּצורייסן די טאָפּעטן און די צייטונגען פון די ווענט, אייגנטלעך, נאָר פון דער איינציקער וואַנט, וואָס גרענעצט זיך מיט מיינע שכנים. מען האָט זיי געמוזט נעצן מיט וואַסער, כדי זיי זאָלן זיך לייכטער און גאַנצע שטיקער אַראָפּנעמען. כדי צו טריקע־נען די נאַסע ווענט האָבן מיר אָנגעצונדן דעם דאַשאַווער גאַז אין אויוון. פון דערוואַרעמקייט האָבן די פייכטע ווענט זיך געטריקנט און אויסגע־דעמפט פון זיך דאָס וואַסער. די פייכטקייט אין שטוב האָט זיך געלאָזט פילן און געווירקט אויף די אָטעמס־וועגן. עס האָט ווי געשטיקט דער הוסט, ווייל אפילו זיך אויסהוסטן פריי האָב איך נישט געטאָרט.

דערפאַר אָבער האָבן מיר אויסגענוצט יעדער געלעגנהייט צו כאַפּן אין דער שטיל אַ שמועס צווישן זיך. במשך פון די פאַרלאָפענע יאָרן האָבן מיר נישט געהאַט דערצו קיין געלעגנהייט. סיי איך, סיי מיין זון האָבן זיך גע־וואָלט דערוויסן איינער פון דעם אַנדערן וועגן אַ סך זאַכן, פּראָבלעמען, וואָס

האָבן געעקבערט אין די מוחות, מיט וועלכע מען קען זיך מיט אַ פרעמדן נישט טיילן.

ליבע — אַ וויכטיקע פראַגע אין דעם עלטער פון צוואַנציק יאָר. דורשט נאָך געשלעכטלעכער אויסלעבונג. פאַר מיין אַרעסט פלעגן מיר, אויף אַ חברישן אופן, באַרירן אַזעלכע פּראָבלעמען. אויך פאַר דער מוטער האָט אונדזער זון פון צייט צו צייט באַרירט אַזעלכע פראַגן.

— צי האָסטו זיך אפשר פאַרליבט במשך פון דער צייט ? — האָב איך געשטעלט די פראַגע.

— וואָס דען מיינסטו, טאַטע, אוודאי זיך פאַרליבט. נאָר ס'איז שוין אַן אַלטע ליבע, אָבער אַן אויפריכטיקע און אַן אויסגעהאַלטענע. איך מיין, אַז דו יועסט נישט זיין אייפערזיכטיק — איך בין פאַרליבט אין דער מאַמען, מיט איר פלעג איך שפּאַצירן, באַראַטן זיך און טיילן זיך מיט אַלץ. דו האָסט זי איבערגעלאָזט אַליין, נו, האָב איך דיך פאַרטראָטן. אַז אַלע, אַלע האָבן אונדז פאַרלאָזט, אפילו מורא געהאַט זיך צו טרעפן, נישט נאָר מיט איר, נאָר אויך מיט מיר. די פּסיכיק פון שרעק האָט זיי פאַרפאָלגט: אומצוטרוי, בעסער אויסמיידן זיך צו טרעפן, אפילו נישט גריסן זיך...

— איך האָב דאָך שיער־שיער זיך נישט פאַרליבט. מיין פּראָפעסאָרס אַדאָפּטירטע טאָכטער האָט געוואָרפן אויף מיר אַן אויג. זי איז אויך געווען אַ סטודענטין, אָבער נישט אויף מיין פאַקולטעט. שיין איז זי טאַקע געווען. גראַציעז, אַ ברונעטין מיט געדיכטע ברעמען און די צעשפּרייטע וויעס אירע האָט מען געקענט איבערציילן די הערעלעך. שטענדיק אַ שמייכלדיקע, מיט טיפע גריבעלעך אויף די באַקן, ביי די סאַמע ליפּן. די ליפּן פּורפּור־רויט, כאָטש נישט קיין באַשמינקטע. אין אַזאַ מיידל קען מען זיך פאַרליבן.

— נו ?

די מאַמע האָט געוווסט וועגן דעם. זי האָט מיר קיין מאָל נישט געזאָגט קיין איין וואָרט וועגן איר, נישט קיין גוטס און נישט קיין שלעכטס. זי פלעגט אָבער פון צייט צו צייט מיר דערציילן וועגן דעם, וואָס איר קומט אויס צו הערן ביי דער אַרבעט וועגן ליבעס און וועגן געמישטע פאָרלעך. ביז צו דער חתונה איז אַלץ גוט: צי קען דען זיין אַן אונטערשיד אין לאַנד פון די סאָוויעטן צווישן נאַציאָנאַליטעטן ? ליבע קאָן בלויז פאַראייניקן,

אָבער נישט צעשיידן! פון וואַנען זשע נעמען זיך אַזוי פיל אומגליקלעכע צוזאַמענלעבנס צווישן געמישטע פּאָרלעך? צי וועט נישט זיין דערקעגן דער פּראָפעסאָר, וואָס זיין אַדאָפּטירטע טאָכטער ליבט זיך מיט אַ יידן, וואָס זיין פאָטער איז אַ רעפּרעסירטער?

— אַזוי האָב איך געטראַכט און אויך געשמועסט וועגן דעם מיט דער מוטער. גוט, וואָס איך האָב באַצייטנס זיך צוריקגעצויגן. איך האָב אויך באַמערקט, אַז די באַציונג פון מיין פּראָפעסאָר צו מיר האָט זיך פאַרערגערט. שטאָלץ בין איך פאָרט פאַרבליבן, כאָטש איך בין אַ ייד...

די ערשטע רעמאָנט־אַרבעט איז פאַרענדיקט געוואָרן. מאַרקס האָט אַרויסגעטראָגן דאָס אָנגעזאַמלטע מיסט אין דרויסן. ביים עפענען און פאַרמאַכן די טיר, האָב איך דאָך אַריינגעאָטעמט אין זיך די פרייע לופט. אַזאַ געוויינטלעכע זאַך ווי לופט ווערט טייערער, ווען מען באַקומט עס פאַרציעס־ווייז ביי ספּעציעלע געלעגנהייטן.

פון ערגעץ־ווו האָט מאַרקס באַקומען פרישע, פייכטע ליים צום אויסגלייכן די ווענט. ער האָט געאַרבעט פלינק, ווי די אַרבעט וואָלט אים שוין פון לאַנג געווען באַקאַנט. אויסגעגלייכט האָט ער מיט אַ ברעטל, באַנעצט און אויסגעגלייכט. פון דער היץ אין שטוב האָט זיך די ליים שנעל געטריקנט, אפילו געשפּאָלטן זיך. מען האָט געמוזט אויסלעשן דעם אויוון, ס'זאָל זיך טריקענען בהדרגהדיק. נשקשה, במשך פון דער נאַכט וועט זיך אויסטריקענען.

— ווי איז די באַציונג פון דער קאָמסאָמאָל־אָרגאַניזאַציע געווען צו דיר?

— איך געהער צום „קאָמסאָמאָל”, אָבער איך געהער נישט צו די ענטוזיאַסטן, צו די אַקטיווע. אַזעלכע זענען געטריי, בלינד און נישט קריטיש. אויך צו די, וואָס פּרוּוון זיך פונאַנדערקלייבן און קריטיש זיך באַציען צו דער פּאָליטיק און פּאַרטיי־ליניע — געהער איך נישט. און צו די קאַריעריסטן, וואָס האַלטן זייער אָרגאַניזאַציע פאַר אַ שפּרונגברעט צו אַ גוטער קאַריערע — צו זיי געהער איך אוודאי נישט. פאַר מיר עקזיסטירט בלויז מיין לערע, ספּאָרט, אויך מיליטערישע איבונגען — דאָס איז פאַר מיר גע־

נוג. יאָ, אַז איך בין אַן ייד — דאָס וויל איך נישט און מען לאָזט מיר נישט פאַרגעסן...

— גלויב מיר, טאַטע, אַז דער איצטיקער „קאָמסאָמאָל״ איז ווייט אַוועק פון דעם אַמאָליקן. די אידעען פון אַ וועלט־רעוואָלוציע, וועגן אינ־טערנאַציאָנאַליזם, וועגן קאַמף פאַר די אונטערדריקטע פעלקער פון אַלע לענדער זענען שוין פון לאַנג פאַרביטן געוואָרן מיטן „סאָוויעטישן פּאַטריאָ־טיזם״, אויף אויספירן בלינד די באַשלוסן פון דער פּאַרטיי, אויף אינטע־רעסירן זיך בלויז מיט דער אָפיציעלער פּרעסע, ראַדיאָ און טעלעוויזיע, נישט צו הערן די „פּלאַפּלעריי״ פון אויסלאַנד...

נאָך יעדן אַרויסזאָגן זיך, האָט מיין זון זיך האַסטיקער גענומען צו דער אַרבעט, ווי ער וואָלט מיט געוואַלד געשטרעבט זיך אָפּרייסן פון די געדאַנקען, וואָס האָבן זיך ווי געריסן אַליין פון זיין געדאַנק און מויל. ווען האָט ער אַזאַ געלעגנהייט זיך אַרויסצוזאָגן?

די ווענט האָבן דערוויל ווי אויסגעגלייכט דעם רוקן אונטער די פּליי־סיקע הענט פון מאַרקסן.

נאָכן אויסגלייכן און טריקענען איז געקומען די צייט פון קאַלכן: דעם סופּיט מיט ווייסער קאַלך און די ווענט מיט קאַלך, געמישט מיט אוגער־פאַרב. קומענדיק פון דער אַרבעט, האָט מינדעלע די שטוב נישט דער־קענט. זי האָט אָבער באַדויערט, וואָס מיר קומט אויס צו אָטעמען מיט דער פאַרדעמפּטער לופט, אין דעם האַלב־פינצטערן צימער. ס׳קען זיך, חלילה, אָפּרופן אויף מיין געזונט.

זי איז זיכער גערעכט געווען, אָבער ס׳איז נישט צו פאַרמיידן. דערצו האָט מיך געפריידט, וואָס איך האָב ווידער באַקומען דעם נויטיקן קאָנטאַקט מיט מיין זון, נאָך יאָרן פון געצוווּנגענער אָפּגעפרעמדקייט.

ס׳איז פאַרשטענדלעך, אַז אויך איך האָב אים געהאַט נישט וויניק צו דערציילן. מיינע אָפּגעקומענע צוויי מיט אַן האַלבן יאָר אין די טורמעס און לאַגערן האָבן גענוג מאַטעריאַל צוגעשטעלט צו דערציילן. איך האָב זיך באַמיט נישט צו פאַרפינצטערן זיין געמיט און דערציילט אים אין אַ לייכ־טער פאָרם, דערביי אין אַ הומאָריסטישן טאָן, דערצו אויסגענוצט די וויצן און אַנעקדאָטן, וואָס מען הערט זיך אָן אין די לאַגערן:

— וויפל יאָר האָסטו באַקומען? — פרעגט איין פאַרמישפּטער זיינס גלייכן, ווי נאָר ער איז אָנגעקומען אין טורמע אַריין.

— פינף יאָר „אויסבעסערונג־אַרבעטס־לאַגער" — ענטפערט דער צווייטער.

— פאַר וואָס?

— פאַר גאָרנישט.

— ווריאָש! דו זאָגסט אַ ליגן! פאַר גאָרנישט גיט מען צען יאָר און נישט קיין פינף!

— מייַן זון האָט באַהויפּטעט, אַז דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דער סאָוויעטישער אָרדענונג א״ז שרייבן איינס און אין דער פּראַקטיק טאָן אַנדערש. מען רעדט וועגן דעמאָקראַטיע, וועגן דיאַלעקטיק, וועגן גע־זעצלעכקייט, אָבער אינעם לעבן ווערט דאָס אַלץ נישט אָנגעווענדעט. צי קאָנען די וואַלן צו די העכסטע אינסטאַנצן זיין דעמאָקראַטישע, ווען דו מוזט שטימען בלויז פאַר דעם איינציקן קאַנדידאַט, וועלכן די פּאַרטיי האָט אַרויסגעשטעלט, דערצו מוזטו שטימען, ווייל ער, דער קאַנדידאַט מוז באַ־קומען 99,9% שטימען.

— אָט האָט מען מיר פאַרגעוואָרפן פּלאַפּלערײַ און פאַרמישפּט אויף צען יאָר לויטן פּאַראַגראַף 54, די צווייטע טייל, כאָטש עס איז געשען אין דער צייט פון פרידן, און דער פּאַראַגראַף קען, לויטן קאָדעקס, באַנוצט ווערן בלויז אין מלחמה־צייט. „אַנאַלאָגיע" — הייסט עס ביי זיי. מען פאַר־גלייכט מרדכי הצדיק מיט המן הרשע! (ווי אין די נייעסטע צייטן — דעם ציוניזם צום היטלעריזם).

— דער דיאַלעקטישער צוגאַנג איז פאַרקריפּלט געוואָרן. צי ווערט דערלאָזט צו פירן אַ מיינונגס־אויסטויש מיט די געלערנטע פון אויסלאַנד? צי האָבן מיר אַ מעגלעכקייט אפילו צו לייענען די אויסלענדישע פּרעסע, ליטעראַרישע ווערק, אפילו צו זען אויסלענדישע פילמען? די אויסלענדישע ראַדיאָ־אוידיציעס טאָרסטו עפנטלעך נישט הערן און שמועסן וועגן זיי מיט עמעצן אוודאי נישט. בלויז אַ קליינע צאָל דרייסטערע הערן דורך פאַרבאַר־גענע הער־טרייבלעך וועגן ישראל, וועגן אויסלאַנד, אָבער זיי מוזן עס פאַר־

באַרגן בלויז פאַר זיך. מע ציטערט פאַרן אייגענעם שאָטן — צי הייסט דאָס אַ דיאַלעקטיש־מאַטעריאַליסטישער צוגאַנג?

איך האָב באַוווּנדערט, ווי ווייט מיין זון איז אַוועק פאָרויס אין זיין דענקען, די צייט איז דער בעסטער לערער. איך דערמאָן זיך, ווען מאַרקס איז געקומען פון דער אַקאַדעמיע פול מיט יוגנטלעכן ענטוזיאַזם און דער־ציילט, אַז „מיר האָבן שוין דעם פולן קאָמוניזם". דער בופעט איז פריי און צוגענגלעך פאַר אַלעמען. קענסט זיך נעמען אַ בוטערבראָד, אַ פלעשל לע־מאָנאַד און דעם באַטרעף וואַרפסטו אַריין אין אַ שיסל, וואָס שטייט אויפן טיש. אמת, פון געוווינהייט האָבן די סטודענטן פון דאָרף מורא געהאַט צוצו־גיין צום טיש און נעמען, מען זאָל זיי נישט חושד זיין, אָבער מיט דער צייט וועט אַלץ גוט זיין.

— נו, זון מיינער, ווי האַלט עס מיטן קאָמוניזם אין אייער בופעט?

— האָב איך אים אַ פרעג געטאָן.

— דער פאַרוואַלטער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו דעקן די פאַרלוסטן און די מלוכה־קאַסע אוודאי נישט — איז געוואָרן אויס מיטן „קאָמוניזם". — האָט מאַרקס געענטפערט, דערביי אַרויסגעלאָזט אַ פאַרבאָרגענעם סאַרקאַס־טישן געלעכטער.

— און דיר, פערזענלעך, אינטערעסירן די ראַדיאָ־אוידיציעס פון ישראל?

— אונדזער ראַדיאָ־אַפּאַראַט האָט מען דאָך קאָנפיסקירט. אָט אַ מאָל געלונגט מיר ביי מיין חבר עפּעס אויפצוכאַפּן, ווען קיינער איז נישטאָ דער־ביי. זיי, גלויב איך, זיי וואַקסן, פּראָגרעסירן, אויך וועגן די אייגענע שוואַכ־קייטן גיבן זיי אָן. אַ ייד דאַרף נישט זוכן קיין גליקן אויף דער גאָרער וועלט, בפרט נאָך אין דעם דאָיִקן גן־עדן. מיר אַלע האָבן זיכער געגרייזט, וואָס מיר זענען דאָ פאַרבליבן, ווען מיר האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט אַרויס־צופאָרן. דער שכל קומט נאָך די יאָרן...

שמועסנדיק האָבן מיר נישט באַמערקט, אַז די ווענט זענען שוין טרוקן. מאַרקס האָט ערגעץ אויסגעבאָרגט אַ גומענעם „נאַקאַט" מיט אַ מוסטער. אויך זילבער־פאַרב האָט ער געבראַכט. איצט האָט ער באמת אַרויסגעוויזן ק ו נ ס ט. די זילבערנע פאַרב האָט צוגעגעבן עלעגאַנץ און העלקייט. מיר

ביידע האָבן זיך געפּרייט און אַרויסגעקוקט אויף דער מוטער, וואָס וועט זיכער זיין צופרידן און באַוווּנדערן אונדזער אויפטו.

## זיס ווי האָניק

די פּאָר טעג, וואָס איך האָב פאַרבראַכט צוזאַמען מיט מיין זון, ביים אַדורכפירן דעם געוווּנטשענעם הויז־רעמאָנט, האָבן אַ ביסל באַרויִקט מיין געמיט. זיי האָבן אָבער אויך געבראַכט שאָדן. דער האַלב־טונקעלער אַרום, דער טוכלער, פייכטער שטויב האָט באַשווערט דאָס אָטעמען, דער הוסט האָט געשטיקט אין האַלדז, יעדע פּאָרציע פרישע דרויסן־לופט האָט ווי אָפּגעפרישט די לונגען. דער שולהויף האָט געשווּיבלט מיט די שילערינס, וואָס האָבן ביי יעדער געלעגנהייט אָבסערווירט מיין זון, דעם חנעוודיקן סטודענט, וואָס האָט, ווי אַ פּשוטער אַרבעטער געטראָגן מיסט, אַריינגעטראָגן ליים און אים אפילו באַוווּנדערט.

אויף פּאָר זיי האָב איך זיך נישט געטאָרט ווייזן, ווי פאַרן מסור גרופּין און פאַרן דירעקטאָר פון דער שול פּאַסטשענקאָ, וועמען איך בין געוועזן גרויס אין די אויגן.

וועגן מיין צוריקקומען פון דער פאַרשיקונג האָבן זיי געוווּסט, אויך וועגן דעם אַוועקפירן אין שפּיטאָל, אָבער וועגן מיין צוריקקערן זיך און מיין אָנוועזנהייט אין דער היים — האָבן זיי נישט געטאָרט וויסן.

איך האָב ביי זיך באַשלאָסן פאַרצווזעצן מיט פרישע כוחות מיין קאַמף פאַר רעהאַביליטאַציע, פאַר אַ מעגלעכקייט צו וווינען ביי זיך אין שטוב, און צו באַקומען די רעכט ווייטער צו אַרבעטן אין דער שול, אַלס לערער.

ווי נאָר עס האָט אָנגעהויבן צו טאָגן, ווען אַ העל־פיאָלעטע בלויקייט האָט אויפגעהעלט אין דרויסן, נאָך איידער די ערשטע זונען־שטראַלן האָבן באַגריסט דעם אויסגערוטן מענטש, האָב איך זיך אַרויסגעכאַפּט אויף דער פרייער וועלט, קיינער זאָל מיך נישט באַמערקן און צוגעגאַנגען צום ערשטן טראָלייבוס, וועמענס רייס איז געוועזן אויף קרעשטשאַטיק.

אויף די גאַסן האָבן זיך באַוויזן די ערשטע אַרבעטער, געגעצנדיקע און נישט אויסגעשלאָפֿענע און מיט איילעניש אַרויפֿגעכאַפּט זיך אויפֿן טראָ־לייבוס, וואָס איז נאָך געווען האַלב־פּוסט און פֿאַרכאַפּט די פֿרייע פּלעצער. ס׳האָט געקלעקט אַ פֿרייער פּלאַץ אויך פֿאַר מיר.

מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איך וועק די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון אייניקע, אפשר פֿון מיינע שכנים, מעגלעך אויך עלטערן פֿון מיינע געווע־זענע שילער. האָב איך פֿאַרבאַהאַלטן מיין בליק, אַרויסקוקנדיק דורכן פֿענצ־טער. די צעצווייגטע קאַשטאַנעס פֿון ביידע זייטן וועג האָבן געגרינט מיט טונקל־גרין, די צעצווייגטע ביימער־לאַפּעס האָבן געבליט מיט גרעסערע בלעטער און ברוינלעכע קנאָספּן. פֿון ערגעץ איז אָנגעלאָפֿן אַן אומגעוויינ־לעכע מאַשין, וואָס באַרשט און וואַשט די גאַסן. זי שפּריצט מיט אַ שטאַרקן שטראָם וואַסער אין ביידע זייטן, קליינע ריטשקעלעך מיט וואַסער פֿליסן אייליק באַרג־אַראָפּ ביי די סאַמע טראָטואַרן. די מאָגערע עלעקטרישע ליכט לעשט זיך ערשט אויס, ווי נישט ווילנדיק, כאָטש זייער שיין איז איצט שוין נישט נויטיק.

דאָ און דאָרט באַמערק איך אויף די ראָגן מושטרירטע מיליציאָנערן. זיי דערמאָנען מיר אין דעם קרייז־מיליציאָנער סעווערינען, דעם זויפֿער און אומפֿאַרשעמטן עזות־פּנים, און דאָס רופֿט אַרויס ביי מיר אַ ווידערגעפֿיל, אפֿילו שנאה צו די אַלע זיינס־גלייכן...

אין וועג פֿולט זיך דער אויטאָבוס אָן מיט פֿרישע פּאַסאַזשירן, כאָטש נישט וויניק שטייגן אויס אין וועג. זיי קומט שוין אויס צו שטיין, אָנהאַל־טנדיק זיך ביי די הענגערס. אייניקע בליקן־אַריין אין אַ צייטונג, באַווייזן אָבער איבערצולייענען בלויז די קעפּלעך מיט גרעסערער שריפֿט. מערסטנס פֿאָרן יונגע מענער, נישט וויניק פֿרויען, וואָס פֿאָרן שטייענדיק, גלייך מיט די מענער. ס׳איז דער „בעסטער״ סימן, אַז פֿרויען זענען גלייכבאַרעכטיקט מיט די מענער אין ראַטנפֿאַרבאַנד.

מיר קומען ענדלעך אָן צו דער לעצטער סטאַנציע אויפֿן קרעשטשאַ־טיק. דאָ שטייט שוין אַ לענגערע ריי מיט אומגעדולדיקע פּאַסאַזשירן. דער טראָליייבוס ליידיקט זיך אויס און לאָזט זיך מאַכן אַן אומקרייז, כדי צו פֿאָרן צוריק. ווייל די אויטאָבוסן פֿאָרן אין פֿאַרשידענע ריכטונגען, וואַרטן אין די

לאַנגע רייען יעדערער אויף זיין באַשטימט אָרט. כדי אויסצומיידן סקאַנדאַלן און כוליגאַנישע אויפפירונג, שטייט ביי יעדער ריי אַ מיליציאָנער, וואָס טרייבט יעדן איינעם אין זיין ריי.

פון קרעשטשאַטיק לאָז איך זיך אַראָפּ מיט די ברייטע בעטאָנענע שטיגן צום דניעפּר. עס איז נאָך גאָר פרי צו גיין ערגעץ אין די געריכט־אינסטאַנצן.

אַ קיל ווינטל טראָגט מיט זיך אַ פייכטקייט פון די דניעפּר־וואַסערן. ס׳איז אַזוי לייכט צו אָטעמען מיט דער פרייער לופט, נאָכן שפּיטאָל און געצוווּנגענער אָפּגעשלאָסנקייט במשך פון די לעצטע טעג. איך באַמערק, ווי אין וועלדל לאָזט זיך פריי אַראָפּ פון דער הויך אַ ברוין, פלינק וועווריקל און שפּרינגט אַריבער פון בוים צו בוים. אַ וועווריקל — און דאָך אַ פריי באַשעפעניש...

איך זעץ זיך אַוועק אויף אַ זייטיק בענקל, אין מיטן די שטיגן און באַקוק דעם גרין־באַוואַקסענעם אַרום, כאַפּ אויף דעם לייכטן גערויש פון אַן אַראָפּגעפאַלענער שישקע, צי גאָר די שאָלעכץ פון אַ צעקנאַקטן נוס. פון דער ווייטנס זעט זיך די שטילע פלאַכקייט פון די דניעפּר־וואַסערן. אַ בלישטשענדיקע גלאַנצקייט, ווי פון גלאָז און אַ לייכט אָטעמען מיט פיצלעך פאַלדן פון די כוואַליעס.

אויפן ווייטן באַנברוק ציט זיך אַ לאַנגער פּראַכטצוג, ווי פון שווע־בעלעך־פודעלעך געמאַכט. דער רווישנדיקער לאָקאָמאָטיוו אָטעמט מיט אַ שוואַרצן רויך, וואָס שפּאַצירט אַרום אונטער די הימלען, לענג־אויס דעם צוג. איך כאַפּ אפילו אויף אַ פייף, וואָס עקבערנדיק די לופטמאַסע דער־גרייכט אַזש צו מיינע אויערן. איך ווייס, אפשר קומט דער פייף פון אַ שיף, וואָס לאָזט זיך אין וועג אַריין, אָדער וואָס קומט פון ערגעץ אָן.

— קיעוו, דניעפּר... — גיב איך אַ טראַכט. איר האָט מיך ווי פאַר־כישופט מיט אייער פּראַכט, מיט דער פריצישער שיינקייט, מיט די העל־בלויע הימלען, מיט דער אויפגעפרישטער נייקייט!

— צוליב דיר, קיעוו, בין איך נישט אַרויסגעפאָרן אין יאָר 1946 קיין פוילן, האָבנדיק אַלע מעגלעכקייטן דערצו. דערפאַר האָב איך צו טייער באַצאָלט מיט יאָרן אין די טורמעס און לאַגערן, מיט פּיין און נויט, מיטן

פריערדיקן פעסטן געזונט־צושטאַנד. מיט דער אַנטווישונג אין די אידעען פון וועלט און מענטש־באַפרייונג...

— איצט ביסטו פאַר מיר אַ שטיף־מוטער געוואָרן, פונעם ערגסטן סאָרט דערצו. אַ שטיפמוטער, וואָס טרייבט איר שטיפזון פון זיין אייגענער היים, פרוי און זון. דו שטויסט מיך אָפּ פון זיך. פאַר וואָס? נאָך ווייניק געליטן?!

— צי האָב איך נישט צוגעלייגט מיינע הענט צום אָפּראָמען דיינע חורבות, נאָך איידער די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט? צי האָב איך נישט פאַר די אומגליקלעכע יתומים קיין וואַרעמע נייע היים געשאַפן אויפן באַ־טיעווער באַרג? צי האָב איך געקאַרגט מיין ענערגיע, טאַלאַנט און פעיִקייטן פאַרן קינדערהיים, פאַר די שולן און קינדער־גערטנער?

אין פלאַם פון בויען, שאַפן, האָב איך כמעט פאַרגעסן אין אונדזער אמתער היסטאָרישער היים, וואָס איז באַנייט געוואָרן נאָך טויזנטער יאָרן אין מזרח, אָן מיין הילף און אָפּפער.

אַזוי טראַכטנדיק באַשליס איך: היינט מוז איך זיך ווענדן צום פּראָ־קוראָר פונעם קיעווער קרייז־געריכט. ער האָט געהאָלפן מיך צו פאַרמיש־פטן, ער האָט דאָך באַקומען אַלע אָנקלאַגעס פון מיר, מיין פרוי און זון און געשיקט אונדז אַ שטאַמפּ־ענטפער: „פאַרמישפּט ריכטיק", אין דער צייט ווען ער האָט זיכער זיך נישט באַמיט דעם אמת פעסטצושטעלן.

מיט גרויסער אָנשטרענגונג דערמאָן איך זיך זיין נאָמען: רוס... רוס... רוסעצקי. אפשר וועט ער פאַרט מיר העלפן צו באַקומען די רעהאַביליטאַ־ציע. נישט ווייט פון דאַנען, אויף דער וולאַדימיר־גאַס געפינט זיך דער קרייז־געריכט. יאָ, צו אים מוז איך זיך ווענדן!

אַרום 9 אין דער פרי בין איך שוין געשטאַנען נעבן קרייז־געריכט, אויף וולאַדימירסקע גאַס. איך דערמאָן זיך: קנאַפּע 3 יאָר צוריק האָט מיך די „שוואַרצע קראָ" צוגעפירט צו ד ע ר טיר. דער הויף איז נאָך פריער אָפּגערייניקט געוואָרן פון זייטיקע אויגן. אַזוי פיל באַוואָפנטע היטער זע־נען געשטאַנען אויף די שטיגן, ביי יעדער אַריינגאַנג און נישט אַרויסגע־לאָזט קיין איין מענטש. צי בין איך טאַקע אַזאַ געפערלעכער פאַרברעכער? האָב איך דאַן געטראַכט. ווי איך וואָלט געוועזן דער סאָוויעטישער אַל־קאַ־

פאַנע, דער שטירצער פון דער אָרדענונג און אַזעלכער באַדראָט די גאַנצע מלוכה. די דערינערונג רופט אַרויס ביי מיר אַ ביטערן, איראָנישן שמייכל. איצט שפּאַן איך איינער אַליין, אַלס „פרייער" בירגער איבער די זעלבע שטיגן, צו דעם געריכט, וואָס האָט מיך אַזוי אומברחמנותדיק באַוועלט. מען האָט מיך באַפרייט פון דער געצוווּנגענער איזאָלאַציע, אָבער לעבן פריי לאָזט מען מיך נישט. מען וויל דאָך נישט אַראָפּנעמען די פענטעס פון מיך, ווייל איך בין אָנגעשטעקט מיט מיקראָבן, וואָס זייערע טורמעס און לאַגערן פאַרמאָגן אָן אַ שיעור.

אויף דער וואַנט דערזע איך, אויפן דריטן שטאָק, אַ שילדל: „קיעווער קרייז־געריכט". איך כאַפּ איבער דעם אָטעם, גלייך זיך אויס, ווי אַ שטאָל־צער, נישט איינגעבראָכענער מענטש און שפּאַן אַריבער די שוועל.

— צו וועמען באַדאַרפט איר, בירגער? — ווענדעט זיך צו מיר אַ יונגע מיידל, וואָס איז געזעסן ביי אַ טישל, ביי דער סאַמע טיר.

— צום פּראָקוראָר רוסיעצקי דאַרף איך. — ענטפער איך רויִק.

— איר וועט זיין דער דריטער אין דער ריי. —

זי האָט פאַרשריבן מיין פאַמיליע־נאָמען און נאָמען און געבעטן זיך זעצן אויף אַ שטול. פונקט בין איך געקומען אין זיינע אויפנאַמס־שעהען. פאַר מיר האָט באַדאַרפט אַריינגיין אַ מיטליעריקע פרוי, מיט אַ טרויעריקן בליק אין די שוואַרצע אויגן. פון נערוועזיטעט האָט זי אָפּט געפינגלט מיט די אויגן און געבראָכן די פינגער.

אין אַ פערטל שעה אַרום בין איך שוין געזעסן ביים פּראָקוראָר, אין זיין גרויסן קאַבינעט. איך האָב אים דערקענט, כאָטש דאַן, אויפן געריכט, האָט ער גאָר אַנדערש אויסגעזען: ער האָט געטראָגן אַ ווייס העמד, מיט קורצע אַרבל, ווייסע לייוונטענע ספּאָרט־הויזן און ווייסע ספּאָרט־שיך. איצט האָט ער גאָר עלעגאַנט אויסגעזען אין זיין גראַנאַטענעם מונדיר, מיט אַ קראַוואַט. גערעדט האָט ער ווייך, ריטערלעך, ווי ער וואָלט זיך אויסגע־דריקט: — איך בין גרייט אייך צו דינען!

איך האָב אים אָנגעגעבן אַלע איינצלהייטן וועגן מיינע פּערסאָנאַליען, געוויזן מיין באַפרייונגס־דאָקומענט פונעם לאַגער. ער האָט אַ בליק געטאָן

אויף מיר, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט דערמאָנען, ווען און ווו האָט ער מיך געזען. מיט אַ מונטערן שמייכל אויפן פּנים האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— מען האָט אייך באַפרייט פאַר דער צייט. וואָס נאָך קוועלט אייך, חבר?

— יאָ, באַפרייט, אָבער נישט רעהאַביליטירט. איך טאָר נישט וווינען אין קיעוו ביי זיך אין דער היים, מיט מיין פרוי און זון און צו פּעדאַגאָגי־שער אַרבעט לאָזט מען מיך נישט צו.

ער, דער פּראָקוראָר, האָט אַרויסגעפּאָדערט פונעם אַרכיוו אַ טעקע מיט פּאַפּירן וועגן מיך, איך האָב דערזען אַ גאַנץ בינטל אָנקלאַגעס, וואָס איך, מיין פרוי און זון האָבן געשריבן. אַלע, אַלע זענען געריכטעט געוואָרן צו אים, כדי צו באַטראַכטן.

— איר האָט גאָרנישט געקאָרגט קיין פּאַפּיר און טינט. איר, אייער פרוי, אויך דער זון האָבן געשריבן. זיי זענען אָבער אָנגעקומען נישט אויפן ריכטיקן אַדרעס. אמת, אונדזער געריכט האָט אייך פאַרמישפּט, אָבער איי־ער דיעלע האָט געפירט די טראַנספּאָרט־פּראָקוראַטור און אין זייער אַרכיוו געפינט זיך אייער דיעלע. איך קען זי כמעט נישט. בלויז צוליב אַ צופאַל, אָדער, בעסער געזאָגט, צוליב אַ פאַרפאַל, בין איך אַרויסגעטראָטן אויף אייער געריכט. צו דער טראַנספּאָרט־פּראָקוראַטור דאַרפט איר זיך ווענדן, נישט צו מיר.

— אָבער אַ שטאַנדאַרטן ענטפער האָבן מיר באַקומען פון אייך, ביר־גער פּראָקוראָר.

— נאַ ניעט — סודאַ ניעט! (פאַר אַ „ניין" — קען גאָרנישט געשען) איז מיין ענטפער טאַקע געווען „ניעט".

— איך דאַנק אייך פאַרן אויפריכטיקן ענטפער. ער וועקט אין מיר צוטרוי צו אייך, איך וויל האָפן, אַז איר קענט מיר העלפן. העלפט מיר! איך בין געווען אַן אָרנטלעכער לערער. איר האָט באַדאַרפט זען, ווי מיינע געוועזענע שילער האָבן מיך אויפגענומען, ווען איך בין געקומען צוריק קיין קיעוו. העלפט מיר ריינצווואַשן זיך — איך זאָל קענען ווייטער זיין אַ לערער און וווינען אין קיעוו.

— אייך, חבר פערעל, דאַרף רעהאַביליטירן די העכסטע פּראָקוראַ־טור, אויף קרעשטשאַטיק 2, ווענדעט זיך צו זיי. איך וועל צו זיי אָנקלינגען.

— אין דער גענעראַל־פּראָקוראַטור, אין מאָסקווע, האָט מען מיך אויך צוגעזאָגט אָנצושרייבן וועגן דעם קיין קיעוו.

— מעגלעך, אַז זיי האָבן שוין דעם בריוו דערהאַלטן. איך ווינטש אייך דערפאָלג אין אייערע באַמיִונגען!

איידל, פיין, מיט אַ ברייטן שמייכל אויף די ליפּן, האָט דער פּראָקו־ראָר מיר דערלאַנגט זיין האַנט, ביים געזעגענען זיך:

— זייט מצליח, חבר פערעל! זייט מצליח!

— אַ דאַנק אייך, חבר פּראָקוראָר, אַ דאַנק!

איך בין אַוועק פון אים אַ צופרידענער. ער האָט דערוועקט אין מיר צוטרוי און פרישע האָפענונגען. „ח ב ר" האָט ער מיך גערופן. צוריק „חבר" — נישט „בירגער". צי קען אַזאַ זיין אַ שלאַנג און וויטיקלעך אַ ביס טאָן?

— האָב איך געטראַכט.

דער שכל הישר האָט דאָך מיר אונטערגעזאָגט: — אַ פּראָקוראָר מוז בייסן, ווי אַ בין — אַריינשטעכן איר גיפט. נישט אומזיסט זאָגט דאָס פאָלקס־ווערטל: „איך דאַרף נישט דיין האָניק, איך דאַרף נישט דיין גיפט" און דער איינדרוק פון זיין זיסער באַנעמונג איז ווי אויסגעוועפּט געוואָרן...

## אין דער הויפּט-פּראָקוראַטור

אויף קרעשטשאַטיק 2, אין דער הויפּט־פּראָקוראַטור פון אוקראַינע, איז די פּראָצעדור פון אויפנעמען אינטערעסאַנטן אַ מער קאָמפּליצירטע: אינעם ערשטן זאַל, אין וואַרטע־זאַל, דאַרף מען פאַרנעמען אַ זיצנדיקע ריי צום דעזשורירנדיקן פּראָקוראָר. אַרום און אַרום זיצן מענטשן דערוואַקסענע, מערסטנס פרויען, אייניקע אפילו מיט פּיצלעך קינדער אויף די הענט, אַרום זיי דרייען זיך אויף עלטערע קינדער. מיט טעמפּע, גלייכגילטיקע בליקן זיצט מען און מען שוויגט. יעדער איינער איז פאַרטאָן מיט די אייגענע גע־דאַנקען.

אין דער רעכטער זייט, אין אַ באַזונדער קאַבינעט נעמט אויף דער פּראָקוראָר. מען דאַרף זיך צו ערשט פאַררעגיסטרירן ביי דער סעקרעטאַר־קע. זי פילט אויס אַן אַנקעטע: פאַמיליע־נאָמען, נאָמען, עלטער, דעם אַדרעס און אין קורצן — דעם ציל פון אייער קומען. דערנאָך באַשטימט זי אייער נומער אין דער ריי צום פּראָקוראָר.

אַלעמענס אויגן זענען געווענדעט אין דער זייט פון דער טיר. מענטשן גייען אַריין, ווען עמעצער גייט אַרויס. מערסטנס זענען זיי נאָענטע פון די, וועגן וועמען מען גייט בעטן: אַ פרוי, אַ מוטער. זעלטן גייט מען בעטן פאַר זיך אַליין, אַזעלכע ווי איך. אַלעמען באַהערשט אַן אומעט, אַן אומרויִקייט אײדער מען גייט אַריין, בלויז אַ פונק פון האָפענונג לייכט אַרויס פון עמעצנס אויגן. ביים אַרויסגיין איז אָפטער דער פונק פאַרלאָשן, די אויגן זענען פייכט פון פרישע טרערן. ביי די, וואָס ווערן געריכטעט דורך דער סעקרע־טאַרין אין דער ריכטונג פון די שטיגן אַרויף, צאַנקט נאָך דער פונק לענ־גער. דאָרט אויף די שטאָקן זיצן דאָך די פּראָקוראָרן, וואָס דאַרפן זיך פונ־אַנדערקלייבן און דעצידירן וועגן אייער ענין.

די מאַמעס איז שווער איינצוהאַלטן די קינדער זיי זאָלן נישט וויינען, אָדער רוישן. צי זי האָט נישט געהאַט ביי וועמען זיי איבערצולאָזן אין דער היים, צי זי וויל דורך די קינדער וועקן רחמנות ביי די, וואָס וואָלטן באַ־דאַרפט זיי אומצוקערן זייער פאָטער, כאָטש זיי, די קינדער, געדענקען גאָר שוואַך ווי ער האָט אויסגעזען. ווען מען האָט זייער פאָטער פאַרנומען זענען זיי נאָך פּיצלעך געווען. די קינדער נודזשען זיך פון לאַנגווייליקייט און גע־צוווּנגענער רויִקייט. די אַלגעמיינע טרויעריקע שטימונג באַהערשט זיי בלויז אויף אַ ווייל. זיי קענען נישט איינזיצן אויף אַן אָרט. צי קענען זיי פאַר־שטיין די ערנסטקייט פון דער לאַגע? זיי זענען קינדער און ווער וועט צו־רויבן זייערע קינדערישע רעכט צו שטיפן, באַוועגן זיך. דער מאַמען פילן זיי מיט, אָבער זיי פאַרשטייען נישט איר ווייטיק. אין דער היים טרייסטן זיי זי, קושן זי און בעטן זי זאָל נישט וויינען, אָפט נעמען זיי אָן אירע קלעפּ מיט מחילה און בייזערן זיך נישט, אַן אַנדערש מאָל בונטעווען זיך, ליאַ־רעמען און פילן זיך באַעוולט. אָט גייען זיי אַהער צוזאַמען מיט דער מאַמען,

ווייל אַזוי פאַרלאַנגט זי, כאָטש אין דרויסן איז אַ סך בעסער. דאָרט קען מען זיך שפּילן, לויפן, אפילו טאַנצן...

ענדלעך איז אָנגעקומען מיין ריי. אין מוח האָבן זיך שוין אָנגעזאַמלט גרייטע ווערטער, וואָס האָבן געקענט אין קורצן איבערגעבן מיין ביטע.

דער דעזשורנער פּראָקוראָר, אַ באַיאָרנטער דאַרער פאַרשוין מיט אַן היפּשן פּליך אויפן קאָפּ — ער קען שוין זיינע פּליכטן אויף אויסנווייניק. נאָך איידער ער באַטראַכט דעם קליענט, פאַרשרייבט ער אין זיין גרויסן רובריקירטן בוך אַלע איינצעלהייטן פון דער ביאָגראַפיע, כאָטש פאַר אים ליגט שוין די אויסגעפּולטע אַנקעטע, וואָס די סעקרעטאַרין האָט אויסגעפּולט. דערנאָך באַטראַכט ער די דאָקומענטן, כדי זיך איבערצייגן, אַז אַלץ וואָס ער האָט פאַרשריבן שטימט.

— וואָס פאַרלאַנגט איר? — שטעלט ער פאָרט די שטאַנדאַרטע פראַגע.

— איך וויל בעטן מען זאָל מיך רעהאַביליטירן. איך בענק נאָך מיין פּעדאַגאָגישער אַרבעט, איך וויל זיך נישט אויף ווייטער צעשיידן מיט מיין פרוי און זון, וואָס ווינען אין קיעוו. — קורץ און שנעל דערקלער איך אים.

— ריכטיק! פאַר וואָס נישט? אויב איר זענט אומשולדיק — וועט עס געשען. פאַר וואָס נישט? ווער האָט אייך פאַרמישפּט? — ענטפערט ער און פרעגט אַזוי לאַקאָניש, מיט אַ כיטרן שמייכעלע אין די פאַרזשמורעטע אויגן.

— דער קרייז־געריכט אין קיעוו, נאָר מיין דיעלע האָט צונויפגעשטעלט די טראַנספּאָרט־פּראָקוראַטור און אַלע דאָקומענטן געפינען זיך ביי זיי אין אַרכיוו.

— נו! וועלן מיר אויספאָדערן אייער דיעלע און אויפמערקזאַם זי באַטראַכטן און דאַן...

— יאָ, איך פאַרשטיי, אָבער איך בין נאָר־וואָס אַרויס פונעם שפּיטאָל און איך האָב נישט ווו צו זיין און נעכטיקן. דאָס שוליאָר הויבט זיך אָן און מיין אַרבעט וואַרט אויף מיר — אַזוי דערקלער איך אים מיט אַ רויִקן באַזאָרגטן טאָן, פול מיט געבעט.

— איר זענט גערעכט, אָבער מיר זענען אויך גערעכט. „פּאָר שטילער — ווערסטו ווייטער פּאַרפּאָרן" איר גיט זיך דערווייל אַן עצה און מיר וועלן אונדזערס טאָן. וועגן די רעזולטאַטן וועלן מיר אייך צו וויסן טאָן. —

באַמערקנדיק מיין פאַרזאָרגטקייט, אפילו אָפּהענטיקייט פון זיין ענט־פער, האָט ער צוגעגעבן:

— נישט געזאָרגט, חבר פּערעל! דער אמת וועט אַרויס ווי בוימל אויפן וואַסער! מען מוז האָבן געדולד און אויסדויער! איר זענט פריי! ס׳וואַרטן נאָך מענטשן אויף מיר אין דער ריי!

— איין דורכפאַל נאָכן צווייטן — האָב איך ביי זיך געטראַכט. נישט אָפּזאָגן, נאָר אָפּשלעפּן — זייער אויסגעטראָטענער וועג. און דווקא מיט טאַקט, מיט „חבר פּערעל", דינענדיק פּאָר אַ באַריער צו די העכערע אינ־סטאַנצן, וואָס זיצן זיך רויִק אויבן און טרינקען טיי, שלונג נאָך שלונג, מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן.

— וואָס טו איך ווייטער? אפשר זיך ווענדן אין דער שול־אָפּטיילונג פון די טראַנספּאָרט־שולן וועגן אַרבעט, אפילו אויף דער פּראָווינץ. דאָרט נויטיקט מען זיך שטענדיק אין לערער, בפרט פון מאַטעמאַטיק. קענענדיק אָבער די סאָוויעטישע ווירקלעכקייט, וואַרף איך אָפּ דעם געדאַנק. אַן רע־האַביליטאַציע בלייב איך דאָך אַ פאַרמישפּטער, אַ טרייפער, כאָטש איך בין שוין באַפרייט געוואָרן.

— ווּ קען איך נעכטיקן די נאַכט? איך טאָר נישט גיין אַהיים. צי האָב איך רעכט צוצורויבן דעם שלאָף פון מיין פרוי און זון? פאָרן קיין וואָסילקאָוו — דער איינציקער אויסוועג. דער מוח דענקט, טראַכט, אָבער דער מענטשלעכער גוף פאָדערט שפּייז. כ׳האָב נאָך היינט קיין שלונג וואַסער אין מויל נישט געהאַט. נאָך ברויט שטייט אַ לאַנגע ריי. אפשר שטעלן זיך אין דער ריי?

נישט ווילנדיק פאַלט מיין בליק אויפן פאַסטאַמט אויפן קרעשטשאַטיק. ער שטייט אַלץ, ווי פאַר דער מלחמה, גאַנץ, אַרויסגערוקט פון פאָרנט, ווי אַ פאָדערשטער צאָן אין מויל, וואָס שטערט די האַרמאָניע פון די איבעריקע ציין. די נייע מויערן זענען טיפער אַריינגערוקט, די גאַסן זענען אויסגע־

ברייטערט געוואָרן, נאָר דער איינער מויער איז פאַרבליבן, ווי מען זאָגט: „איין צאָן אין מויל איז פאַרבליבן — אויף צאָנוויטיק"...

פלוצים קומט מיר אָן אַנטקעגן אַ באַקאַנטער מענטש, אין אַן אוני־פאָרם פון אַ באַן־באַאַמטן, דוכט זיך פון אַן אינזשעניער־מאַיאָר. איך האָב אים באַלד דערקענט: אַווערבוך — מיין געוועזענער פריינד, דער אָפטער אַריינגייער צו אונדז אין שטוב. מיט עקל ווענד איך אָפּ מיין בליק פון אים. אויך אים האָט דער אויספאַרשער נישט געלאָזט דערמאָנען, ווי זיין „קאָלע־גע" גרופינען. ער האָט זיכער צוגעלייגט אַ קנייטל צו מיין אומגליק. אַ פאַרטיי־מאַן, מיט אַ גוייִשער פרוי און גוייִשע קינדער, אַ פרעמדער צו זיין פאָטער און שוועסטער — דער זיכערסטער קאַנדידאַט אויף אַ מסור, אויף אַ סעקרעטנעם מיטאַרבעטער...

איך דערגיי ביזן סוף פון קרעשטשאַטיק. נישט ווייט פון דאַנען וווינט מיין קוזין. דער הונגער פאַרשטאַרקט זיך און איך באַשליס זיך אַרויפצו־כאַפּן צו אים. אויב ער איז דאָ אין שטוב, וועל איך עפּעס איבערכאַפּן. איך וועל נאָך באַוויזן צו פאָרן קיין וואַסילקאָוו. אויף קיין גליקן ריכט איך זיך נישט דאָרטן — אין וואַסילקאָוו.

## שכנים

איין מאָל קלינגען... צו ר... צוויי מאָל צו ט..., דריי מאָל קלינגען צו מ... — אַזוי איז אָנגעצייכנט אויפן שילדל אויף דער טיר. צו מיין קוזין דאַרף מען קלינגען דריי מאָל. שטיל, גאָר שטיל קלינג איך דריי מאָל. עס עפנט זיך די טיר און מיין קוזין האָט זי געעפנט. דאָך שטייען ביידע שכנים, ווי עדות, ביי זייערע טירן, נישט דערוואַרטנדיק זיך צו הערן די צאָל קלונגען. וואָס קען דאָס שאַטן ווען מען זעט ווער עס איז אַריינגעקומען, אפילו נישט צו זיי? ס'קען אַ מאָל צו נוץ קומען, בפרט נאָך, אַז אויף אַ „געוויס" אָרט פרעגט מען זיך נאָך אַ מאָל, ווער ס'קומט אַריין צו זייערע שכנים...

די גאַנצע דירה, די דריי צימערלעך, וואָלט געקלעקט בלויז פאַר איי־נעם פון זיי. דאָרט וווינען אָבער דריי שכנים. דאָס פּיצל קיכל און דער איינציקער בית־שמוש אינעם פּאָדערהויז — די ערטער פון זייער בשותפות־דיקן באַנוץ — זענען די ערטער פון זייער געצוווּנגענעם צוזאַמענטרעף, מערסטנס פון די פרויען, מיט זייערע פאַלשע שמייכלען, מיטן פאַרבאָרגע־נעם אַריינקוקן אין די פרעמדע טעפּ און אויך גאָר אָפט מיט צווייזייטיקע אַריינזאָגן זיך: — אַ פּאָר שעה זענען מיר ביידע געשטאַנען אין דער ריי נאָך די פיש, דאָך האָט איר איינע זיי געקריגן און איך נישט. ווען וועט שוין קלעקן פאַר אַלעמען, ווען?

— פּראָטעקציע — דאָס איז אַן אומאויסהיילבאַרע קרענק ביי אונדז.

אין יעדן צימער וווינט אַ פאַמיליע: ביים אַריינגאַנג, אין דער לינקער זייט, אַן עלטער פּאָרפאָלק, אוקראַינער, פּענסיאָנערן. ביידע נודזשען זיך, פאַר יעדער קלייניקייט אַמפּערן זיך. דער בשותפותדיקער דערוואַקסענער זון פאַראייניקט זיי. ער האָט זיך זיין פאַמיליע, אייגענע אינטערעסן. צו די אַלטע עלטערן קומט ער זעלטן, כאָטש זיי קוקן אַרויס אויף אים.

דעם צווייטן צימער פאַרנעמט אַ יונג יידיש פּאָרפאָלק מיט אַ פּיצל זויגקינד. ער — אַ געלבלעכער אויפן געזיכט, מיט זומער־שפּרענקעלעך, מיט כיטרע האַלב צוגעזשמורעטע אויגן און קליינע וואָנסעלעך. דאָס פּנים תמיד אַ שמייכלדיקס, וואָס דריקט אויס אַ גרייטקייט צו דינען. ער איז אַ פאַרקויפער אין אַ מלוכהשן מאַגאַזין. זיין פרוי איז אַ סימפּאַטישע ברונע־טין, מיט אַ בלאַס אויסגעמאַטערט געזיכט, די אויגן מידע, נישט אויסגע־שלאָפענע. זי איז אַ שניידערין אין אַן אַרטעל, אָבער דאָס יאָר האָט זי גע־מוזט נעמען אַן אומבאַצאָלטן אורלאָב, צוליבן קינד. אַנטקעגנאיבער וווינט מיין קוזין מיט זיין פרוי. ער אַרבעט אין קיעווּפּראָמטאָרג, אין אַרטעל פון קינדער־האַרמאָשקעס, וועלכע ער סטראָיעט אָן און מיין פרוי מאַכט פאַר זיי די פודעלעך. זיין פרוי איז אַ פאַרוואַלטערין פון אַ סטאָלאָווע, וואָס גרייט צו פרישטיקן און מיטאָגן פאַר די פאַבריק־אַרבעטער.

זי איז נאָך נישט געווען אין שטוב. אים, מיין קוזין האָב איך שוין געזען ביי דער באַן, ווען איך בין אָנגעקומען קיין קיעוו, אָבער זיין ווייב האָב איך שוין פון לאַנג נישט געזען.

מיין קוזין האָט זיך דערפריידט, ווען ער האָט זיך מיט מיר געזען בײַ זיך אין שטוב. דאָך איז זיין שמחה פאַרמינערט געוואָרן דורך זיינע שכנים — די נישט געבעטענע אַרויסקוקערס.

— דער רוח טראָגט זיי אָן אַרויסצוקוקן, ווען עמעצער קומט צו מיר — האָט ער מיט פאַרדרוס אַרויסגעזאָגט. — ווי מען וואָלט זיי געדונגען דערויף. אַ סיסטעם אַזאַ: איינער שפּיאָנירט דעם צווייטן. איינער דאַרף דער־טראָגן אויפן אַנדערן. איך האָב עס, ליידער, אויף מיין אייגענער הויט אָפּ־געפילט, נאָך דיין אַרעסט. דיין אויספאָרשער האָט מיך שעהען לאַנגע גע־פייניקט און געפאָדערט מסירות אויף דיר, אפילו מיך „געשטעלט צום װענטל״.

— האָבן זיי ביי דיר נישט געפּועלט, האָבן זיי ביי דיין שוואָגער, דעם שוואַכלינג, יאָ געפּועלט. — דאָס אַלץ האָב איך געוווּסט.

דאָס איבערגעלעבטע איז מיר נאָכגעגאַנגען, ווי אַ געשפּענסט. ביי יע־דער געלעגנהייט דערמאָן איך זיך אין דעם. דער זכרון טוט מיר אויף צו להכעיס און וויל גאָרנישט פאַרגעסן. יעדער עוולה לאָזט זיך נישט פאַר־געסן!

דער הונגער האָט מיך געמאַטערט. דעם גאַנצן טאָג האָב איך כמעט נישט געגעסן. — גיב מיר עפּעס אין מויל אַריין! — האָב איך זיך געבעטן.

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן! דערווייל בלויז איבערצוכאַפּן. מיין ווייב ברענגט שוין מיטאָג — וועלן מיר צוזאַמען טועם זיין.

ער האָט אָנגעגאָסן אַ גלאָז טיי פונעם טערמאָס און צוגעשטעלט אַ שעלעכל מיט זיסע געבעקס. ער האָט דערביי אַ קוק געטאָן אויפן זייגער, כאָטש ער האָט געוווּסט, אַז זיין פרוי דאַרף שוין באַלד אָנקומען פון דער אַרבעט.

דער צימער איז געווען אַ קליינער, מיט איין פענצטער, אַ לענגלעכער און אַ שמאָלער. ביי דער לינקער זייט איז געשטאַנען אַן הויכער אויוון, נעבן אים אַן ענגער אויף אויפצוהענגען די מלבושים און הוטן, נאָכן אויוון — אַ שמאָלע שאַפע מיט צוויי טירלעך, נאָך ווייטער אַ טאָפּלט בעט, ביזן פענצ־טער. ביים סאַמע פענצטער — אַ טעלעוויזאָר און ביי דער צווייטער וואַנט

אַ סאָפּקע, אַ בופעט מיט אַ געגלאָזט פענצטער, דורך וועלכן עס האָבן זיך אַרויסגעזען טעלער, גלעזער. פון אונטן די וועש.

אין צימער איז ענג, אָבער ציכטיק און באַפּוצט: אויסגענייטע טיש־טעכלעך און קישעלעך, איבערן בעט, אויף דער וואַנט הענגט אַ פּליושענער, בלויער טעפּיך. אויף אים יאָגן זיך, אין ווילדן גאַלאָפּ, דורך שנייִקע פעל־דער דריי צעהיצטע, ווייסע פערד, וואָס שלעפּן אַ שליטן און אויף אים אַן אָנגעפּעלצטן פּריץ.

— נו, ווי פילסטו זיך, יואליק? וועגן דיר נעם איך אָפּ גרוסן דורך מינדעלען אַלע טאָג. אַבי דו ביסט אַרויס פון געפאַר. ביסט אויף דער פריי.

— אוודאי פיל איך זיך נישט שלעכט אויף דער פריי. דאָס געזונט — אויך בעסער, ווי פריער. אָבער מאָראַליש לייד איך נאָך געוואַלדיק. ווי מען זאָגט: „אויף דער פריי און געפענטעט". איך בין געווען ביי די פּראָקוראָרן. זיי זענען די זעלבע, ווי געווען. העפלעכע מאַנעקענען, גלייכגילטיקע מער־דערס, וואָס זענען גרייט דיר צו העלפן מיט אַ שמייכל און מיט אַ קרעכץ.

— באַצייטנס באַפרייט — איז דאָך גוט. וואָס פעלט אייך נאָך? רע־האַביליטאַציע — אויב ס׳קומט אייך, וועט איר זי באַקומען.

— און דו האָסט געמיינט, אַז במשך פון אַ פּאָר יאָר וועלן זיי אַנדערע ווערן? מיט וואָס דער טאָפּ ווערט אָנגעברענט, מיט דעם גייט ער פאַרלוירן. אילוזיעס, האָפענונגען זענען גוט פאַר קינדער. היינט איז נאָך נישט גוט, ווערט אַ ביסל בעסער, אָבער אַזוי נישטיק, אַזוי פּאַמעלעך, אַז דאָס בידנע לעבן וועט נישט סטייען. דערווייל דאַרף מען געוואַלדיק פרעמדע באַזאָרגן, דער וועלט־רעוואָלוציע אַנטקעגנגיין. דער עיקר — די אידעע, נישט די מאַטע־ריעלע זאָרג פאַר זיך און אייגענע...

מיין קוזין האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, כאָטש ער האָט גאָר שטיל זיך אַרויסגעזאָגט מיט איראָניע און מיט געוואַלדיק פאַרביטערונג:

— יאָ, ביידע האָבן מיר געגרייזט מיט אונדזער בלייבן דאָ, ווען ס׳איז געווען די מעגלעכקייט צו פאָרן קיין פּוילן און פון דאָרט קיין ארץ זבת חלב ודבש...

— אָבער די אַראַבער, די צענדליקער מיליאָנען, מיט זייער פאַנאַ־טישקייט און אָפּגעשטאַנענקייט. וויניק האָבן מיר געליטן פון די דייטשן און זייערע מיטהעלפער, איצט פון די סאָוויעטן. „פון פייער אין פלאַם אַריין" — ווי מען זאָגט.

ביי די רייד איז שטיל אַריינגעקומען מיין קוזינס פרוי. מיט איר באַ־זונדערן שליסל האָט זי געעפנט די טיר. זי האָט מיטגעבראַכט אַ „מענאַש־קע" אַ פירשטאָקיקע מיט שפייז. מיין אָנוועזנהייט איז פאַר איר געווען אַן אָנגענעמער סורפריז. זי האָט אויפגעפלאַמט מיט אַ רויטן אָפּגלאַנץ אויף אירע אָנגעפולטע באַקן, מיך אַרומגענומען און געלאָזט אפילו אַ טרער. ווער־טער האָבן אונדז ביידע אויסגעפעלט, אפשר דערפאַר ווייל זיי זענען איבע־ריק געווען. אין דעם מאָמענט האָב איך דערפילט, אַז אויך זי, מיין קוזינס פרוי, איז מיר נאָענט, ווי אַן אייגענע.

פלינק און בריהיש האָט זי געגרייט צום טיש. דער ווייסער טישטוך האָט זיך אָנגעשטעלט מיט טעלער און טעלערלעך, מיט געשיר, מיט פרישע גוטע מאכלים אין דער פולער מאָס און פאַר אַלע דריי. די סלונע האָט זיך עקשנותדיק געקוילערט אין מיין מויל. מיין קוזין האָט צוגעגעבן בעכערלעך מיט רויטן וויין. שטיל האָבן מיר אויסגעטרונקען דעם „לחיים". ביידע האָבן מיר געוווּנטשן איך זאָל פאַרגעסן דעם ביטערן עבר און האָבן גליק מיט מיין פרוי און זון. די סעודה, מיט איר באַטעמקייט מיט דער שיינקייט פונעם סערווירן האָט איבערגעשטיגן אַלע מיינע דערוואַרטונגען. פלייש, יויך, אפי־לו עפל־פּיורע אויף קאָמפּאָט. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז די פראַגע פון עסן איז ביי זיי פּאָזיטיוו דערליידיקט. אַלס אַ פאַרוולטערין פון אַ באַזאָרגונגס־אַנשטאַלט איז זי זיכער באַזאָרגט מיט גוטער שפייז, דערביי פאַרשפּאַרט זי צו שטיין אין די רייען, ווי אַנדערע.

מיין קוזין האָט אָנגעצונדן דעם טעלעוויזאָר. אָבער דער פּראָ־גראַם איז געווען גענוג אייגטאָניק און אפילו נודנע. מיר האָבן לאַנג נישט געקוקט. דער ווייטערדיקער שמועס האָט זיך נישט געקלעפּט.

אויב מיין קוזין איז געווען געהיט ביים רעדן, איז זיין ווייב נאָך מער פאָרזיכטיק געווען. „די ווענט האָבן אויערן" — איז געווען איר דעה. בפרט נאָך אין אַזאַ ענגער דירה מיט אַזעלכע שכנים, וואָס פאַרגינען נישט

דאָס לעבן. זיי אַליין נעמען נישט אויף קיין געסט און פאַרגינען נישט דעם פאַרגעניגן אַ צווייטן.

— איר וועט ביי אונדז נעכטיקן, יואליק ? — האָט זי פּלוצים אַ פרעג געטאָן.

— אויב איר זענט נישט דערקעגן. איך האָב זיך געקליבן צו פאָרן קיין וואַסילקאָוו און זיך דאָ פאַרהאַלטן.

אַ פינצטערע כמאַרע איז ווי אַרויף אויף איר געזיכט. די מורא פאַר לאָזן נעכטיקן ביי זיך אַ נישט פאַרמאָלדענעם האָט זי אַרומגענומען, אָבער קיין ברירה איז נישט געווען. זי האָט פאַרשוויגן, אָבער אין אירע שנעלע באַוועגונגען ביים בעטן זייער בשותפותדיק בעט און אויך פאַר מיר אויף דער סאָפע, האָבן עדות געזאָגט וועגן איר צערודערונג און נישט צופרידנ־קייט. מיין קוזין האָט דערביי אַריינגעקוקט אין אַ צייטונג.

מיר האָט שוין אַפילו באַנג געטאָן, וואָס איך בין פאַרבליבן. ס׳איז אָבער געווען שוין שפעט. וווהין האָב איך איצט געקענט גיין? מינדעלע האָט געוווסט, אַז איך וועל פאָרן זוכן אַ מקום מנוחה אויף אַ געוויסער צייט אין וואַסילקאָוו.

— נישטאָ קיין אָרט פאַר אַ לאַגערניק, ווי איך, אפילו נאָך זיין באַ־פרייזנג. עס האָט זיך מיר דערמאָנט דאָס באַוווּסטע לידל:

„דער בראָדיאַגע — זיין גורל פאַרשעלט ער
ביים וואַנדערן אויף נישט היימישע ערטער...

## וואַסילקאָוו

וואַסילקאָוו — איז אַ באַן־סטאַנציע, אַ באַן־קנופּ פון דער עלעקטרי־שער באַן, וואָס עקזיסטירט נישט לאַנג, און לויפט אַדורך די שטרעקע פון קיעוו ביז פאַסטאָוו.

דעם זעלבן נאָמען „וואַסילקאָוו” טראָגט אויך די שטאָט, וואָס געפינט זיך אויף אַ גאַנץ ווייטן מרחק פון דער סטאַנציע. פון דער באַן־סטאַנציע

„וואַסילקאָוו״ זעצט מען זיך אַריבער אין אַן אַלט־מאָדישן שלעפּצוג, מיט אַ קליינעם לאָקאָמאָטיוו, וואָס מען רופט גאָר „סאַמאָוואַר״, אַ נאָענטער קרוב פון שלום עליכמס „לײדיקגײער״. ער ווערט געהייצט מיט האָלץ, אָדער מיט קוילן, דעריבער אָטעמט ער מיט אַ שוואַרצן רויך און ער שלעפּט זיך איבער אַ פּאָר סטאַנציעס, מיט עטלעכע וואַגאָנדלעך פאַר פּאַסאַזשירן און עטלעכע פראַכט־וואַגאָנדלעך, ביז דער שטאָט וואַסילקאָוו.

דאָס מאָל בין איך געפאָרן קיין וואַסילקאָוו מיט אַן אויטאָבוס, וואָס לויפט פון קיעוו קיין וואַסילקאָוו. ער איז געווען פול מיט פּאַסאַזשירן. מיט שוועריקייטן רייסט זיך אַדורך דער קאָנדוקטאָר צווישן די רייזנדע און מאָנט ביי זיי דעם באַטרעף פון דעם רייזע־בילעט. מערסטנס זענען געפאָרן פּוי־ערטעס מיט קיישלעך און „אַוואָסקעס״ אין די הענט. פון יעדן פון זיי האָבן זיך אַרויסגעקוקט עטלעכע טונקעלע ברויטלעך „קירפּיטשעקעס״. די שטאָ־טישע פלעגן קויפן קיילעכדיקע געבאַטלטע ברויטן און די פּויערים — די טונקעלע ברויטלעך, אין דער פאָרם פון אַ פּירווינקלדיקן שטיין. זיי האָט נישט געלוינט צו באַקן פון דער אייגענער מעל, וואָס דער פּויער האָט אַזוי ווייניק באַקומען אין קאָלכאָז פאַר זיינע שווער פאַרהאָרעוועטע אַרבעטס־טעג. לעצטנס איז שוין שווערער געוואָרן צו באַקומען אַ גרעסערע צאָל ברויטלעך מיטאַמאָל. ווייל אייניקע פּויערים פלעגן האָדעווען די הינער און חזירים מיט ברויט, איז פאַרווערט געווען צו פאַרקויפן מער פון צוויי ברויט־לעך מיט איין מאָל. נו, פלעגן זיי זיך שטעלן אין דער ריי צו עטלעכע מאָל, אָדער אין עטלעכע רייען און באַוויזן אַהיימפירן צו 7־8 ברויטלעך. זייער אייגענע מעל פלעגן זיי פאַרקויפן פאַר אַ געהעכערטן פּרייז אויפן מאַרק. מעל האָט זיך גערעכנט פאַר יקר־המציאות. אין די געוועלבער פלעגט מען פאַרקויפן מעל בלויז עטלעכע מאָל אין יאָר, פאַר די גרויסע ימים טובים, צו פעקלעך פון דריי קילאָ. די אַרבעטער און אָנגעשטעלטע פלעגט מען באַ־זאָרגן מיט מעל אויפן אַרבעטס־פּלאַץ דורכן פּראָפעסיאָנעלן קאָמיטעט.

צווישן די פּאַסאַזשירן האָט זיך אין אויטאָבוס אַרומגעדרייט אַ יונגע פרוי, אין אַ פאַרטוך, פון קרעם קאָליר. זי האָט געשלעפּט מיט זיך אַן הילצערן קעסטל, וואָס איז געהאָנגען אויף איר אַקסל אויף אַ לעדערנעם פּאַס. זי האָט פאַרקויפט אייזקרעם „עסקימאָ״ צו צען קאָפּיקעס פאַר אַ פּעקל.

זעלטן ווער ס׳האָט נישט געקויפט קיין אייזקרעמס. געקויפט און באַלד זיך גענומען צו דער אכילה, צובייסנדיק דערצו אַ פּיידע ברויט, אָדער אַ בול־קעלע. די, וואָס האָבן נישט געקויפט זענען געווען שטאָטישע, אייניקע מיט אַן יידישן אויסזען. די פּויערים זענען זיכער געווען הונגעריק, ווייל אַרויס־פאָרנדיק קאַיאָר פון דער היים, האָבן זיי באַוויזן אויסצומעלקן די קו און אויסצוטרינקען אַ גלאָז „פּאַרנויע״ מילך, גלייך פון דעם וואַרעמען קו־איי־טער. זיי האָבן זיך געאיילט אויפן מאַרק, קיין קיעוו, מיט דעם צענדליק אייער, מיט דעם אויסגעקוועטשטן קעז אין אַ לייוונטענעם זעקעלע, אַ מאָל אויך אַ שטיקל פּוטער. אויפן מאַרק האָבן זיי, אָן שום שוועריקייטן, פאַר־קויפט די באַלעבאָסטעס די סחורה און אַוועק אין די רייען נאָך ברויט. אַ מאָל פלעגט זיי געלונגען צו פאַרכאַפּן אַ ריי נאָך אַ קילאָ צוקער, נאָך אַ פּלאַש בוימל — דער טאָג איז געווען דער געלונגנסטער פון אַ ריי אַנדערע טעג.

מיר זענען אַדורכגעפאָרן וועלדלעך מיט דאַרינקע סאָסנע־ביימער, דורך עטלעכע בריקלעך, אַדורכגעוואָרפענע איבער קליינע ריטשקעלעך. דער טאָג איז געווען אַ וואַרעמער, די זונשטראַלן פלעגן זיך אַריינכאַפּן דורך די פענצטער פון אויטאָבוס, מיט מילדקייט אַ גלעט טאָן איבער די פּנימער און אַנטלויפן, ווי זיי וואָלטן זיך געשפּילט און גערייצט, אַרויסרופנדיק אַ שווייס איבער די פּנימער. כמעט אַלע זענען געווען וואַרעם אָנגעטאָן. עס ווייזט אויס, אַז אין די פרימאָרגן־שעהען איז געווען קיל, האָבן זיי אָנגעטאָן די וואַרעמע מלבושים.

אויף יעדער סטאַנציע האָבן אייניקע פון די פּאַסאַזשירן אויסגעשטיגן. וואָס נענטער צו דער לעצטער סטאַנציע איז די צאָל פּאַסאַזשירן קלענער געוואָרן. ערשט איצט האָב איך זיך אַריבערגעזעצט נענטער צו אַן עלטערן יידן און פאַרפירט מיט אים אַ שמועס, אָבער גאָר־שטיל, כמעט שעפּטשענ־דיק:

— איר זענט פון דער שטאָט וואַסילקאָוו? — האָב איך געפרעגט.

— יאָ, וואָס איז? — האָט ער מיט נייגער אַ קוק געטאָן אויף מיר און אָפּגעמאָסטן מיך פון אויבן ביז אַראָפּ.

— איך בין ערשט נישט לאַנג געקומען פונעם לאַגער. איך האָב אַ דירה אין קיעוו, אַ פרוי און אַ זון, אָבער מען דערלויבט מיר נישט צו ווױ־נען דערוויַיל אין קיעוו. מען האָט מיך געשיקט קיין וואַסילקאָוו.

— קיין וואַסילקאָוו? פאַר וואָס גראָד קיין וואַסילקאָוו?

— איך ווייס אַליין נישט פאַרוואָס. אפשר ווייסט איר ביי וועמען איך וואָלט זיך געקענט פאַרמעלדן? איך וויל, חלילה, נישט אומזיסט.

דער ייד האָט זיך פאַרטראַכט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז איך בין אַ ייד אַן אָנגעליטענער און ס׳וואָלט קיין עוולה נישט געווען אַזעלכן באַהיל־פיק צו זיין, אָבער מען דאַרף זיין פאָרזיכטיק אין היינטיקע צייטן. דאָך האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— לאַנג זענט איר געזעסן?

— פאַר מיר הייסט עס לאַנג: צוויי מיט אַן האַלבן יאָר. באַקומען האָב איך גאַנצע צען יאָר.

— צען יאָר? — ער האָט אַ שאָקל געגעבן מיטן קאָפּ. — צען יאָר! אַ גרויס פאַרברעכן. אוי־וואַ!

— קיין שום פאַרברעכן, גלויבט מיר!

— לינקע געשעפטן?!

— ווי קומט צו אַ לערער פון מאַטעמאַטיק צו פירן לינקע געשעפטן? גלאַט אַזוי! אַ ייד, וואָס איז פאַרליבט געווען אין ביכער. זיי האָבן ביי מיר געפונען די „יידישע ענציקלאָפּעדיע”, און דווקא אויף רוסיש, „די געשיכטע פון יידן” פון פּראָפעסאָר גרעץ און אַנדערע ביכער פון יידישע שרייבער. ס׳איז ביי זיי טריף־פּסול — האָב איך זיך ווי פאַרענטפערט.

— איר שפּאַסט. דערפאַר גיט מען נישט קיין צען יאָר. מילא, אבי איר זענט אויף דער פריי.

מיר זענען געפאָרן ווייטער. געפאָרן און געשוויגן. יעדער איינער פון אונדז האָט וועגן עפּעס געטראַכט. ס׳האָבן זיך באַוויזן די ערשטע הייזער פון דער שטאָט. קליינע איינשטאָקיקע בנינים, זעלטן אַ צווייִשטאָקיק הויז. אַ טיפּיש קליין שטעטל. ווייניק מענטשן שפּאַצירן איבערן טראָטואַר. קיין גרויסע באַוועגונג איז אויך נישט פאַראַן.

מיר שטייגן אויס פונעם אויטאָבוס, ביי דער לעצטער סטאַנציע.

ביים געזעגענען זיך, ווענדעט זיך דער ייד צו מיר מיט אַ שטיל גע־מורמל:

— זייט איר, זאָגט איר, אַ לערער, דערצו אַ געליטענער. כאַפּט זיך אַריין אַט דאָרטן, אין דעם לאַנגן הויז. דאָרט וווינט אויך אַ לערער, אויך זיין פרוי איז אַ לערערין.

ער איז אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט און זיך צוריקגעקערט:

— פיינע מענטשן, יידן. אָבער זאָגט נישט, ווער ס׳האָט אייך געשיקט צו זיי, איך בעט אייך!

מיט שנעלע טריט האָט דער ייד זיך אָפּגעטראָגן. סימנים פון פחד און פון מיטגעפיל האָב איך באַמערקט אין זיינע אויגן.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום בין איך אַריבער די שוועל פון דעם לאַנגן הויז. אַן עלטערע פרוי האָט געעפנט די טיר.

— גאָט העלף! דאָ וווינט אַ לערער? — האָב איך זי געפרעגט.

— אַ לערער און זיין פרוי, מיין טאָכטער, איז אויך אַ לערערין. זיי וווינען ביי מיר אין הויז, אָבער פון דער אַנדערער זייט. קומט, וועל איך אייך צו זיי אַריינפירן.

ווי נאָר מיר זענען אַריינגעקומען אין דער דירה, האָט די פרוי אויס־גערופן:

— גרישענקע, עמיצער פרעגט זיך צו דיר. קומט אַריין!

איר אידעם גרישע איז געזעסן ביים טיש און געגעסן. די ווייב זיינע האָט אַריינגעטראָגן אַ פּאַלומיסאָק מיט פלייש פון קיך און אַוועקגעשטעלט אויפן טיש. איר מאַן האָט זיך אויפגעהויבן פונעם אָרט און געגאַנגען מיר אַנטקעגן.

— צו מיר דאַרפט איר? ביטע, זעצט זיך!

— אַ דאַנק! שטערט זיך נישט. עסט געזונטערהייט! איך וועל צו־וואַרטן.

— נו, גוט! איך פאַרענדיק באַלד.

— און אפשר וועט איר זיך צוזעצן צום טיש? אפשר זענט איר הונ־געריק? — האָט זיך געווענדעט צו מיר מיט פשוטקייט די פרוי. עס וועט קלעקן פאַר אַלע. פלייש און קאָמפּאָט.

איך האָב זיך געקווענקלט. הונגעריק בין איך געווען. פון גאַנץ פרי אָן נישט געגעסן. פון איר פאָרשלאַג האָט זיך ביי מיר די סלונע אַ קוילער געטאָן אין מויל.

— כ׳ווייס? — האָב איך נישט דרייסט אַ שטאַמל געטאָן. — איך בין טאַקע הונגעריק!

— שעמט זיך נישט! אַן אורח אין אַן יידישער שטוב איז אַן אָנגע־לייגטער גאַסט. איר זענט דאָ צווישן אייגענע! — האָט זיך אָפגערופן די עלטערע פרוי, וואָס איז אַלץ נאָך געשטאַנען ביי דער טיר.

— מיט אַ גוטן אַפּעטיט! עסט געזונטערהייט! — און איז אַרויס פון דער שטוב.

— אַ דאַנק! — טאַקע אויסטערליש, דאָך יידיש — האָב איך ביי זיך געטראַכט. ווי פאַרשעמט בין איך צוגעגאַנגען צום טיש. דער ריח פון וואַ־רעם פלייש האָט געררייצט דעם אַפּעטיט. אַלע האָבן מיר געגעסן שטיל, אָן איבעריקע רייד. איך האָב בלויז געוואָלט איינקריצן אין מיין זכרון די מענטשן, מיר פרעמדע, דאָך אַזעלכע האַרציקע און נאָענטע, ווי איך וואָלט זיי שוין געקענט פון גאָר לאַנג. זי, די באַלעבאָסטע — אַ פרוי אין די מי־טעלע יאָרן, אַ בלאָנדע, אפשר אַ ביסל געלבלעך, אָ דאַרע. ער, איר מאַן, איז גאָר אַ שיינער מאַן, מיט טיפע שוואַרצע אויגן, אַ געדיכטע שוואַרצע שעוועליורע און מיט פּיצלעך וואָנסעלעך אונטער דער נאָז.

— זייביידע זענען נאָך בעסער, ווי שיין. — האָב איך געטראַכט. אָט ביי אַזעלכע מענטשן וואָלט איך געוואָלט ווינען. באַלד נאָכן עסן האָב איך זיך פאַר זיי פאָרגעשטעלט:

— מיין נאָמען איז יואל פערעל, איך בין אויך געווען אַ לערער פון מאַטעמאַטיק. נאָך אין די צייטן פון סטאַלינען האָט מען מיך פאַרמישפּט אויף צען יאָר. נאָך צוויי מיט אַן האַלבן יאָר האָט מען מיך באַפרייט, אָבער ווינען אין קיעוו, צוזאַמען מיט מיין פרוי און זון, לאָזט מען מיך נישט. מען האָט מיך געשיקט קיין וואַסילקאָוו. —

מאַן און ווייב האָבן זיך דיסקרעט איבערגעקוקט. זייערע בליקן האָבן, דוכט זיך, אויסגעדריקט מיטלייד, אָבער נישט קיין פאַרוווּנדערונג.

— אַנטשולדיקט אונדז, חבר, וואָס מיר מוזן באַלד אַוועקגיין. מיר האָבן אַ פּעדאַגאָגישע זיצונג.

איך האָב זיך אויפגעהויבן און שוין גרייט געווען צו פאַרלאָזן זייער וווינונג.

— וואָס ? איר גייט אַוועק ? איר קענט בלייבן ביי אונדז, אויך נעכ־טיקן. מיר קומען אין גיכן צוריק. — האָט געזאָגט די פרוי מיט וואַרעמער גוטסקייט.

— יאָ, יאָ ! בלייבט איבער ביי אונדז. מיר האָבן דאָך וועגן גאָרנישט נישט געשמועסט. מיר זענען דאָך קאָלעגן — לערער. — מיט די ווערטער האָט דער מאַן אונטערגעהאַלטן דעם פאָרשלאַג פון זיין פרוי.

איך אָפּזאָגן זיך איז מיר שווער געווען. די סימפּאַטיע, וואָס זיי האָבן ביי מיר אַרויסגערופן האָט מיך באַוויגן צו טראַכטן, אַז זיי מיינען עס ערנסט.

— ווי קען איך בלייבן אַליין אין שטוב. איך בין דאָך אַ פרעמדער. דערצו אַ געוועזענער פאַרשטויסענער. אייער צוטרוי צו מיר איז פאַר מיר אַן אַנטפּלעקונג, ממש אַן איבעררעאַשונג.

— אַ פרעמדער ? מיר זענען שוין היימישע. בלייבט !

זיי זענען שנעל אַוועק און מיך איבערגעלאָזט אַליין אין זייער שטוב, איינער אַליין, ווי אַ פאַרבלענדעטער פון אַ צו שטאַרקער שיין, אַליין מיט אַזוי פיל נייע געדאַנקען...

## אַ רעוויזיע

דוכט זיך וואָס — אַ קלייניקייט. פרעמדע מענטשן, וועלכע האָבן דיך געזען צום ערשטן מאָל, גייען אַוועק און לאָזן דיך איבער איינעם אין זייער וווינונג און געטרויען דיך זייער גאַנצן האָב און גוטס. גלויבט מיר, אַז ביי מיר איז דאָס נישט קיין קלייניקייט. בפרט נאָך ווען איך האָב זיך געפילט אַזוי דערשלאָגן און דערדריקט, אפילו מינדערווערטיק, נאָך דעם ווען איך

בין אַרויסגעשטעלט געוואָרן אויסער די קלאַמערן פון דער געזעלשאַפט, איזאָלירט געוואָרן אונטער שטעכלדיקע דראָטן ערגעץ אונטער די הרי חושך, נאָך דעם, ווען אפילו נאָך דער באַפרייונג טרייבט מען מיך אַוועק פון מיינע אייגענע...

אַזאַ אומגעריכטע, מענטשלעכע טאַט איז מסוגל אַרויסצורופן אַ „שאָק" אין דיין נשמה, אַן ענדערונג אין דער מיינונג און וועקן אין דיר פרישע כוחות, האָפענונג און צוטרוי צו אַנדערע.

וועגן דעם אַלעמען האָב איך נישט אויפגעהערט צו טראַכטן, ווען איך בין פאַרבליבן איינער אַליין אין אַ פרעמדער דירה. ס׳האָט זיך מיר געדאַכט, אַז די מענטשן זענען מיינע אַלטע באַקאַנטע, מיט וועלכע דער גורל האָט מיך צעשיידט אויף אַ צייט און איצט האָבן מיר זיך אויף ס׳ניי געטראָפן. אַ וואַרעמער געפיל פון חברשאַפט און פריינדשאַפט האָט מיך אַרומגענומען, טראַכטנדיק וועגן מיינע נייע פריינד. מיט וואָס וואָלט איך געקענט אויסדריקן מיין דאַנקבאַרקייט און אָנערקענונג פאַר זייער עכסט הומאַניטאַרער האַנדלונג לגבי מיר? — האָב איך געטראַכט. ווי אַזוי באַווייז איך פאַר זיי, אַז זיי האָבן נישט געגרייזט, אַז איך בין ווערט זייער צוטרוי צו מיר?

אויפן טיש זענען געשטאַנען די צעוואָרפענע טעלער מיטן איבערבלייב פון די אויפגעגעסענע מאכלים, אויף דער פאַדלאָגע האָבן זיך געוואַלגערט ברעקלעך, צופעליק אַראָפגעוואָרפענע. איך האָב זיך אַראָפגעלאָזט און צונויפגעזאַמלט ברעקל נאָך ברעקל, ביז איינעם. איך האָב אויך באַשלאָסן אַריבערפעקלען די טעלער אין קיך אַריין. פאַר וואָס נישט? וואָס בין איך דען — אַ פריץ? פאַרזיכטיק טראָג איך אַריבער אַלץ אין קיך אַריין. דער טיש איז שוין ריין, מיט אַ נאַס שמאַטקעלע וויש איך אָפּ די צעראָטע, טריקן זי אויס און פאַרדעק דעם טיש מיטן טישטעך.

אפשר אויסוואַשן די טעלער און בכלל דאָס געשיר? אין לאַגער האָב איך געקענט אויסוואַשן הונדערטער טעלער, מאַסיווע, מעטאַלענע טעלער — איך קען די מלאכה.

ס׳וואַשט זיך לייכט. ס׳ווילט זיך אפילו צוברומען אַ לידל ביי דער אַרבעט — אַזוי אויפגעלייגט בין איך. איך זאָל נאָר באַווייזן צו פאַרענדיקן די אַרבעט, איידער די באַלעבאַטים וועלן זיך צוריקקערן אַהיים.

ס׳איז שוין גאָר טונקל געוואָרן. די שאָטנס אויף די ווענט האָבן ווי געטאַנצט אַ קאַדריל, אָפּשפּיגלענדיק מיינע שנעלע באַוועגונגען פון די הענט ביים וואַשן. ניין, נישט קיין דערנידערונג האָב איך דערביי געפילט, נאָר אַ שטאָלצן געפיל פון דאַנקבאַרקייט און גרייטקייט אויף אַלע מעשים פאַר אַזעלכע פשוטע, יידישע אינטעליגענטן.

נאָך איידער זיי זענען אָנגעקומען, בין איך שוין געזעסן ביים טיש און אונטער דער עלעקטרישער שיין פונעם לאָמפּ, אונטער אַ גרינלעכן אַבאַזשור, געלייענט אַ בוך. איך האָב שוין איבערגעלייענט עטלעכע זייטן און זיך געכאַפּט, אַז איך לייען מיט די אויגן, אָבער דער אינהאַלט פונעם איבערגעלייענטן איז מיר נישט באַקאַנט. ס׳לייענט זיך נישט, נאָר דער מוח טראַכט. און טראַכטן איז דאָ פון וואָס.

די ערשטע איז אַריינגעקומען די באַלעבאָסטע. זי האָט באַלד באַ־מערקט די ענדערונג אין צימער און זיך געווענדעט צום אַריינגעקומענעם מאַן:

— אָט האָסטו דיר, גרישע, אַ נייעס. אונדזער גאַסט וויל מיר מאַכן פאַר אויס באַלעבאָסטע. דו זע נאָר די קיך! אַלץ אויסגעוואַשן, אַלץ בלאַנקט און גלאַנצט. נישט ערגער פון אַ גוטער באַלעבאָסטע. דו זע, גרישענקע, און לערן זיך! צו וואָס האָט עס אייך געפעלט? איך שעץ עס טאַקע אָפּ גאָר הויך, אָבער מיר זענען עס זיכער נישט ווערט. דאָך דאַנקען מיר אייך, חבר. איך האָב נאָך אַ פּאָר צענדליק העפטן צו פאַרריכטן און די אַרבעט וואָלט איך זיכער נישט באַוויזן צו מאַכן.

— איצט וועלן מיר קענען פאַרזעצן אונדזער שמועס. — האָט זיך אָפּגערופן איר מאַן. אַזעלכע ווי איר, חבר, זענען ביי אונדז אַ זעלטענע דערשיינונג. מיר ווייסן אַזוי ווייניק, בלויז דאָס וואָס די פּרעסע, אָדער ראַדיאָ גיבן איבער. עס איז אַזוי ווייניק, איבערהויפּט וועגן יידן און יידישע פּראָבלעמען, אפילו פון ראַטנפאַרבאַנד גופא, פון אויסלאַנד, פונעם יידישן לאַנד און אונדזערע ברידער — קיין וואָרט נישט.

— מיר זענען פאַרט יידן געבליבן, מיט יידישן שטאָלץ און יידישן דורשט צו וויסן. איך מיין, אַז איר זענט בכוח אונדז וועגן אַ סך צו אינ־פאָרמירן — האָט צוגעגעבן זיין פרוי.

מיט גרויס באַוווּנדערונג האָב איך אויסגעהערט די רייד פון מיינע נייע באַקאַנטע. אַזעלכע דרייסטע רייד האָב איך געקענט הערן בלויז אין די לאַגערן. ס׳ווייזט אויס, האָב איך געטראַכט, אַז די לעצטע פּאָר יאָר האָבן געביטן די באַגריפן פון די סאָוויעטישע מענטשן, און אויך ביי די יידן. דער פריערדיקער פּחד איז פאַרמינערט געוואָרן. דערצו איז געוואַקסן דער אינטערעס צו יידן און יידישקייט. איך האָב מיין באַוווּנדערונג איבערגע־געבן זיי:

— אייער אינטערעס וווּנדערט מיך נישט. עס איז אַ נאַטירלעכע דערשיינונג פון אינטעליגענטן. דער אינטערעס האָט פריער אויך עקזיס־טירט, דער חשק צו וויסן, אָבער פאַר כּיין אַרעסט האָט די מורא געשטיקט דעם אינטערעס. צי איז נאָך סטאַלינס טויט געמינערט געוואָרן דער פּחד?

— ס׳איז זיכער אַזוי! כרושטשאָוו האָט אַרונטערגעריסן סטאַלינס אָרעאָל און דערמיט אויך געלינדערט די שרעק, וואָס האָט געהערשט אין סטאַלינס צייטן. אַ פאַרבאָרגענער קוואַל זוכט אַן אַרויסגאַנג, גליווערט דעם פאַרשטיינערטן באָדן אַזוי לאַנג ביז ער געפינט אים. אויך די אַנטיסעמיטישע שטימונגען, וואָס האָבן זיך נאָך מער צעפלאַקערט, האָבן פאַרגרעסערט אונ־דזער אינטערעס צו יידישקייט און ישראל. מיר פילן זיך דאָ איצט מער ווי צווישן פרעמדע. דער פּראָצעס פון די יידישע דאָקטוירים פון קרעמל איז טאַקע נישט פאָרגעקומען, אָבער דער אומצוטרוי צו יידן איז פאַרבליבן.

— אַזוי פּשוט און דרייסט האָט מיין נייער באַקאַנטער מיר געענטפערט.

— דו רעד ווייניקער, גרישענקע, און לאָז דעם חבר דערציילן. אונ־דזער זון קען יעדע מינוט אָנקומען און מיר ווילן נישט ער זאָל אויך הערן. אמת, אויך די יוגנט האָט פאַרלוירן זייער גלויבן אין זייערע ביז־איצטיקע אָפּגעטער, אויך זיי אינטערעסירן זיך מער מיט דער געשיכטע פון די יידן, חברן זיך מערסטנס נאָר מיט יידישע חברים און כאַפּן אַריין פאַרבאָרגענער־הייט די נייעס פון ישראל, אויף דער רוסישער שפּראַך. נאָר מיר זענען לערער, לערנען און דערציען סאָוויעטישע קינדער — מיר מוזן זיין מער

פאַרזיכטיק — האָט זיך אַרײַנגעמישט זײַן פרוי, צוגרייטנדיק פאַר זיך די העפטן צו פאַרריכטן.

איך האָב אָנגעהויבן זיי דערציילן אין קורצן וועגן זיך פון מיין אַרעסט אָן. די הויפּט־סיבה איז געווען — די יידישע געשיכטע פון גרעצן און די יידישע ענציקלאָפעדיע און דער עיקר, וועגן דעם גרויסן פּאָליטישן פּראָ־צעס פון דער קיעווער יידישער אינטעליגענץ, וואָס זיי האָבן געגרייט. אַז דווקא דער אויסגאַנג פון דעם מאָסקווער דאָקטוירים־פּראָצעס האָט אויך זיי געראַטעוועט. איך האָב אָבער צו פיל געוווּסט און מיך האָט מען באַדאַרפט אָפּראַמען. די אויספאָרשונג — אַ באַנאַלע, אַ געקינצלטע, דער מישפּט — אַ פאַרשטעלונג פון אומפּעיקע אַקטיאָרן מיט אַ צוגעגרייטן אורטייל אויף 10 יאָר.

— די טורמעס און לאַגערן זענען פאַר טויזנטער אַזעלכע, ווי איך. צווישן די יידישע פאַרשפאַרטע איז כמעט קיין שולדיקע נישט פאַראַן — אַלע קרבנות פונעם רעזשים. יעדע אַקציע רופט אַרויס אַ קעגן־רעאַקציע: די געוועזענע אַסימילירטע זענען געוואָרן צוריק יידן, מיט נאַציאָנאַלן שטאָלץ און באַוווּסטזיניקער יידישקייט. י ש ר א ל — איז זייער חלום גע־וואָרן, יידישקייט — דער קוואַל, צו וועלכן מען לעכצט...

— „פון יעדן שלעכץ קומט אַרויס אויך גוטס״. זיי האָבן די יידישע קולטור אומגעבראַכט, פאַרניכטעט פיזיש אירע בעסטע פאָרשטייער, די שרייבער, די קינסטלער, אָבער זייער גייסט האָט געשלאָגן וואָרצלען און ער וועט זיך פאַרשפרייטן אַלץ ברייטער און טיפער...

איך האָב דערציילט מיט געפיל און האַרץ און דאָס האָט איבערצייגט.

— איר זענט גערעכט, חבר, אָבער אונדזער ספּעציפישע לאַגע דאָ, די אייזערנע ווענט, וועלכע צווינגט אונדז דאָ צו בלייבן, מאַכט אונדז אַפּ־ענטיק. צי מיינט איר, אַז ס׳קען נאָך קומען אַן ענדערונג?

— איך בין כמעט זיכער, אַז ס׳מוז קומען. — ביים שרעק זענען גרוי־סע אויגן פאַראַן — אַזוי זאָגט דאָס פאָלק, אָבער יידן האָבן ערגערע צייטן איבערגעלעבט און זיי איבערגעקומען. דער „והיה באחרית הימים״ — דער טרוים פון די נביאים וועט פאַרווירקלעכט ווערן. מען דאַרף נאָר גלויבן און דענקען וועגן דעם און די צייט וועט אירס אויפטאָן...

# אַנטפּלעקונגען

דערוואַקסענע מענטשן אין ראַטנפאַרבאַנד זענען נאַיִוו, ווי קינדער. געוויינטלעכע געשעענישן, וואָס זענען פאַרגעקומען אין דער גאָר נישט ווייטער פאַרגאַנגענהייט, זענען פאַר זיי ווי אַנטפּלעקונגען. און עס איז קיין וווּנדער נישט. מען ווייסט נאָר דאָס, וואָס מען לייענט אין די אָפיציעלע, מלוכהשע ציַיטונגען, וואָס מען הערט דורכן אַלגעמיינעם ראַדיאָ־פּונקט, אָדער מען זעט אין דער טעלעוויזיע. אַלץ ווערט גרינטלעך קאָנטראָלירט, צוגעקליבן און צענזורירט. אויב עמיצער שטעלט זיך איין, און לעצטנס האָבן זיך געמערט אַזעלכע צווישן יידן, אויפצוכאַפּן אויף זיין פאַרבאָרגע־נעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט אַ כוואַליע פון אויסלאַנד, אַ נייעס, וואָס שטימט נישט מיט די אָפיציעלע נייעסן, צווייפלט ער אָפּט אין דער ריכטיקייט. און ווען ער גלויבט יאָ, האָט ער מורא מיט עמיצן זיך צו טיילן, אפילו מיט די גאָר נאָענטע. דער פּחד פאַרן פאַרשפּרייטן אויסלענדישע נייעסן איז געבליבן. דאָך שטעלן זיך יידן איין אַנדערע יידן צו דערציילן אויפגעכאַפּטע נייעסן פון „קול ישראל לגולה״ וואָס, ווערט איבערגעגעבן פון ירושלים. ס׳איז אַזוי היימיש, טייער און זיכער ריכטיק..

מיינע נייע פריינד, וואָס האָבן שוין פון לאַנג נישט געלייענט קיין יידישע נייעסן, זעלטן ווען באַזוכט יידישע טעאַטער־פאַרשטעלונגען, געליי־ענט אַן יידישן בוך — זיי האָבן כמעט ווי נישט געוווּסט, אַז דאָס גאַנצע יידישע קולטור־לעבן איז פאַראַליזירט געוואָרן, אַז די בעסטע יידישע שריי־בער און קינסטלער זענען פאַרשיקט געוואָרן אין די ווייטסטע לאַגערן. וועגן דעם, אַז כמעט אַלע פון זיי זענען אַזוי אכזריותדיק פאַרניכטעט געוואָרן — דאָס איז פאַר זיי גאָר אומגלויבלעך געווען.

צי קען גאָר אַזאַ זאַך געשען אין לאַנד פון רעוואָלוציע, פון דעמאָקראַ־טיע און פּראָגרעס ?!

אין דעם זין זענען זיכער אמת געווען די ווערטער, וואָס מיין חבר אַנאַטאָליע האָט אַרויסגעזאָגט אין לאַגער, אין וויטן זאַפּאָלאַריע: „קומט אויס, אַז מיר זענען גאָר אויף דער פריי, אין דער צייט, ווען זיי, אונדזערע אייגענע חברים, דאָרטן, זענען אין איין גרויסן לאַגער ?!״

לערער, קולטורעלע מענטשן האָבן מיינע נייעסן אויפגענומען מיט האַרץ, ווי יידן. צי האָבן זיי אין אַלץ געגלויבט, צי נישט? זייערע שטילע, גאָר טיפע קרעכצן, זייערע פאַראומערטע בליקן האָבן עדות געזאָגט, אַז זיי לעבן עס איבער, אַז אויך זיי פילן זיך געטראָפן פונעם אויסטערלישן יידישן אומגליק.

— קומט אויס, אַז אַלס יידן זענען מיר דאָ איבעריק, אָנגעוואָרפענע, וואָס האָבן קיין רעכט נישט צו קענען זייער געשיכטע, זייער שפּראַך און ליטעראַטור. אַז מיר און אונדזערע קינדער זענען, ווי פּאַראַזיטן אויף אַ פרעמדן קערפּער. אַז דאָ זענען מיר באַדראָט אויף אונטערגאַנג אַלס יידן, כאָטש מען הערט נישט אויף צו רעדן און שרייבן „סאָציאַליסטיש לויטן אינהאַלט, נאַציאָנאַל לויט דער פאָרם”, דאָס מיינט מען אַנדערע פעלקער: אוקראַינער, ווייסרוסן, אוזבעקן, אפילו די קאַמיקער, אָבער נישט יידן.

— און מיט וועלכע מיטלען?! דורך געוואַלד, דורך טורמעס און לאַ־גערן, דורך פאַרניכטונג.

ערשט איצט האָבן זיך ביידע דערמאָנט אין פאַקטן, וואָס זיי האָבן זיך באַמיט נישט צו באַמערקן במשך פון דער צייט: דאָס שושקען זיך פון די אוקראַינישע לערער בשעת די געגרייטע אַנטי־סאָוויעטישע פּראָצעסן פון די יידישע דאָקטוירים פון קרעמל, וועגן די פּאָגראָם־שטימונגען אויף אין וואַסילקאָוו, וועגן די פיינפולע, פאַרדעכטיקע בליקן פון זייערע שילער אויך אויף זיי, אַלס יידן. יאָ, דער סם פון אַנטיסעמיטיזם איז דויערהאַפטיק און גרויזאַם. ער איז אין בלוט אַריין. ביי דער קלענסטער געלעגנהייט וועקט זיך אויף זיין טעטיקייטס־פעיקייט און ווירקזאַמקייט.

עס ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס טורמע און לאַגער־לעבן באַווירקן גאָר פעסט די פּסיכיק פון די אַדורכגעלעבטע. די אַדורכגעלעבטע פיין צווישן טויזנטער דיינס־גלייכע, ווירקט ראַדיקאַל און שטאַרק, אַז דער געדאַנקען־גאַנג ווערט שאַרפער, פעסטער און די מורא ווערט אָפּגעטעמפּט.

נישט צום לעצטן מאָל וועט מיר אויסקומען און אויך געלונגען אַנ־דערע צו איבערצייגן, וועקן צו דענקען און אָפּשאַצן ריכטיק די אמתע לאַגע, אין וועלכער זיי געפינען זיך, אָדער וואָס דערוואַרט זיי. עס איז מיר קיין

שאָדן נישט געווען, וואָס איך האָב געמינערט די רו פון געמיטלעכע, גוטע מענטשן און דערוועקט אין זיי נייע געדאַנקען...

זייער זון וואָלאָדיע איז פּלוצים אַריינגעקומען. מיר האָבן איבערגע־ריסן אונדזער געשפּרעך. ער איז אַריין ווי אַ וויכער און מיט אַ פריילעכער בשורה אויף די ליפּן:

— אונדזער קאָמאַנדע האָט געוווּנען דאָס ערשטע אָרט!

— מאָלאָדצי! — האָט זיין פאָטער זיך אָנגערופן. און צוגעגעבן: זייער ניינטער קלאַס שפּילט אין האַנטבאָל. וואָלאָדיע איז אַן הייסער האַנט־באָליסט. זיי באַקאַנט, וואָלאָדיע, מיט אַ לערער פון מאַטעמאַטיק.

מיר האָבן זיך באַקענט. ער איז הונגעריק געווען. די מוטער האָט איבערגעריסן איר אַרבעט מיט די העפטן און איז געגאַנגען דערלאַנגען זיין מיטאָג. ער, וואָלאָדיע, האָט מיט אַפּעטיט געגעסן און נישט אויפגעהערט צו לויבן זיינע חברים פון דער קאָמאַנדע.

— אַלע האָבן העלדיש געשפּילט, אַלע!

— נו, און דו, וואָלאָדיע?

— איך בין נישט ערגער פון אַנדערע!

ער האָט אָפּגעגעסן, געדאַנקט און זיך גענומען צוגרייטן צו די מאָרגנ־דיקע לעקציעס. די מוטער האָט פאַרענדיקט איר אַרבעט מיט די שילער־העפטן.

גרישע האָט ווי פאַרגעזעצט אונדזער געשפּרעך אין געדאַנק. — אַזוי פיל נייעס מיט אַ מאָל. אַלץ איז פאַרהוילן אפילו פאַר דערוואַקסענע אין זייערע קינדער ווייסן אוודאי גאָרנישט. צי איז ריכטיק אַזאַ דערציונג? צי וועלן זיי נישט ברוגז זיין אויף זייערע עלטערן, וואָס האָבן פאַר זיי אַלץ פאַרשוויגן? און אפשר ווייסן זיי אַ סך און זיי פאַרשווייגן פאַר די עלטערן? דער עלטערער זון, דער סטודענט, ווייסט זיכער מער פון זיינע עלטערן.

— אונדזער עלטערער זון איז אַ סטודענט, ער לערנט זיך אין קיעוו — האָט גרישע זיך אָפּגערופן, ווי ער וואָלט ממשיך געווען זיין געדאַנק, וואָס ער האָט געקלערט.

— אויף וועלכן פאַקולטעט לערנט זיך אייער זון? — האָב איך גע־פרעגט.

— אויף עלעקטראָניק, אין פּאָליטעכניקע. — איז געווען זיין ענטפער.

— מיין זון לערנט זיך אין אַקאַדעמיע, אויפן פאַקולטעט פון עלעק־טריע. ער אינטערעסירט זיך זייער מיט עלעקטראָניק. אים איז נישט גע־לונגען אַריינצוטרעטן אין פּאָליטעכניק. ווו וווינט אייער זון, צי אין די בשותפותדיקע סטודענטן־וווינונגען? — בין איך נייגעריק געווען צו וויסן.

— ניין! נישט דאָרטן. נישט פאַר אַלעמען זענען דאָרט וווינונגען פאַ־ראַן. דאָרטן וווינען בלויז פּריווילעגירטע. יידן זענען דאָרט ווייניק פאַראַן, בלויז יתומים, וועמענס פאָטערס זענען געפאַלן אין דער מלחמה, די זין פון די העכערע פּאַרטיי־אָנפירער. מיר ביידע אַרבעטן, קיין פּאַרטיי־לייט זענען מיר נישט — איז אונדזער זון קיין מיוחס נישט. אונדזער זון וווינט פּריוואַט, פאַרנעמט בלויז אַ בעט. די באַלעבאַטים, צוויי עלטערע פּענסיאָ־נערן האָבן בלויז איין צימער. פאַרדינגען זיי אַ בעט פאַר אַ סטודענט. זיי באַקומען פאַרן בעט מער ווי זיי צאָלן פאַרן צימער. מילא, געלט איז נישט וויכטיק, אָבער די אַרבעט און לערן־באַדינגונגען זענען שלעכטע. לערנט ער מערסטנס אין דער ביבליאָטעק און קומט בלויז אַהיים שלאָפן.

— איר ווייסט? מיר איז איינגעפאַלן אַ געדאַנק. פאַר וואָס זאָל אייער זון נישט וווינען ביי אונדז? ער וועט האָבן אַ גוטן חבר. מיין פרוי איז אַ געווועזענע פּעדאַגאָגין. זי וועט אים שפּייזן און אָפּהיטן, ווי איר אייגענעם זון. און איך וועל זיין ביי אייך — האָב איך זיך אָפּגערופן אין גוטן געמיט. איך בין געווען צופרידן, וואָס מיר איז איינגעפאַלן דער געדאַנק.

— הער נאָר, קלאַריסע, וואָס דער חבר לייגט פאָר. ס'איז אַ געדאַנק!

— איך האָב געהערט. פאַר וואָס נישט? ס'וואָלט פאַר ביידע גוט גע־ווען — האָט די פרוי זיך אָפּגערופן. פאַר אונדזער זון וועט זיכער בעסער זיין. אין דער דירה איז ער איינזאַם, צווישן אַלטע, קראַנקע מענטשן. אַ גוטער חבר איז זייער וויכטיק.

די נאַכט בין איך געשלאָפן רויִק. מען האָט פאַר מיר אויסגעבעט אַ געלעגער אויף דער סאָפע, אַנטקעגנאיבער דעם יינגערן זון, וואָס איז גע־שלאָפן אויף אַ צוזאַמענגעשטעלט בעטל. דאָס פּאָרפאָלק איז געשלאָפן אין שלאָפצימער.

צום ערשטן מאָל, זייט איך בין אַרויס פון לאַגער, בין איך געשלאָפן רויִק, איך האָב באַקומען נייע אויסזיכטן אויף אַ בעסער לעבן צווישן גוטע מענטשן, דערצו ווי נישט קיין אָנגעבעטענער, נאָר ווי אַ שותף צו אַ געלונגען געשעפט פאַרביידע צדדים. אויב אפילו מען וועט מיך רעהאַביליטירן און איך וועל קענען וווינען ביי זיך אין דער היים, וועל איך אויך זייער זון לאָזן וווינען ביי אונדז — האָב איך געטראַכט און שמייכלענדיק אַנדרימלט געוואָרן.

צומאָרגנס, נאָך דער אַרבעט, איז די פרוי לאַריסע געפאָרן קיין קיִעוו און געטראָפן זיך מיט מיין פרוי. די טראַנזאַקציע איז אַדורכגעפירט געוואָרן מיט דער אַלגעמיינער הסכמה, אויך אונדזער זון מאַרקס האָט אויסגעדריקט זיין צופרידנהייט:

— זאָל אייער זון מיט אונדז וווינען צוזאַמען. ער וועט זיין צופרידן. ער וועט זיכער זיין צופרידן! מיר נויטיקן זיך איינער אינעם אַנדערן.

אויפן אַנדערן טאָג איז זייער זון טאַקע אַריבער צו אונדז, כאָטש ביזן סוף חודש איז אים נאָך פאַרבליבן עטלעכע טעג, פאַר וועלכע ער האָט שוין באַצאָלט.

אַ ביסל איז מיין ווייב געווען אומרויִק, וויסנדיק, אַז דער דירעקטאָר וועט נישט געבן דעם פאַרמעלדונגס־בוך אים צו פאַרמעלדן. ער איז איינגעשפאַרט און טראַכט אויך זי מיטן זון צו דערווייטערן פון אונדזער אייגענער דירה.

איך האָב גענומען ביי קלאַריסעס מוטער דעם פאַרמעלדונגס־בוך און אַוועקגעגאַנגען אין פאַרמעלדונגס־ביוראָ פון שטאָטראָט זיך צו פאַרמעלדן.

אָבער נישט אַזוי טוט זיך, ווי ס׳רעדט זיך: ווי נאָר די אָנגעשטעלטע האָט דערזען מיין באַפרייונגס־דאָקומענט פונעם לאַגער, אפילו מיטן אָנגעצייכנטן „ווינאָרט — וואַסילקאָוו״, איז זי געגאַנגען זיך באַראָטן מיט דער סעקרעטאַרין וועגן דעם.

די סעקרעטאַרין, אַן עלטערע פרוי, מיט טעמפע אויגן, פאַרביסענע ליפן, אַן העכערע, גרויע פרוי, מיט אומצאָליקע קנייטשן אויפן פנים, האָט פאַרווערט מיך צו פאַרמעלדן. מיין פערזענלעכער שמועס מיט איר האָט אויך נישט געהאָלפן.

— דער שטאָט־באַלעבאָס איז איצט קראַנק. ווען ער וועט קומען וועט ער דערצידירן וועגן דעם. ס'איז זיין זאַך, נישט מיינע. איך האָב עס גענוג!

— איך בין שוין העכער צוויי חדשים פונעם לאַגער, געלעגן אין שפּי־טאָל. ווי האָב איך רעכט נישט צו זיין פאַרמאָלדן? מען זוכט מיך זיכער אַרום — האָב איך זיך געבעטן.

— אייער זינד — אויף די אָפּקומעניש איז אייערע — מיך לאָזט צורו. איך בין נישט דער באַלעבאָס. ער האָט ברייטע פּלייצעס. די סאָוויעטישע זאַקאָנעס זענען שטרענגע!

מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ בין איך געקומען אַהיים. מיינע באַלעבאַטים האָבן מיך געטרייסט, אַז זיי וועט זיכער געלונגען מיך צו פאַרמעלדן.

איך האָב געוואַרט נאָך אַ פּאָר טעג, אָבער דער פּרעזעס פון שטאָט איז אַלץ נישט געקומען. וואָס ווייטער איז מיר גאָר שטאַרק געפעלן די שטוב און די גוטע מענטשן. אויך זייער זון האָט צוגעשיקט אַ בריוו אין אויסגעליבט זיין ניי וווינאָרט, מיין פרוי און מיין זון — זיין חבר. זיי האָבן פיל צו שמועסן וועגן לערנען און שפּאַצירן אַרום צוזאַמען.

גרישעס אַ פריינד, אַ מיטגליד פונעם שטאָטראַט, איז געגאַנגען אַהיים צום פּרעזעס אים צו באַזוכן, אפילו געבראַכט בלומען און ביים סוף, פאַרן אַוועקגיין אויך דערציילט וועגן מיר און געבעטן געבן זיין אָנווייזונג דער סעקרעטאַרין, מען זאָל מיך פאַרמעלדן.

דער קראַנקער פּרעזעס האָט אויסגעהערט די ווענדונג, עטלעכע מאָל אַריינגעבליקט אין מיין באַפרייונגס־ביכל. און אַרויסגעמורמלט:

— וואָס איז זיך דאָ צו אײַלן? — וועסטו זיך אײַלן, וועסטו אַנדערע פאַרווײַלן — זאָל ער צוואַרטן נאָך אַ פּאָר טעג. מילא, ער האָט אַזוי פיל געוואַרט...

זיין ענטפער האָט מיך געערגערט. מיין זיכערקייט איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן. אויך מיינע באַלעבאַטים האָבן שוין אויך געצווייפלט. זיי האָט מן הסתם שוין באַנג געטאָן, הלמאי זיי האָבן זיך צוגעאיילט מיטן אַריבערפירן דעם זון צו אונדז.

— צי האָט ער דען רעכט מיך נישט צו פאַרמעלדן — האָב איך גע־טראַכט, ווען עס איז בפירוש באַשטימט געוואָרן וואַסילקאָוו, אַלס מיין

וווינאָרט. דער טייוול ווייסט זיי, אויף וואָס זיי זענען אַלץ פּעיִק. פּאַר וואָס קומט עס אַזעלכע גוטע יידן צו האָבן עגמת נפש צוליב מיר? זיי האָבן עס זיכער נישט פאַרדינט. צי בין איך אָבער שולדיק אין דעם?! איך ווייס? אפשר טראַכטן זיי איבער: — טאָקע אַ פיינער מענטש און אַ ייד דערצו. ווייניק האָט ער שוין געליטן? אָבער מיר זענען דאָך לערער פון אַ מלוכה־שול. צי קענען מיר נישט ליידן צוליב אים? — מיט ווערמען דו פירסט זיך, פון דעם נעמסטו זיך אָן! — אַ מענטש, וואָס איז געווען אין לאַגער, צוליב אַ פּאָליטישן פאַרברעכן, טאָר נישט זיין קיין חבר פון סאָוויעטישע לערער — אַזוי האָב איך געטראַכט.

צי האָבן אויך זיי אַזוי געטראַכט — דאָס ווייס איך נישט.

זיי האָבן נאָך מער מיך געטרייסט און צוגעזאָגט זיך צו ווענדן פער־זענלעך צום פּרעזעס. גרישע לערנט דאָך זיין זון שוין אַ פּאָר יאָר אין שול. ווי וועט ער וואָגן אַזאַ קלייניקייט אָפּצוזאָגן, ווען דער מענטש איז אָרנטלעך און פיין, אַ לערער פון מאַטעמאַטיק, דערצו ווווינט זייער זון ביי אים אין שטוב...

## אומגעריכטע הילף

שוין אַריבער צוויי חדשים, זינט איך בין באַפרייט געוואָרן פונעם לאַגער, דאָך פיל איך זיך נאָך אַלץ ווי אויף אַ בלאָנדזשענדיקער שיף, וואָס וואָגלט אויף די כוואַליעס פונעם ברויזנדיקן ים און קען צו קיין ברעג נישט דערגרייכן. געוויס איז מיר איצט בעסער ווי אין די לאַגערן, אָדער טורמעס. איצט געפין איך זיך אין אַ היימישער, יידישער משפחה, צווישן אַרבעט־מענטשן אינטעליגענטן, וואָס ווילן פאַרשטיין מיין לאַגע, מיין גע־מיט און זענען גרייט צו העלפן, לויט זייערע מעגלעכקייטן. זיי זוכן אפילו פאַר מיר פּריוואַטע לעקציעס פון מאַטעמאַטיק צווישן זייערע באַקאַנטע. דער אומגעריכטער צופאַל און שטערונג צו מיין פאַרמעלדן זיך אין וואָסיל־קאָוו ביי זיי אין דער דירה האָט זיי דאָך באַאומרויִקט. נישט נאָר זיי, נאָר

אויף מיך. שוין אַ גאַנצע וואָך אַריבער, אַז איך האָב זיך נישט געזען מיט מיין פרוי און זון. דאָס האַרץ בענקט אַזוי נאָך זיי. זיין אַזוי נאָענט איינער פונעם אַנדערן און נישט זען זיך! איך וויל גלויבן, אַז זונטיק, אין זייער פרייען טאָג, וועלן זיי זיך זיכער אַראָפּכאַפּן צו מיר. זיי וועלן האָבן עגמת נפש, וואָס איך בין נאָך אַלץ נישט פאַרמאָלדן. זיי זענען אָנגעשראָקן און ציטערן פאַר דעם, וואָס אַזאַ לאַגע קען ברענגען.

איך באַשליס ביי זיך צו פאָרן קיין קיעוו צו זיי. איך בענק נאָך מיין דירה, יואָס איך האָב, צוזאַמען מיט מיין זון, אויסגעקאַלכט. מן הסתם האָט מינדעלע אַזוי היימישלעך באַפּוצט די פענצטער מיט פאָרהאַנגען, צעלייגט די אָנגעקראָכמאַליעטע סערוועטקעלעך, וואָס זי האָט אַזוי שיין אויסגענייט מיט קאָלירפולע פעדים, מיט אירע אייגענע הענט. זיי זענען העכער צוויי יאָר געלעגן אין די שופלאָדן און געוואַרט מען זאָל זיך אין זיי דערמאָנען. עס האָט זיך פאַרבענקט נאָך די היימישע מאכלים און צום טיש, אַרום וועלכן מיר וועלן ווייטער זיצן אַלע דריי צוזאַמען, ווי אַמאָל... איך האָב באַשלאָסן, מוצאי שבת פאַרנאַכט, צו פאָרן קיין קיעוו.

אַהער, קיין וואַסילקאָוו, בין איך געפאָרן מיטן אויטאָבוס. צוריק, קיין קיעוו יועל איך פאָרן מיט די באַנען: פון דעם שטעטל וואַסילקאָוו ביז דער באַן־סטאַנציע וואַסילקאָוו קען מען פאָרן מיטן אַלטמאָדישן שלעפּצוג און פון דאָרטן, מיט דעם מאָדערנעם עלעקטרישן צוג ביז דער הויפּטשטאָט פון דער אוקראַאינישער רעפּובליק.

ביים געזעגענען זיך האָט מיין באַלעבאָס פריינדלעך מיר געדריקט מיין האַנט און געפּרוווט מיך באַרויִקן: „נישט געזאָרגט, חבר, מיר וועלן אייך ביי אונדז פאַרמעלדן. זיי האָבן קיין רעכט נישט אייך אָפּצוזאָגן. ס'איז גאָר אַ צופאַל, וואָס דער שטאָט־פּרעזידענט איז קראַנק...“

— אַ דאַנק אייך פאַר אַלץ. איך האָב עס נישט פאַרדינט.

דערביי האָב איך ביי זיך געטראַכט: — ס'האָבן אייך געפעלט איבע־ריקע צרות, האָט עס מיך אָנגעשיקט צו אייך. אַזעלכע גוטע מענטשן קומט נישט קיין אומזיסטעליידן. און מיר קומט יאָ?!

דער שלעפּצוג איז גאָר אַ קליינער, אין גאַנצן אַ פּאָר וואַגאָנעס פאַר

פּאַסאַזשירן און אַ פּאָר פּאַר פּראַכט. ער שלעפּט זיך לאַנגזאַם און רוישיק, סאָפּעט שווער און אָטעמט מיט שוואַרצן רויך, וואָס ציט זיך אויף אַ ווייטן מהלך. דורכן פענצטערל זעט מען, ווי עס לויפן אַדורך קאַקטוסן, ווי שפּי־ לעכלעך, אָפּגעזונדערטע כוטאָרעס. באַרוועסע פּויערישע קינדער פאָכען מיט די הענט, די יונגע פאַסטעכלעך טרייבן מיט שרעק אַוועק די בהמות, שעפּעלעך, אָדער טשאַטעס מיט געגנדז פון דער באַנליניע.

— הוש, הוש, סקאַטינע, אין דער ערד אַריין גיי, פּאַדלוגאַ! ווהין קריכסטו ?!

די וואַגאָנעס זענען האַלב פּוסטע. דער בילעטן־קאָנטראָלער שפּאַצירט אַרום פון איין וואַגאָן אין צווייטן. ער קען שוין אַלע פּאַסאַזשירן, ווי זיינע נאָענטע שכנים. אָט דערזע איך פון דער ווייטנס אַ ווינטמיל מיט האַמעטנע הילצערנע פליגלען, וואָס דרייען זיך פויל, ווי מען וואַלט זיי געצוווּנגען. מיט אַ שאַרפן, הילכיקן פייף גיט דאָס „סאַמאָוואַרל" צו וויסן, אַז ער גייט, אַז ער קומט אָן. ער פאַרפאַרט גלייך אויף אַ זייטיקער ליניע. די ברייטערע הויפּטליניע לאָזט ער איבער פאַרן עלעקטרישן צוג.

איך קריך אַרויף אויפן העכערן פּעראָן און לאָז זיך אין דער ריכ־ טונג צו דעם ניי־אויפגעבויטן באַנוואָקזאַל. „סטאַנציע וואַסילקאָוו" ווייזט־ אָן דער אויפשריפט איבער דעם אַריינגאַנג. דער זייגער, נעבן דער אויפ־ שריפט, ווייזט ערשט פינף מינוט נאָך פינף. לויט די אָנגעוויזענע באַן־ מאַרשרוטן, דאַרף דער קומענדיקער צוג קיין קיעוו אָפּגיין ערשט פינף מיט פינף און פופציק. איך האָב נאָך כמעט אַ שעה צו וואַרטן. ס'איז בע־ סער אַזוי, טראַכט איך, וואָס שפּעטער איך וועל אָנקומען אַהיים וועט בע־ סער און זיכערער זיין. ס'וועט שוין זיין פינצטערער און קיינער וועט מיך נישט באַמערקן.

אין דער רעכטער זייט, אונטערן וואָקזאַל, ציט זיך אַ ברייטערע גאַס, אַ זאַמדיקע, נישט קיין ברוקירטע. אין ביידע זייטן אָפּגעזונדערטע פּויערי־ שע כאַטעס, אַרומגעצוימטע מיט משונהדיקע פּאַרקאַנעס, פון ברעטלעך, פון דראָטן, אָדער גלאַט מיט געדיכטע קוסטעס. אין דער טיף באַמערק איך גערטנער מיט פרוכטן־ביימער. פון דער ווייטנס דערטראָגט זיך אַ געוואַי פון הינט, זיי ענטפערן אָפּ אַנדערע הינט מיט קולות, וואָס שוידערן און

שרעקן, אַזוי, אַז ס׳ווערט אַזוי אומעטיק אויפן האַרצן. עס דערמאָנט אין אַ שריפה, אָדער אַן אַנדער אומגליק...

אין געוואָי פון די הינט, רייסט זיך אַדורך אַן הילכיקער געזאַנג פון דעם נישט ווייטן גאָרטן, וואָס איז געדיכט באַוואַקסן מיט גרינס. דאָס געזאַנג איז מער ענלעך צו אַ רעוועז פון שיכורע קולות, סיי מענערישע, סיי פרויִישע, ווי איינער וואָלט געוואָלט איבערשרייען דעם אַנדערן.

„רעווע טאַי סטאָנגע דניפּר שיראָקי״ (ס׳ברומט און קרעכצט דער ברייטער דניעפּר). ס׳איז פרימיטיוו, הילכיק, נאָר ס׳קלינגט גאַנץ שיין, אפילו האַרמאָניש.

פאַרענדיקט איין ליד, הייבט זיך באַלד אָן אַן אַנדערער:

„או סוסידאַ כאַטקאַ בילאַ, (ביי מיין שכן — אַ ווייסע הויז
או סוסידאַ זשינקאַ מילאַ״ מיין שכן האָט אַ ווייב — אַ רויז...)

איך שטיי ביים פאַרקן און הער זיך איין. די לידער זענען מיר היימיש; סיי די ווערטער, סיי די מעלאָדיע. אַ געפיל פון קינאה כאַפּט זיך אין מיר אַריין, נישט ווילנדיק: מענטשן זינגען פריי, פאַרברענגען געמיטלעך מיט זייערע אייגענע, נאָר מיר שלעפּט זיך נאָך, ווי אַ שאָטן, דער לאַגער, מיינע שווערע איבערלעבונגען. איצט בין איך ווי אַ בראָדיאַגע, אָן אַ היים, כאָטש איך בין שוין ווייט פונעם לאַגער־לעבן, פון דער תפיסה. איך בין ווייטער צעשיידט מיט מיינע טייערסטע, מיט מיין היים...

אַזוי טראַכטנדיק באַמערק איך אפילו ניט ווי צוויי מענער זענען אַרויסגעגאַנגען פונעם גאָרטן און זיך דערנענטערט צו מיר. זיי האָבן, ווייזט אויס, באַמערקט מיין פאַרטראַכטנקייט און שוין האַלטן זיי מיך ביי בײדע אָרעמס און שלעפּן מיך אין דער ריכטונג פון זייער הויף.

— קומט אַריין, ברודערל, קומט, טרינקט מיט אונדז צוזאַמען. פון טראַכטן קען נאָך די באַשקאַ (דער קאָפּ) פּלאַצן. קומט!

איך לאָז זיך שלעפּן. זיי פירן מיך אַריין אין אַ גאָרטן, אין אַ געדיכט באַוואַקסענעם ביידל. איך דערפיל דעם ריח פון רייפע עפּל און פלוימען.

— מאַמינקע, רופט אויס דער מאַן, דער עלטערער. — שטייט אַ מענטש ביים פאַרקן און טראַכט. נו, האָבן מיר געבראַכט אַ גאַסט. נעם אים אויף, מאַמינקע!

— באַבעלע, — האַלט אים אונטער דער ייִנגערער — מן הסתם נויטיקט ער זיך אין עפּעס — טראַכט ער. מאַמינקאַ, גיס אַן פּאַר אים אַ גלעזל. מיר אַלע זענען בגילופין און דער גאַסט איז ניכטער. —

איך גאַנצן זענען פאַראַן בלויז צוויי פרויען און צוויי מענער. און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ס׳זינגט אַ גרויסער כאָר. אַן עלטערע פרוי, אַ פולע, אַ ברייטע מיט פּליישיקע, אַראָפּגעלאָזטע ברוסטן, מיט אויגן מילדע, האַלב־פאַרמאַכטע, פאַרגאַסענע פון שיכרות. קאַטינקע, צו וועלכער דער מאַן האָט זיך געווענדעט, איז איר איינציקע טאָכטער. זיי זענען געקומען צוזאַמען מיט זייער זון, צו דער איינזאַמער מוטער צו גאַסט אויפן פרייען, זונטיקדיקן טאָג. די מוטער האָט צוגעגרייט פון אַלדאָס גוטס. בלויז משקה האָבן זיי געבראַכט פון קיעוו.

עס זאָל מיר זיין היימלעכער צו טרינקען, האָבן זיי אויך פאַר זיך אָנגעגאָסן צום וויפלטן מאָל.

— לאָמיר אויסטרינקען — די ווייב זאָל זיך נישט שילטן! צום גע־זונט!

אַלע האָבן אויסגעטרונקען, ווי צום ערשטן מאָל, ווי איך. קיינער האָט זיך נישט פאַרכלינעט און זיך נישט פאַרקרימט.

די באָבע האָט שוין אַוועקגעשטעלט פאַר מיר פאַרגליווערטע פיס און אַ טעלער מיט געדעמפטע פליישן.

— עסט געזונט, טייערינקער, ס׳איז פריש און געשמאַק.

איך האָב געגעסן מיט אַפּעטיט. איך בין טאַקע געווען הונגעריק. פונעם מיטאָג אַן נישט געגעסן. אַלץ איז געווען באַטעמט און גענוג שאַרף. איך בין אויך געווען צערודערט, וואָס מיר, אַ יידן און אַ פרעמדן, נעמען אַזוי האָפערדיק און גאַסטפריינדלעך אויף אוקראַיִנער. אַזוי אויפנעמען קען מען בלויז אַ נאָענטן פריינד. מיך נעמען זיי אויף, ווי אַן אייגענעם מיט הרחבה און פרעגן אפילו נישט ווער איך בין.

— איר נעמט מיך אויף אַזוי פיין און פריינדלעך, ווי אַ קרוב. ווען איר וואָלט געוווסט ווער איך בין, וואָלט איר אפשר דאָס נישט געטאָן. — האָב איך זיך אָנגערופן.

— דעם פֿאַן דערקענט מען, לויט די כאַלעוועס — האָט זיך די אַלטע ברייט צעשמייכלט.

— איך בין געווען אין טורמע, אין לאַגער, אַ לענגערע צייט. ערשט נישט לאַנג באַפרייט געוואָרן.

— אין טורמע, אין לאַגער! — האָט די אַלטע זיך צעכליפּעט און אויסגעבראָכן מיט אַן הילכיק געוויין. זי איז אַרויפגעפאַלן אויף מיר און אָנגעהויבן צו קושן.

— ווי איז מיר און ווינד! צוליב דער טורמע און לאַגער בין איך אַן אייביקע אלמנה פאַרבליבן. דער הונטישער יעזשאָוו האָט נאָך אין אַכט און דרייסיקסטן יאָר מיין מאַן פאַרנומען. און פאַרטיק! מער האָב איך אים נישט געזען און נישט געהערט וועגן אים.

די טאָכטער און אײדעם האָבן זיך באַמיט די מוטער צו באַרויִקן, אָבער זי האָט נישט אויפגעהערט צו יאָמערן און קלאָגן...

— ווי זשע קומט איר אַהער, הבר? ווו וווינט איר? — האָט דער שטאָטישער מיך געפרעגט. אַלע פיר האָבן געוואָלט עפּעס מער זיך דער־וויסן וועגן מיר.

— איך בין אַ קיעווער, איך האָב אַ דירה אויף סטאַלינקע־דעמיעוו־קע. דאָרט וווינט מיין פרוי און זון. מען האָט מיך פונעם לאַגער באַפרייט פאַר דער צייט, אָבער וווינען אין קיעוו לאָזט מען מיך נישט. מען האָט באַשטימט מיין וווינאָרט — וואַסילקאָוו. איך בין געווען אַ לערער, איצט בין איך אַ בראָדיאַגע, אָן אַ וווינאָרט.

— פאַר וואָס? איר קענט וווינען ביי מיר. איך האָב אַ גרויס הויז — האָט זיך די אַלטע אָפּגערופן, אַזוי מאַמעש און פשוט. און געקלונגען האָבן אירע ווערטער, ווי מוזיק.

— איך קען דאָך נישט בלייבן אַ לענגערע צייט נישט פאַרמאָלדן אין ערגעץ?!

— מאַמינקע, באַבעשי, פאַרמעלדע אים ביי זיך — האָבן זיך אַלע דריי געבעטן.

איך האָב געוואָלט, אַז זיי זאָלן וויסן, אַז איך בין אַ ייד. מעגלעך, אַז זיי וועלן חרטה האָבן, ווען זיי וועלן זיך דערוויסן. איך האָב אַרויסגענומען מיין באַפרייונגס־דאָקומענט און זיי געוויזן:

— אָט שטייט אָנגעשריבן, אַז איך דאַרף וווינען אין וואַסילקאָוו.

דער יינגערער בחור האָט איבערגעלייענט פאַר אַלעמען אויף אַ קול: דערביי האָט ער זיך ביים וואָרט „ייד" אָפּגעשטעלט און אַ פרעג געטאָן:

— פאַר ספעקולאַציע האָט מען אייך איינגעזעצט? האַ?

— ווי קום איך צו ספעקולאַציע. איך בין דאָך אַ לאַנג־יאָריקער לע־רער פון מאַטעמאַטיק. פאַר ביכער, איר געדענקט געוויס גריבאָיעדאָוון „דער צער פונעם שכל". איך האָב ווי ער געליטן פאַרן שכל, פאַרן אינטע־רעס צו ליטעראַטור — האָב איך אים געענטפערט.

— אייער פאָטער איז אויך ניט שולדיק געווען און מען האָט אים פאַרנומען אויף אייביק — האָט זיך אַריינגעמישט די אַלטע.

— פאַרמעלדע אים ביי זיך — האָט זיך געבעטן דער בחור און אַלע האָבן אים אונטערגעהאַלטן:

— פאַרמעלדע אים, מאַמע. מען דאַרף אַזאַ מענטשן העלפן. אפשר האָט עמיצער אויך אויפן פאָטער רחמנות געהאַט.

— נו, גוט! איר קענט קומען צו מיר מאָנטיק, וועט איר נעמען מיין פאַרמעלדונגס־בוך און גיין אין דאָרפ־ישן ראָט פאַרמעלדן זיך.

— אויב אַזוי, טאָ לאָמיר אַלע אויסטרינקען אַן איבעריקן כוס פאַר גוטברודערשאַפט!

— פאַר פעלקער־ברודערשאַפט — הוראַ! הוראַ! האָט אויסגעשריגן דער יינגערער.

אַלע האָבן מיט אימפעט אויסגעטרונקען צום ווײַפלטן מאָל. מיר האָבן אָנגעקלאַפּט כוס־צו־כוס און אויסגעטרונקען. אַזאַ אויסטערלישע און אומ־געריכטע פרייד!

## בגנבה ביים ווייב

ערשט מיטן דריטן צוג בין איך אָפּגעפאָרן פון דער סטאַנציע וואַסיל־קאָוו קיין קיעוו. די גאַנצע פריילעכע כאַליאַסטרע האָט מיך באַגלייט צו דער באַן.

דאָס געזאַנג:

„דעם לעצטן טאָג היינט
הוליע איך מיט אייך, מיינע פריינד״.

האָט זיך צעטראָגן אונטער דעם וואַסילקאָווער הימל און אַרויסגערופן פיל נייגעריקע פון די הייזער. דער שיכורער איז פיל בעסער פונעם ניכטערן, האָב איך געטראַכט. דער שיכורער געפינט זיך אונטער דער השפעה פונעם אַלקאָהאָל, דער ניכטערער ווערט באַווירקט דורך מענטשן; זענען פאַראַן פאַרשידענע, נישט ווייניק בייסנדיקע ווי שלאַנגען...

איך בין אויך געווען שיכור, אָבער נישט פונעם בראָנפן, ווייל כ׳האָב גאָר ווייניק געטרונקען, נאָר דווקא פונעם געפיל, וואָס האָט מיר פאַרכלי־נעט און אַריבער די ברעגעס. פון איין אָפּשטאָם מיט פעטלורען, דעם פאָג־ראָמשטשיק, אָבער מענטשן, וואָס געפינען זיך אויפן צווייטן פאָלוס פון אַזעלכע. אַזעלכע קען מען פאַררעכענען פאַר נאָענטע פריינד. ווי האַרציק קלינגען זייערע לעצטע געזעגענונגס־ווערטער:

— פאָרט, חבר, מיט גליק, און מאָנטיק אין דער פרי קומט איר ווי־דער. פאַרגעסט נישט אונדזער אַדרעס אין קיעוו: מאַלאָוואַסילקאָווסקאַ 12.

קיין קיעוו בין איך פאַרפאָרן שפּעט אין אָונט, אַרום 10. אויף יעדן מענטשן האָב איך געקוקט מיט חשד, אָבער נישט פיינטלעך. די גאַסן, כאָטש שוואַך באַלויכטענע, זענען מיר געווען היימישע און באַקאַנטע, אין טראַמוויי נומער 10 זענען געפאָרן ווייניק מענטשן פון דער באַן אויף סטאַלינקע. ביי דעם ביר־זאַוואָד בין איך אײנער אַליין אַראָפּגעגאַנגען. ווי אַ גנב בין איך אַריין אינעם הויף פון אונדזער דירה, איך בין פאָרזיכטיק אַדורך דעם הויף, עמיצער האָט געעפנט די טיר פון מיין שכן גרופין, מיין בלוטיקסטן שונא, האָב איך זיך פאַרקערעוועט אין דער ריכטונג צום קהלישן בית־שימוש, דאָרט אָפּגעוואַרט אַ ביסל און זיך דערנענטערט צו מיין שטוב. די פענצטער זענען געווען באַלויכטן, מען שלאָפט נאָך נישט. שטיל האָב איך אָנ־געקלאַפּט אין פענצטער מיטן סיגנאַל פון מיין זון: טאַ, טאַראַ, טאַטאַ... מיין פרוי האָט באַלד דערהערט. זי האָט זיך אפילו געוווּנדערט, הלמאי אונדזער זון קלאַפּט, ווען ער האָט ביי זיך אַ צווייטן שליסל. דאָך האָט זי באַלד געעפנט די טיר. מיין אָנקומען האָט זי איבערראַשט און דערפריידט.

אַנשטאָט ווערטער האָבן מיר זיך ביידע צוגעטוליעט, אַרומגענומען און פאַראייניקט זיך מיט אַ לאַנגן קוש, זיך אָפּגעריסן און אויף ס׳ניי זיך צעקושט...

זי האָט פונקט געבאַקן מיינע באַליבטע קיכעלעך, געלע מיט ציבע־לעס, די קרוכע און געשמאַקע. זי האָט זיך געקליבן צו פאָרן מאָרגן צו מיר, קיין וואַסילקאָוו.

— ווו איז אונדזער זון מאַרקס אַזוי שפעט? — האָב איך שטיל אַ פרעג געטאָן.

— כ׳ווייס? מסתמא האָט ער היינט אַ געוועט אין פראַנצויזישן קאַמף אין סטודענטישן ספּאָרט־קלוב. ער וויל נישט איך זאָל וויסן וועגן דעם, ווייל ער ווייסט, אַז זיינע געוועטן באַאומרויִקן מיך.

— און ווו איז זיין נייער חבר?

— ער איז אַהיימגעפאָרן קיין וואַסילקאָוו אויף זונטיק. אַ ווילער בחור! ער לאָזט זיך ליב האָבן. זיי זענען שוין גוטע חברים. איינער האָט זיך געניויטיקט אינעם צווייטן. זיי פאַרמאָגן אַ בשותפותדיקע שפּראַך צווישן זיך, נישט שטענדיק קען איך וויסן וועגן וואָס זיי שמועסן...

— וועגן דעם שיינעם מין, מן הסתם — זאָג איך אַרויס מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן.

— דאָס וואָלט געווען נאַטירלעך, איך מיין, אַז זיי רעדן וועגן פּאָלי־טיק, וועגן ישראל. ערגעץ ווו הערן זיי, ווייזט אויס, „קול ישראל״.

— ס׳איז אויך קיין אומגליק נישט. יעדער ייד טראַכט וועגן ישראל. איינער טראַכט, דער צווייטער שטרעבט אַהין צו פאָרן, דער דריטער טוט שוין עפּעס אויף אויף דעם געביט... מיר וואָלט נישט געאַרט, אַז מיין זון זאָל אויך דאָרט זיין.

— נו, און דו ביזט שוין פאַרמאָלדן אין וואַסילקאָוו?

— דערווייל נאָך נישט. דער שטאָט־פּרעזעס איז קראַנק און אָן אים וויל מען נישט פאַרמעלדן.

— אויך אונדזער קוואַרטיראַנט וועל איך נישט קענען פאַרמעלדן. דער דירעקטאָר וויל דעם פאַרמעלדונגס־בוך נישט געבן. אין גיכן, זאָגט ער, וועט איר מוזן פאַרלאָזן אייער דירה, ווייל די שול נויטיקט זיך אין

אַ ביאַלאַגישן קאַבינעט. דער קאָנטראַקט וועגן דער דירה איז נישט גילטיק, זאָגט ער, ווייל דער באַלעבאָס אַליין האָט נישט קיין רעכט דאָ צו וווינען.

— וועסטו זען, מינדעלע, אַז מיר וועלן אים אויך איבערקומען, ווי די טורמעס און לאַגער. דו הער בעסער, וואָסערע נייע פּערספּעקטיוון איך האָב באַקומען זיך צו פאַרמעלדן. דו וועסט זיכער נישט גלויבן, אַזוי אומ־גערעכט, ממש ווי אין אַ מעשהלע איז דאָס געשען.

איך האָב דערציילט מינדעלען מיט ברען און האָפענונג, וואָס איז מיט אַ פּאָר שהע צוריק געשען מיט מיר אויף דער סטאַנציע וואָסילקאָוו.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט אַ פאַרוווּנדערונגס־בליק און זיך אָנגערופן:

— איך ווייס? זיי וועלן זיך אויסניכטערן די אוקראַינער, וועלן זיי ערגער ווערן. דו גלויבסט נאָך אַלץ אין מענטשן, אפילו אוקראַינער און שיכורע דערצו! נישט די טורמע, נישט דער לאַגער האָבן דיך נישט אויס־געניכטערט, טייערער!

אירע לאַגישע רייד האָבן מיך איבערצייגט, אָבער איך האָב נישט געוואָלט גלויבן, אַז די פריידיקע געשעעניש וועט זיך ענדיקן, ווי אַ זייפן־בלאָז, אַז ס׳איז נישט מער ווי אַ מיראַזש, וואָס איז, דוכט זיך, אַזוי נאָענט, ער פאַרשווינדט אָבער באַלד, ווי דו דערנענטערסט זיך צו אים.

אונדזער זון איז אָנגעקומען. איך האָב זיך פאַרבאַהאַלטן אין שלאָף־צימער. ער איז אַריין מיט אימפּעט און פריילעך אויסגעשריען:

— אונדזער אַקאַדעמיע האָט געזיגט מיט 5 קעגן 3! בראַוואָ! און ווייל איך האָב באַזיגט מיין שטאַרקן קעגנער, קומט מיר, מאַמע, צו פאַר־זוכן פון דיינע געשמאַקע קיכעלעך.

— איך בין גרייט פאַר דיר גאָר אָפּט באַקן די קיכעלעך, נאָר קעמפן זאָלסטו נישט. נישט קעמפן און נישט זיגן!

— מסכים! — האָב איך צוגעגעבן, אַריינקומענדיק פונעם צווייטן צימער. מיר האָבן זיך האַרציק צעקושט.

— איר זאָלט אָבער זען ווי די שקצים פּלאַצן פון קינאה, וואָס איך אַ ייד בין דער זיגער. זיי האָבן מיך אפילו געשלעפּט אין אַ קנייפּע אויף אַ טרונק, אָבער איך האָב זיי ליב פון דער ווייטנס. זאָל זיי זיין דאָס, וואָס

זיי ווינטשן מיר! נישקשה, מיין כוח וועט מיר אַ מאָל צו נוץ קומען. מיר, יידן, נויטיקן זיך אין כוח!

שווייגנדיק האָבן מיר אַלע דריי געגעסן דעם געשמאַקן אוונטברויט. גאָר שטיל האָבן מיר צווישן זיך געשמועסט, געדענקענדיק, אַז איבער דער וואַנט געפינט זיך גרופין אַראָן סאַמאַילאָוויטש, דער פּראָוואָקאַטאָר.

מיר האָט זייער אינטערעסירט צו וויסן וועגן אַלץ: ווי אַזוי גרייט זיך מאַרקס צו די לעצטע עקזאַמענס, צי געלינגט אים צו מאַכן זיין דיפּלאָם־אַרבעט.

— צו מיין דיפּלאָם־אַרבעט האָב איך פיר געהילפן. די הויפּט־טעמע באַאַרבעט איך און זיי באַאַרבעטן די דעטאַלן. ס׳גייט גאָר נישט שלעכט!

— איך האָב געקוקט מיט אַ לויכטנדיקן בליק אויף מיין זון און דערביי געטראַכט: ווי קומט איינס צום צווייטן. זיין אַ ספּאָרטס־מאַן, אַ באַריעץ, אַ זיגער אויף די פאַרמעסטן און דאָך זיך לערנען בלויז אויף „אויסגעצייכנט" און אָנפירן מיט פיר סטודענטן, וואָס באַאַרבעטן די דעטאַלן פון זיין הויפּט־אַרבעט?!

איך פיל ווי דאָס האַרץ קלאַפּט ביי מיר שטאַרקער, ווי פריער, איך פיל ווי מיינע אויגן הויבן אָן צו טרערנען פון שטאָלץ און פרייד, וואָס פליסט אַריבער די ברעגעס.

— איך בין מיד, אַ ביסל אויסגעטרונקען — גיב איך זיך האַסטיק אַ הויב אויף פונעם טיש און קערעווע זיך אַפּ אין אַ זייט...

— איך בין אויך מיד, טאַטע! ס׳איז דאָך אַן אָנשטרענגונג דער פאַרמעסט. דערצו בין איך אַ ייד צווישן אַזוי פיל נישט יידן. דו מיינסט, אַז דאָס טו איך צוליב פאַרגעניגן? איך וואָלט זיי מוחל געווען דעם פאַרגעניגן. ווייל איך בין אַ ייד טו איך עס. ס׳לוינט זיך אָנצושטרענגען, ס׳לוינט!

# היץ און קעלט

ווי גוט איז צו שלאָפן אין דיין אייגענעם בעט, אַ זויבער ריינס איז דיין געלעגער, עס שמעקט מיט פרישער אויסגעוואַשנקייט און אָנגעקראָכ־מאַלעטקייט, מיט צאַרטע הענט פון דיין ווייב. אָט ליגט זי נאָענט צו דיר, אַזוי נאָענט, אַז דו פילסט דעם וואַרעמען אָטעם פון איר לייב, נעמסט אויף אַ ציטער פון די צעוואַרעמטע געבליטן. אַלץ בייז איז ווי פאַרשוווּנדן, די שווערע איבערלעבונגען פון די לעצטע דריי יאָר ווערן בלאָס אַנטקעגן דער נייער ווירקלעכקייט. אַ פרישקייט פאַרבייט די מידקייט, די האָפענונג פאַר־נעמט דאָס אָרט פון דער זאָרג. עס שלאָפט זיך אָבער נישט. טיף באַליידיקט דיך דיין מענערישע שוואַכקייט, וואָס האָט דיך באַהערשט, אין דיין נאָך יונגן עלטער, במשך פון די לעצטע דריי יאָר. איך דערמאָן אונדזערע גליק־לעכע פינף טעג, בשעת דער זעונג אין דעם לאַגער, אין קניאַז־פאַגאָסט. מיט סכנות נפשות איז זי, דיין איינציקער פריינד, געקומען אין ווייטן לאַ־גער, אויף דער ערשטער און אויסגעבענקטער זעונג און דאָרטן האָסטו אַנט־פלעקט די מענערישע שוואַכקייט צום ערשטן מאָל. איצט, נאָכן שפּיטאָל, נאָכן אומברחמנותדיקן צעשיידן זיך, איז די לאַגע נישט בעסער געוואָרן. כאָטש דער באַגער איז נישט געמינערט געוואָרן, אָבער די נישט זיכערקייט, אַז אַלץ קען זיך נאָך ענדערן, דערלאָזט נישט צום קלענסטן פּרווו. איר גייט עס, ווייזט אויס, נישט אָן. אָט שלאָפט זי זיך רויִק ביי דער זייט, אין דער צייט ווען מיך פיבערט. אַ הייסער שטראָם פליסט אין אַלע מיינע אברים. אַן היץ, אַן אינערלעכע, שלאָגט אַרויס פון מיר אינגאַנצן... און אפשר? אפשר איז מיין אָפגעטעמפּטער געפיל, במשך פון דער צייט, בלויז אַ פאַר־בייגייענדיקער און אַן איבערגעטריבענער? צי האָב איך רעכט זי צו איבער־וועקן נאָך אַ שווערער אַרבעט במשך פון דער גאַנצער וואָך? בפרט נאָך, אַז קיין פולע זיכערקייט אין זיך איז נישטאָ...

— פאַר וואָס שלאָפסטו נישט? — דערהער איך גאָר שטיל איר גע־מורמל.

— שלאָף, שלאָף, טייערינקע. כ׳ווייס? ס׳שלאָפט זיך נישט! דו ביזט אַזוי נאָענט און איך בענק נאָך דיר. איי־ בענק נאָך אונדזער לאַנג־יאָריקער ליבע, נאָך אונדזערע געמיינזאַמע ני־שט דערשלאָפענע נעכט...

איך האָב דערפילט אירע אַנטבלויזטע, ווייכע, וואַרעמע הענט אויף מיין צעהיצטן קערפּער, זי האָט זיך אַ דריי געטאָן און געבליבן ליגן מיט איר פּנים אַרויף, אונדזערע ליפּן האָבן זיך ווי פאַרשלאָסן אין אַ שטאַרקן געגאַרטן קוש. אַן אָפּגעפרישטקייט האָט באַהערשט אונדזערע אברים, מיר האָבן זיך דערפילט ווי אַ יונג פאַרליבט פּאָר...

דער געגאַרטער שלאָף איז געקומען. צי האָבן מיר געזען חלומות? איך געדענק נישט און אויב יאָ — אי׳ז בלויז זויבערע, העל־באַלויכטענע, פולע מיט בטחון...

פּלוצים דערפיל איך אויף זיך פינגער, זאָרגפעליקע, דאָך ציטערדיקע פינגער, וואָס וועקן מיך פונעם שטאַרקן שלאָף.

איך כאַפּ זיך אויף און באַנעם אין דער פינצטערניש אַ שושקען פון מיין זון:

— ס׳איז גאָרנישט טאַטע! מען קלינגט אין דער טיר. שרעק זיך נישט. אפשר קלינגט סעווערין, דער אוטשאַסטקאָווע. נאָר רויק!

סיי מינדעלע, סיי מיין זון האָבן מיך אַראָפּגעלאָזט אין קעלער אַריין דורכן טירל, וואָס איז געווען אין דער פּאָדלאָגע, נישט ווייט פונעם בעט. איך בין געווען בלויז אין דער פּיזשאַמע און איך האָב דערפילט די אַרויפּ־געוואָרפענע דעק אויף מיר. דאָס טירל האָט זיך אָן שום רויש פאַרמאַכט, מינדעלע האָט עס צוגעדעקט מיטן טעפּיך, וואָס איז געלעגן אין מיטן שטוב, זי האָט אויך נישט פאַרגעסן צו באַהאַלטן מיינע בגדים און שיך אין דער שאַפע און פאַרשליסן זי. מאַרקס איז געגאַנגען עפענען די טיר.

— איך גיי, איך העפן באַלד — האָט ער אַרויסגעשריען.

דער גראָביטשקער סעווערין איז אַריין אין שטוב מיט אַ שדימדיקן אימפּעט, ווי אַן אונטערגעשיקטער שפּיר־הונט און גלייך זיך געלאָזט גיין אין דעם שלאָפצימער.

— וווהין גייט איר? איר וועט מיין מוטער אויפוועקן. גענוג, אַז איר האָט מיך אויפגעוועקט. איך בין געקומען אַהיים גאָר שפּעט, נאָך דעם זיג

אין דעם פּאַרמעסט פון דער אַקאַדעמיע. איך מוז אויך רוען און די מאַמע האָרעוועט שווער אַ גאַנצע וואָך...

— ס׳איז מײַן פליכט אַזאַ פּאַרשאַלטענער. — האָט זיך דער מיליצמאַן ווי פאַרענטפערט. — איך מוז וויסן ווּהין איז אײַער פאָטער אַהינגעקומען. פונעם שפּיטאָל האָט מען אים שוין לאַנג אויסגעשריבן. ווּ איז ער? — האָט ער כמעט ווי אויסגעשריען מיט פאַרדרוס.

— אין וואַסילקאָוו איז ער, ווּ קען ער זײַן? פונעם שפּיטאָל איז ער גלײַך געפאָרן קיין וואַסילקאָוו. אַ גאַנצע וואָך האָבן מיר זיך נישט געזען, אָבער אַ גרוס האָבן מיר פון אים געהאַט. מאָרגן, זונטיק, פאָרן מיר בײדע צו אים. מיר וועלן אײך מעלדן ווּ ער געפינט זיך.

— ווי שפּעט איז איצט, חבר סעווערין? — האָט מינדעלע געלאָזט הערן פונעם שלאָפצימער איר קול, ווי פאַרשלאָפן. דער אוטשאַסטקאָווי כאַפּט שמײכלענדיק אַ בליק אַרײַן אין צווייטן צימער און ענטפערט: ס׳זענען שוין אַוועק די קלײנע שעהען נאָך חצות.

— מיר זענען אַרבעט־מענטשן און אומזיסט באַאומרויִקט איר אונדז אין מיטן דער נאַכט.

ווי לאַנג איך בין געלעגן אין דעם קאַלטן קעלער, אַן האַלב נאַקעטער — ווייס איך נישט. פאַר מיר האָט עס געדויערט אַן אײביקייט. די באָרוועסע פיס זענען פאַרשטאַרט געוואָרן פון דער קעלט. די טוכלע, קאַלטע לופט האָט בײַ מיר אַרויסגערופן אַ חשק צו ניסן, מיט כוח האָב איך זיך אײַנגעהאַלטן. איך האָב זיך געגנורעט אין דער דעק. דער מוח איז נאָך אַלץ געווען פאַרזונקען אין שלאָף. דאָס האַרץ האָט שטאַרקער געקלאַפּט אין ריטם פון מײַנע קינבאַקן. צום געפיל, וואָס איך האָב אַמאָל געהאַט אין דער אויספאָרשונג־טורמע, בשעת איך בין געזעסן פאַרשפּאַרט אין קאַרצער, איז צוגעקומען נאָך אַ געפיל פון בושה, אַ געפיל פון נישטיקייט פונעם מענטש, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן בצלם אלוקים, דערצו אויף דער אַזוי גערופענער „פרײַהײט“...

וועגן פאַרקילן זיך האָב איך נישט געטראַכט. זאַפּאַלאַריע האָט מיך פאַרהאַרטעוועט, צו קעלטן בין איך געוווינט געווען. איך האָב זיך אויך

געפילט שולדיק אַנטקעגן מיין ווייב און זון, וואָס לײדן נישט ווייניקער פון מיר. דאָך בין איך געווען שטאָלץ מיט זייער העלדישקייט אין אַן עת צרה...

מיין זון האָט אַן עפן געטאָן דאָס טירל פונעם קעלער און זיך אויס־געשאָלטן:

— זאָל ער ברעכן הענט און קאַרק — דער כאַמילדראַ. ער איז שוין אַוועק. קום אַרויס, טאַטע!

ער האָט מיר געהאָלפן אַרויפצוגיין אויבן. מינדעלע האָט מיר דער־לאַנגט אַ גלעזל בראָנפן.

טרינק אויס, טייערער, און אַלעס בייז וועט פאַריבער. אוי, ווי קאַלט דיינע פיס זענען, באַלד וועל איך זיי אָנוואַרעמען. איצט קענסטו רויִק שלאָפן: אפשר אָנגיסן נאָך אַ גלעזל?

איך פאָלג אַלץ, וואָס מינדעלע הייסט, ווי אַ קינד, וואָס הערשט שטיל, נאָר ער איז כמעט באַרויִקט. איך ליג שטיל און שווייג. נאָר מיין שווייגן קאָסט מיר נישט ווייניק. אָך, ווי גערן וואָלט איך איצט אַרויסגעשיט פימעס פילגאָרנדיקע קללה אויף זיין קאָפּ און אויף אַלע, אַזעלכע ווי ער. ס'וואָלט מיר זיכער לייכטער געוואָרן. נאָר איך קען עס נישט טאָן. אָבער איך פאַר־שטיי, איצט מער ווי שטענדיק, אַז אַמאָל איז אַזאַ קללה נויטיק, אפשר מער ווי נויטיק...

## דאָס פאַרמעלדן זיך

מאָנטיק אין דער פרי בין איך אַוועקגעפאָרן צום וואָקזאַל און פון דאָרט — קיין וואַסילקאָוו. מיין ביטחון איז נישט פאַרמינערט געוואָרן מיט צווייפל. כאָטש מינדעלע האָט כמעט נישט געגלויבט, אַז די פויערים וועלן נישט חרטה האָבן, דאָך האָט זי מיר מיטגעגעבן אַ „מאָהאַריטש״ — אַ מתנה פאַר זיי: אַן היפש ביסל קיכעלעך, אַ קילאָ האַרטן צוקער, וואָס זי האָט מיט גרויסער מי באַקומען, שטייענדיק נאָך דער אַרבעט אין דער ריי און דערצו אַן האַלבן ליטער בראָנפן, מיט וועלכן זי האָט מיך דערמונטערט

אין דער פּאַטאַלער נאַכט פון סעווערינס באַזוך. דאָס אַלץ האָט באַדאַרפט מיר צוהעלפן ביים פאַרמעלדן זיך אין דאָרפס־ראַט.

אָנגעקומען בין איך אויף דער סטאַנציע וואַסילקאָוו נאָך גאָר פרי. די אַלטע האָט זיך שוין געפּאָרעט אין דער ווירטשאַפט. וועגן מיין אָנקומען האָט איר דערטראָגן איר הונט אויף דער קייט, וואָס האָט זיך געריסן, גע־שפּרונגען אין דער לופטן מיט אַ רווישיקן האַווקען: האַוו, האַוו...

— דו נעם איין שטומעניש, באַרבאָס! ער איז אַן אונדזעריקער, אַן היימישער! — האָט זי געשריגן פון דער ווייטנס און זיך נענטער צוגערוקט צו אים. זי האָט מיך באַלד דערקענט און איינגעשרומפּן די לענג פונעם שטריק, אַזוי, אַז דער הונט זאָל זיך נישט קענען דערנענטערן צום הויז. צו מיר האָט זי זיך געווענדעט מיט אַ מילדן בליק:

— זייט רויִק! ער בייסט נישט! קומט אַריין אין שטוב אַריין.

ווי גוט איז, וואָס זי געדענקט מיך כאָטש. — האָב איך געטראַכט.

דעם פאַרמעלדונגס־בוך גיב איך אייך באַלד. געזאָגט איז געזאָגט! אַ וואָרט איז טייערער פון גאָלד! אָבער וווינען ביי מיר וועט איר נישט קענען. ס׳פעלן נישט קיין בייזע צינגער אין דאָרף און גאָר ווייניק זענען יידן־פריינד. אויב פיליפּ, דער פאָרזיצער פון דאָרפס־ראַט וועט אייך נישט וועלן פאַרמעלדן, בין איך נישט שולדיק. גייט און זייט מצליח!

— אַ דאַנק, באָבעשע, אַ דאַנק! איך וויל גלויבן, אַז גאָר אין גיכן וועל איך זיין פאַרמאָלדן אין קיעוו, ביי זיך אין הויז. איך מוז אָבער ערגעץ ווו זיין פאַרמאָלדן. דאָ טאָר מען קיין בראָדיאַגע נישט זיין. איך וועל באַ־קומען אַרבעט און דאָרט וועל איך וווינען. איך דאַרף האָבן אַן אַדרעס פאַר בריוו. איך וואַרט, אַז מיין רעהאַביליטאַציע זאָל אָנקומען.

— כ׳ווייס? אפשר האָט אויך מיין גאָטזעליקער מאַן, דעם ליכטיקן גן־עדן זאָל ער האָבן, אויך געוויטיקט זיך אין אַן אַדרעס, ערגעץ אין די סיבירער דערפער. אַז מען קען עמיצן העלפן — פאַר וואָס נישט?! איר וועט אַריבערגיין די באַנליניע און גיין דורכן זאַמדיקן וועג, אפשר אַ דריי צי פיר קילאָמעטער ביז צום דאָרפס־ראַט.

— אַ דאַנק אייך! איך וויל אייך עפּעס בעטן. מיין ווייב האָט אָפּגע־באַקן היימישע קיכעלעך פאַר אייך. איך בעט אייך: נעמט צו איר מתנה!

— צו וואָס? איר האָט נישט געכאַפּט — צו וואָס דאָס שינדן שוין. אָט פיליפּן דעם פּאַרזיצער וואָלט איר יאָ באַדאַרפט עפּעס ברענגען. אַ פלאַש בראָנפן וואָלט נישט געשאַדט, אויך פאַר גאַווורילען, דעם סעקרעטאַר עפּעס זיס פאַר זיינע קינדערלעך — דאָס וואָלט זיכער נישט געשאַדט. אַז מען שמירט — פאָרט מען — אַזוי זאָגט מען און מען טוט ביי אונדז.

— אוי, באָבעשי, זענט איר קלוג. איר האָט געטראָפן, ווי אַ זנאַכאַר. איך פיר טאַקע מיט זיך אַ פלאַש בראָנפן און אַ קילאָ האַרטן צוקער פאַר זיי. דאָס האָט מיר אויך מיין ווייב מיטגעגעבן.

— נישט אומזיסט זאָגט מען, אַז אַ יידישער קאָפּ דענקט פאַר דריי. נו, גייט און קומט צוריק שוין אַ פאַרמאָלדענער.

מיט האָפּעדיקע טריט, פול מיט ביטחון, האָב איך געשפּאַנט פון דער סטאַנציע וואַסילקאָוו אין דאָרף אַריין. פונעם שטויביקן ברייטן שליאַך בין איך אַראָפּ אויף אַ זייטיק וועגל פאַר פוסגייער. זעלטן ווען איך האָב באַגעגנט עמיצן אויפן וועג. מיט יעדן איינעם וואָס איז געגאַנגען מיר אַנט־קעגן, האָב איך זיך באַגריסט: אַ גוט מאָרגן! זאָל גאָט העלפן. אייניקע האָבן זיך אומגעקוקט מיט נייגער און אָפּגעענטפערט מיט אַ וואַרעמען שמייכל אויף די ליפּן.

— אַ שיינער מנהג צו באַגריסן זיך, אַפילו נישט באַקאַנטע — האָב איך דערביי געטראַכט.

אַ שווערער לאַסט־אויטאָ איז פאַרבייגעפאָרן דעם וועג און אויפגע־הויבן אַ געדיכטן שטויב אינעם אַרום. אַ יונגע פויערטע האָט דורכגעטראָגן אויף אַ געבויגענער קאָראָמיסלע צוויי פולע העמער מיט וואַסער פונעם ברונעם, דערביי געשמייכלט צו מיר מיט אירע בלאַנקענדיקע, פּערלדיקע ציין, ווי זי וואָלט מיך מבשר געווען אַ גוטע בשורה. דאָס דאָרפישע קלויס־טערל איז געשטאַנען עלנט, אָן אַ צוים, מיט אַ ברייטן „ברוך הבא" פאַר אַלעמען. דאָס נישט וואָגיקע מעשענע גלעקל האָט שטיל זיך געבאָמבלט פונעם לייכטן ווינטל, ווי ער וואָלט זיך אונטערגעברומט אַ ניגון.

אין דאָרפס־ראַט איז געווען פוסט, ווי אין דעם צעכראָסטעטן קלויס־טערל. דער ערשטער גרעסערער צימער, מיט די קליינע פענצטערלעך, דורך וועלכע איינצלנע זונען־שטראַלן האָבן זיך אַריינגעכאַפּט און אָנזעעוו־

דיק געמאַכט דעם שטויב פונעם אָרום. אַרום די ווענט זענען אויסגעשטעלט געווען לאַנגע בענק. דאָ און דאָרט האָבן זיך געוואַלגערט אויסגערויכערטע פּאַפּיראָסן, לוסקעס פון ניס און פון קערעלעך, אויך נישט ווייניק פּאַפּירע־לעך. ס׳איז, ווייזט אויס, זונטיק אין אָוונט דאָ געווען אַן הוליאַנקע, מיט טענץ, מיט אַ לופטפּאָסט און היימישן כיבוד. מען האָט נאָך נישט באַוויזן אויפצורוימען.

אין ערשטן זייטיקן צימערל אויף רעכטס איז געזעסן ביי אַ טישל דער סעקרעטאַר, אַ יונגער בלאָנדער פּויער, מיט נישט קיין אויסגעשלאָ־פענע, מידע אויגן, מיט אַ קרענקלעכן אויסזען, בלאַסע באַקן און אַ פּאַרריי־סענער נאָז. ער האָט שטיל אָפּגעענטפערט אויף מיין „גוט מאָרגן״, דערביי געכאַפּט אַ קאַלטן, גלייכגילטיקן בליק אין מיין זייט אַריין און אַ מורמל געטאָן:

— צו וועמען דאַרפט איר?

— צום פאָרזיצער פונעם דאָרפס־ראַט און אפשר גאָר צו אייך. דאָס זענט איר חבר גאַברילאַ, דער סעקרעטאַר?

— יאָ, דער בין איך. וואָס דאַרפט איר?

— ערשטנס ברענג איך אייך אַ וואַרעמען גרוס פון נאַדיעזשדאַ ניקאָ־נאַראָוונען, פון דער סטאַנציע וואַסילקאָוו מיט אַ קליינער מתנה פאַר אייערע טייערע קינדערלעך.

איך האָב אַוועקגעלייגט אויפן טיש די קילאָ האַרטן צוקער. מיט אַ שנעלער באַוועגונג לייגט ער אַריין דאָס פּעקל אין שופלאָד און גיט אויף שנעל אַ זאָג מיט אַ קענטלעכער פרייד:

— אַ דאַנק! ביי אונדז באַקומט מען עס נישט פאַר קיין געלט. נאָר קישעלעך פון קראָכמאַל, מיט נודנער פּאָווידלע אין דער מיט און דאָס גאָר זעלטן. אַ דאַנק! נו, ווי פילט זי זיך די אַלטע נאַדיעזשדאַ?

— נשקשה! שבת ביי נאַכט האָט זי געהאַט געסט פון קיעוו, איר טאָכטער און איידעם און איר איניקל. אויך איך, זייער אַלטער פריינד, האָב מיט זיי אויסגעטרונקען אַ כוסה. דאָס האָבן זיי מיר פאַרגעלייגט, איך זאָל זיך צייטווייליק פאַרמעלדן ביי זיי. צוליב דעם בין איך טאַקע געקומען צו אייך.

— אויף אַ דאַטשע? אַליין? צי מיט נאָך עמיצן?

— אַליין. איך בין געווען, פאַרשטייט איר מיר, אין לאַגער, אומזיסט און אומנישט. מען האָט זיך אַרומגעקוקט און מיך באַצייטנס באַפרייט. נאָר די פּראָצעדור פון רעהאַביליטאַציע מוז דויערן. דערווייל קען איך נישט וווינען ביי זיך אין קיעוו מיט מיין פאַמיליע. מען האָט מיך געשיקט קיין וואַסילקאָוו.

— פאַר וואָס נישט? אָבער איך אַליין קען עס נישט טאָן. איך בין בלויז אַן אויספירער. ביי מיר האָט איר געפּועלט, אָבער ער, פיליפּ, דער פאָרזיצער, ער דאַרף דעצידירן.

אין אַ ווײַלע אַרום איז ער טאַקע אָנגעקומען — דער פאָרזיצער פונעם דאָרפס־ראַט, פיליפּ קאַרפּאָוויטש אַליין. אַ יונגער דעמאָביליזירטער אַרמיי־מאַן, וואָס טראָגט נאָך אַלץ זיין מיליטערישן אוניפאָרם, מיט אַ מעדאַל פאַר געוואַגטקייט אויף דער ברוסט. אַ הויכער פּולבלוטיקער מאַן, מיט גענוג טעמפּע שאַרע אויגן, מיט קורצע הערעלעך, וואָס שפּראָצן אונטער דער פלאַטשיקער נאָז, וואָס איז נאָך פאַררויטלט פון דעם ביטערן טראָפּן. ער איז זיכער אַ מיטגליד פון דער פאַרטיי — אַנדערש וואָלט ער קיין פרעזעס נישט געווען.

ווי נאָר מיר האָבן זיך באַקאַנט און באַקאַנט האָט מיר מיט אים דער סעקרעטאַר גאַברילאָ, האָב איך באַלד אַרויפגעלייגט אויפן טיש די פלאַש בראָנפן מיט די קיכעלעך און אַ זאָג געטאָן:

— צום באַקאַנטשאַפט איז וויכטיק אַ בשותפותדיקער טרונק, ווי מיינט איר, חבר פאָרזיצער?

— ווער זאָגט זיך דען אָפּ פון אַ טראָפּן. ס׳איז היימישער און געמיט־לעכער.

— אַ פולע גלאָז האָט ער אין זיך אַריינגעגאָסן, ער האָט זיך אפילו נישט פאַרקרימט. מיר ביידע, גאַווריל‏אָ און איך, האָבן אויך געטרונקען, אָבער מיט חסד, אַזוי אַרום, איז פאַר פיליפּן פאַרבליבן נאָך אַ פולע גלאָז. איך האָב אים שוין פאַרשפּאַרט צו בעטן און דערציילן וועגן זיך און מיין ענין. דאָס האָט שוין געטאָן פאַר מיר דער סעקרעטאַר.

דערביי האָט ער דערמאָנט, אַז נאַדיעזשדאַ ניקאָנאָראָוונאַ און איר קיעווער אײדעם האָבן אים זייער געבעטן מיך צו פאַרמעלדן צייטווייליק, ווייל איך האָב געליטן אָן אַ פּאַרוואָס...

— אדרבה, פאַר וואָס נישט?

— איך בין אַ לערער פון מאַטעמאַטיק. איך האָב אַ דירה אין קיעוו. מיין פרוי איז אויך אַ לערערין און מיין זון ענדיקט אין גיכן די קיעווער אַקאַדעמיע. דער הויפּט־פּראָקוראָר אין מאָסקווע האָט מיר צוגעזאָגט גאָר אין גיכן צו רעהאַביליטירן.

— נו, פאַרמעלדע אים, גאַווריל! איך וועל צוואַרטן און לייגן דעם שטאַמפּ.

— אַ דאַנק! — האָב איך שטיל אַרויסגעזאָגט און אויסגעדריקט מיין דאַנקבאַרקייט און פרייד מיט אַ שטאַרקן דרוק זיין האַריקע האַנט.

דערנאָך איז שוין אַלץ געגאַנגען, ווי מזמור. איך האָב אויסגעפּולט אַ ווייסן בלאַנק און דער סעקרעטאַר האָט אַלץ אַריינגעשריבן אין פאַרמעלדונגס־בוך. דער פּרעזעס האָט אפילו נישט איבערגעלייענט, אָן אויסגעלערנטע התימה געלייגט מיט אַן עקעלע און אַריינהויכנדיק אויפן שטעמפּל אָוועקגעלייגט צוויי מאָל, אויף מיין באַפּרייונגס־דאָקומענט און אויפן פאַרמעלדונגס־בוך. געזעגנט האָבן מיר זיך, ווי אַלטע גוטע פריינד.

זינגען האָט זיך מיר געגלוסט, שפּאַנענדיק אויף צוריקוועגס צו דער סטאַנציע. ערשטנס, ווייל איך בין שוין אַ פאַרמאָלדענער. צווייטנס, ווייל מענטשן זענען מענטשן, אויך אוקראַינער און דריטנס, איצט וועט אויך סע־ווערין, דער אוטשאַסקאָווי, נישט קומען אין מיטן דער נאַכט צו מיין ווייב און זון... אויך דאָס איז וויכטיק: ביי מיינע „פאַרדינסטן" איז טאַקע וויכ־טיק נישט צו דאַרפן באַצאָלן די סומע פאַרן פאַרמעלדן יעדן חודש.

— אין אַ זיידן העמדל ביזטו געבוירן געוואָרן, מיין זון — הער איך שוין צום וויפלטן מאָל מיין מוטערס, עליה השלום, ברכה...

# אויף אַ שטאַפּל העכער

מיטן פאַרמעלדן זיך אין הויז פון דער גוטער אַלטיטשקער אוקראַינע־רין אויף דער סטאַנציע וואַסילקאָוו, בין איך אַריבער מיט אַ שטאַפּל העכער אויפן לייטער פון מיין אמתער באַפרייונג. סיי פונעם שטאַנדפּונקט פון זי־כערקייט, סיי פונעם מאַטעריעלן, איז דאָס געווען אַ גרויס פאַרדינסט. פאַרן פאַרמעלדן זיך ביי עמיצן פלעגט מען צאָלן חודשלעך אפשר הונדערט רובל, ביי מיר האָט די אַלטע קיין גראָשן נישט געפאָדערט. זי האָט זיך אין זיי נישט געגעוויטיקט. איר אייגענער אומגליק האָט ווייכער געמאַכט איר האַרץ און פאַרטאָפּלט איר מיטגעפיל מיט די, וואָס ליידן. איך האָב פאַרשטאַנען איר פאַרענטפערן זיך, הלמאי איך קען נישט נעכטיקן אין איר הויז. מענטש־לעכע צינגער זענען אַ מאָל ערגער פון זשאַווער, וואָס פאַרראָסטעט דאָס גע־וויסן און נשמה.

אָבער איך מוז דאָך ערגעץ נעכטיקן! ביי זיך אין דער היים קען איך נישט. דער פּחד נעמט צו דעם שלאָף, מאַכט גרוי פאַר דער צייט. נאָך ווייניק האָבן מיין ווייב און זון געליטן במשך פון מיין אָפּקומעניש?

וועגן זוכן אַרבעט, אַלס לערער, קען קיין רייד נישט זיין. נאָר רע־האַביליטאַציע קען מיר צוריקקערן צו מיין פּעדאַגאָגישער אַרבעט. קיינע פּריוואַטע לעקציעס זענען נישט בנמצא. די אָפּגעשטאַנענע שילער באַקומען פון זייערע לערער די נויטיקע הילף אומזיסט. הונדערטער לערער דער־פירן זייערע קלאַסן צו הונדערט פּראָצענטיקן דערפאָלג, טאָר קיין שום לע־רער פון זיי נישט אָפּשטיין, אויב ער וויל נישט באַקומען אַ נעגאַטיווע כאַ־ראַקטעריסטיק, אָדער גאָר פאַרלירן זיין אַרבעט. צי וועט דער פּראָפעסיאָ־נעלער פאַראיין — די „שול פון קאָמוניזם" אים פאַרטיידיקן? אמת, אַז אַזאַ לאַגע ברענגט אָפּט צו צביעות, צו שטעלן העכערע, נישט פאַרדינטע מיינונ־גען, צו עם־הארצות...

קומט נישט אַ שילער אַ פּאָר טעג אין קלאַס, מוז זיין דערציער גיין צו אים אַהיים. איך דערמאָן זיך עטלעכע פאַלן, וואָס האָבן זיך מיט מיר געטראָפן, ווען איך בין נאָך געווען אַ לערער און דערציער. ביי מיין אַריינ־קומען אין הויז פון מיין שילער, האָט דער טאַטע שוין אַראָפּגעצויגן דעם

לעדערנעם פּאַסעק פון די לענדן, נישט אויסהערנדיק אפילו דעם ציל פון מיין קומען. נישט אומזיסט האָט טשעכאָוו געשריבן וועגן די מערדערלעכע שמיץ, וואָס אַ יוגנטלעכער האָט באַקומען פון דער „גראָמאַדע" פאַר אַ פאַל־שער סברה, אַז ער האָט געזינדיקט.

איין מאָל איז מיר אויסגעקומען אויסצוטרינקען אַ גלעזל „סאַמאָגאָן", כדי נישט צו פאַרשעמען אַ כאָפּטע פויערים, וועלכע איך האָב געטראָפן ביי איינעם פון מיינע שילער.

עס איז געווען אַ גליק, ווען עס איז געווען אַ טאַטע. נאָך דער מלחמה זענען גאָר ווייניק טאַטעס פאַרבליבן. זענען טאַקע ביי מיר אין קלאַס גע־ווען אַ גרויסער פּראָצענט שילער אָן טאַטעס. די ראַטנמאַכט פלעגט באַריק־זיכטן די „איינזאַמע מאַמעס". פאַר די שלעכט דערצויגענע שילער איז אין דער מיליץ געווען אַ ספּעציעלע אינספּעקטאָרין. צו איר פלעגן מיר, לערער, זיך ווענדן נאָך הילף. זי פלעגט פּרוּוון זיי באַווירקן, אויסבעסערן, אָדער זיי פאַרמאַכן אין פאַרמאַכטע אַנשטאַלטן, אָדער שיקן אין פ.ז.או. (פאַבריק אויסשולונג־שול).

פון דעסטוועגן וואָלט איך גערן זיך אומגעקערט צו מיין פּעדאַגאָגי־שער אַרבעט. איך האָב דאָך פאַרט זי ליב געהאַט און צו וועלכער אַרבעט וואָלט איך, ביי מיין עלטער און פיזישער שוואַכקייט, געטויגט ? און אַר־בעטן מוז איך. אָן אַרבעט קען מען פונעם זינגען אַראָפּ, אָדער אויסגיין פון הונגער.

איך באַשליס צו פאָרן אין דער שטאָט וואַסילקאָוו, צו מיינע נייע פריינד. איך בין געווען זיכער, אַז זיי וועלן זיין צופרידן פון דער געשאַפע־נער לאַגע, אפילו ווען זיי וועלן זייער וון צונעמען פון אונדז. מיין ווייב האָט אים נישט געקענט פאַרמעלדן און די גרויסע שטאָט דולדעט נישט קיין נישט פאַרמאָלדענע.

זיי האָבן טאַקע אויפגענומען די ידיעה וועגן מיין פאַרמעלדן זיך מיט פרייד.

— דאָך וועלן מיר בלייבן פריינד. איר קענט קומען אָפט צו גאַסט, אפילו נעכטיקן. און לאָמיר האָפן, אַז נאָך אייער באַפרייונג וועט קומען די רעהאַביליטאַציע. — מיט די רייד האָבן זיי געוואָלט מיך באַרויִקן.

איך האָב טאַקע געגעכטיקט ביי זיי עטלעכע נעכט. אין די אָוונטן פלעגן מיר שמועסן ביז אין דער שפּעטער נאַכט אַריין. און ס׳איז געווען וועגן וואָס. זיי זענען אויסגעהונגערטע נאָך נייעסן וועגן יידן און יידישקייט, וועגן דער יידישער מלוכה, וועגן יידישע פּראָבלעמען און וועגן דער צוקונפט פונעם יידישן פאָלק.

— אין יאָר 1948 האָט זיך געקענט דוכטן, אַז די ראַטנמאַכט איז גע־ווען פאַראינטערעסירט אין דעם אַנטשטיין פון „ישראל״. פאַר וואָס זשע האָט מען דאָ, אין ראַטנפאַרבאַנד, נישט געטאָרט וועגן דעם באַגייסטערן זיך, אפילו שמועסן וועגן דעם?

— זיי האָבן באַדאַרפט די ענגלישע מאַכט דערוווייטערן פון דאָרט און דער טריק האָט זיי צוגעהאָלפן.

— איצט שרייבט מען בלויז שלעכטס וועגן ישראל: פאַרכאַפּער פון פרעמדע טעריטאָריעס, קנעכט פונעם אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם און אונ־טערדריקער פון די אַראַבער. טויזנטער יידן ווערן איינגעזעצט אין די טור־מעס פאַר ציוניזם און נישט ווייניק פאַר קאָסמאָפּאָליטיזם. פאַר וואָס?

— קיין חבר, קיין קרוב טאָרסטו נישט האָבן אין ישראל. מען טאָר זיך נישט מיט זיי איבערשרייבן. מען טאָר נישט הערן „דאָס קול פון ישראל״ דורכן ראַדיאָ. פאַר וואָס?

יעדע פראַגע האָט געפאָדערט אַן ענטפער. צי כ׳בין אין שטאַנד גע־ווען דעם ריכטיקן ענטפער זיי צו געבן?

שוין דאָס אַליין, וואָס לערער פון די מלוכהשע שולן האָבן געוואַגט אַזוי אָפן צו שטעלן אַזעלכע פראַגן, האָט באַוויזן, אַז טיפע קוואַלן פון אומ־צופרידנהייט נורטעווען אין דעם באַוווסטזיין פון דער יידישער אינטעליגענץ, אַז דאָס פינטעלע ייד איז אין זיי נישט פאַרלאָשן, אַז מיט קיין שום געוואַלד־מיטלען קען מען נישט אויסראָטן דעם דראַנג פון יידן צו לעבן פריי און געניסן פון זעלבסטשטענדיקייט, פונקט ווי אַנדערע פעלקער. דער מענטש־לעכער דראַנג וועט אַזוי לאַנג נישט באַרויִקן זיך, ביז ער וועט געפינען אַ לייזונג.

אויך אין מיר איז שטאַרק געווען דער דראַנג צו פאַראייניקן זיך מיט מיין פאָלק אין אונדזער אויסגעטרוימטן לאַנד. דאָרט האָב איך מיין עלטסטע

שוועסטער און שוואָגער, זייערע קינדער און אייניקלעך. דאָ בין איך אַזוי איינזאַם, מיט כוח האָט מען מיך צעשיידט מיט מיין פרוי און זון, אַ רעכט־לאָזער בירגער פון דער צווייטער קאַטעגאָריע. לויט דעם פיזיקער ניוטאָן, רופט יעדע רעאַקציע אַרויס אַ קעגן־רעאַקציע. אַזוי איז עס: וואָס גרעסער ס׳איז דער צוואַנג פון דער ראַטנמאַכט קעגן די יידן, וואָס האָט באַקומען זיין אויסדרוק אין פאַרמאַכן די יידישע שולן, דאָס פאַרשליסן די פרעסע און אַלע קולטור־אַנשטאַלטן און אפילו אומצוברענגען די נאָבעלסטע פאַר־שטייער פון דער ליטעראַטור — אַלץ שטאַרקער איז דער דראַנג צו יידיש־קייט, דאָס געפיל פון שעמען זיך מיט דער געצוווּנגענער אַסימילאַציע. וואָס? די קאָנסטיטוציע איז נישט פאַר יידן? צי זענען יידן הפקר אין דער „דעמאָקראַטישסטער מלוכה אין דער וועלט״?

אַזוי האָב איך געטראַכט און נישט נאָר איך אַליין. מיינע נייע פריינד, זייערע יידישע חברים האָבן אויך אַזוי געטראַכט.

עס האָט זיי נאָך געפעלט די דרייסטקייט זיך עפנטלעך אַרויסצוזאָגן, צו דערציען זייערע קינדער אַלס שטאָלצע יידן, וואָס ווילן קענען זייער אָפּ־שטאַם, זייער געשיכטע און זייער קולטור.

אָבער דאָס אַלץ וועט קומען מיט דער צייט. די יידישע געשיכטע איז פול מיט העלדנטאַטן, מיט העלקייט און פינצטערניש, מיט קידוש השם, אָבער דער נצח ישראל איז אַ פאַקט — די יידישע מלוכה, איר קיבוץ־גלויות, אירע נצחונות אויף אַלע געביטן.

אין דעם גייסט האָב איך זיך באַמיט צו ענטפערן אויף די אַנטשטאַ־נענע פּראָבלעמען און פראַגן.

אין די אויגן פון מיינע פריינד האָב איך דערזען אַ העלן גלאַנץ פון האָפענונג, פון גלויבן אין דעם פאַרווירקלעכן דעם אידעאַל פון זייער פאָלק — דאָס גאַנצע יידישע פאָלק אין זיין אייגן לאַנד...

שיינע רייד! ריכטיקע און איבערצייגנדיקע. אָבער קיין פולע ענט־פערס גיבן זיי נישט. פון וואַנען זענען צו מיר געקומען מיינע ענטפערס? פון דער אויספאָרשונג, טורמעס און לאַגערן. בלויז דער באַגריף „ציוניזם״ פלעגט אַרויסרופן ביים אויספאָרשער אַ ציניש געלעכטער און האַס. דאָס וואָרט „ציוניזם״, וואָס ער האָט געפונען אין מיין קאָנפיסקירטער יידישער

ענציקלאָפּעדיע האָט אים געררייצט, כאָטש ער האָט געוויס נישט געוווּסט „מיט וואָס מען עסט עס״. אַזאַ יידישע חוצפה: צושרייבן זייער גרעסטן העלד באָגדאַן כמיעלניצקי דאָס אָרגאַניזירן די פּאָגראָמען אין זיבעטן יאָר־הונדערט?! אַלע, אַלע יידן, וואָס דענקען אויך אַזוי — זענען פאַררעטער פונעם ראַטנפאַרבאַנד. שיסן — איז פאַר זיי ווייניק!

— און פון וואַנען האָט זיך גענומען די שוידערלעכע באַציונג צו די יידן — „קאָסמאָפּאָליטן״. זיי זענען זיכער נישט געווען קיין ציוניסטן, זיי זענען געווען נאָענט צו די קעגנער, זיי האָבן געשטרעבט צו אַסימילאַציע, צו אינטעגראַציע, צו אַ פולער דערנענטערונג צו דער רוסישער קולטור און ליטעראַטור — פאַר וואָס זשע איז זיי געקומען צו רודפן? — האָט זיך אָפּגערופן לאַריסע.

— ביי דער שפּאַנישער אינקוויזיציע האָט מען געצוווּנגען די יידן צו שמדן זיך. און וויפל פון די „אנוסים״ זענען פאַרברענט געוואָרן אויף די „הייליקע פייערן״? און וויפל יידן, די שעפער און די קעמפער פאַר דער רעוואָלוציע, זענען אומגעבראַכט געוואָרן אָן אַ פאַרוואָס?!

איין ענטפער: אַ י י ד ביסטו — מוזטו ליידן.

— ס׳איז שווער צו זוכן לאָגיק און פאַקטן, וואָס זענען אַזוי בולט אין זייער אַבסורדאַלער אומלאָגישקייט — אַזוי האָט גרישע רעזומירט דעם ביז איצטיקן געשפּרעך.

— און דאָס חנדלען זיך צו די אַראַבער בכלל און צו נאַצערן בפרט — מיט וואָס קען מען עס פאַרענטפערן? אין די אַראַבישע לענדער שמאַכטן די קאָמוניסטן אין די טורמעס. די אַראַבישע לענדער האָבן פיינט איינער דעם אַנדערן — אַ באַווייז זענען די אומאויפהערלעכע מלחמות צווישן זיך. איין פיקס־אידעע פאַראייניקט זיי — די שינאה צו יידן, דאָס פאַרניכטן די יידישע מלוכה. און ראַטנפאַרבאַנד איז מיט זיי. מען נעמט צו ביים אייגע־נעם בירגער דעם ביסן פונעם מויל און זיי שיקט מען ברויט. די נייעסטע מינים געווער שיקט מען צו זיי אומזיסט, נישט ווייניק אויסגעשולטע ספּע־ציאַליסטן, אפילו די בעסטע פליערס קאַרגט מען נישט פאַר זיי. מען בויט פאַר מצרים די אַסואַן־דאַמבע פאַר אונדזערע מיליאַרדן, כאָטש זיי פאַר־מאָגן אָן אַ שיער נאַטירלעכע רייכקייטן און זיי נוצן זיי נישט אויס. דער

אַנאַלפאַבעטיזם איז זייער גרויס. אויף פרעמדע פלייצעס מיינען זיי צו רייטן. פאַראַדאָקסן אויף פאַראַדאָקסן...

— באַהערשן דעם מיטעלן מזרח! — אַזוי האָבן נאָך געטרוימט די צאַרן פיאָטר דער גרויסער, איוואַן דער גרויזאַמער און אַנדערע. אימפּע־ריאַליזם איז געווען און פאַרבליבן די פיקס־אידעע פון רוסלאַנד און אירע הערשער...

## די הלוואות פאַר דער מלוכה

אין מיינע פריערדיקע ביכער האָב איך געשריבן וועגן די אָרדנטלע־כע הלוואות, וואָס יעדער בירגער פלעגט געבן פאַר דער מלוכה. במשך פון די צען יאָר, זייט די סאָוויעטישע אַרמיי האָט באַפרייט די מערבדיקע גע־ביטן פון אוקראַינע אין יאָר 1939 פון היטלעריסטישער געפאַר, האָבן מיר זיך מיטבאַטייליקט אין די הלוואות פון דער מלוכה. כאָטש מיר האָבן גע־גלויבט אין די מעלדונגען פון דער פּרעסע, אַז די הלוואות זענען נישט קיין אָבליגאַטאָרישע, נאָר פרייוויליקע און די גרויס דאַרף נישט איבער־שטייגן קיין 7,5% פּראָצענט פון דעם יאָר־פאַרדינסט. מיר זענען אָבער גע־ווען ברייטהאַרציק און זיך אונטערגעשריבן אויף 10 און מער פּראָצענט. די דעקלאַרירטע סומעס פלעגן אויטאָמאַטיש אַראָפּגערעכנט ווערן פונעם לוין, גלייך מיט די אַנדערע שטייערן. צוויי מאָל אין יאָר פלעגן פאָרקומען גורלות און איניקע האָבן געוווּנען 500, 1000 רובל, אפילו מער. אָנשטאָט מזומנים פלעגט מען זיי געבן צוגאָב־הלוואה אָבליגאַציעס. אַזוי אַרום פלעגן זיך אָנזאַמלען ביי יעדן איינעם אָבליגאַציעס אויף טויזנטער רובל. כדי צו פאַרקלענערן דעם חוב פון דער מלוכה, האָט מען די פריערדיקע הלוואות פאַרביטן אויף אַן איינהייטלעכער מלוכה־הלוואה, וואָס איר באַטרעף איז געווען בלויז אַ צענטל פון די פריערדיקע הלוואות. בכלל האָט מען די אָבלי־גאַציעס פאַרביטן אויף אַנדערע, צאָלנדיק איין רובל פאַר צען רובל. אפילו די אויסטערלישע גילדערנע הלוואה, וועלכע מען האָט געקענט קויפן און

פאַרקויפן אין די מלוכהשע בענק, אָדער פּאָסטאַמטן, האָט מען פאַרביטן, צאָלנדיק אַ רובל פאַר 5 רובל. במשך פון די בייטונגען פלעגן נישט ווייניק מענטשן אַרעסטירט ווערן, ווייל זיי האָבן נישט געקענט באַווייזן פון וואַנען זענען געקומען צו זיי גרעסערע סומעס געלט. פלעגן דעריבער די באַזיצער פון גרעסערע סומעס אָבליגאַציעס איינהייצן מיט זיי די אויוונס, מיט אַ ברכה אויף די ליפן: „ברוך שפטרני"...

צוזאַמען מיט די איבערגעביטענע אָבליגאַציעס האָבן זיך ביי אונדז, ביי מיר, מיין פרוי און זון אָנגעזאַמלט העכער זעקס טויזנט רובל אָבליגאַציעס. בשעת דער רעוויזיע ביי מיר אין הויז, פאַרן אַרעסט, האָט מען געפונען ביי מיר אָבליגאַציעס אויף העכער 12 טויזנט. פון וואַנען האָט זיך גענומען צו אונדז אַזאַ גרויסע סומע?

אין יענער צייט האָט מען אונדזער פּליעמיאַניק, אַ לערער, וואָס האָט געאַרבעט אין טשערנאָוויץ, גענומען אויף זומערדיקע מילואים. מיין פרוי איז געפאָרן קיין טשערנאָוויץ און פאַרנומען צו זיך זיין זון און אויך זיינע אָבליגאַציעס. ביים שרייבן דעם פּראָטאָקאָל האָב איך געפאָדערט אויסצוטיילן אונדזערע אָבליגאַציעס באַזונדער און פאַרשרייבן זיי באַזונדער, לויט די נומערן און סעריעס.

קומענדיק פונעם לאַגער, האָט מיך פאַרדראָסן הלמאי די פרעמדע אָבליגאַציעס און אויך פון מיין פרוי און זון זענען נישט אומגעקערט געוואָרן, כאָטש מיין אורטייל האָט געפסקנט צו רעקווירירן בלויז מיין אייגן פאַרמעגן. אונדזער קרוב, דער לערער פון טשערנאָוויץ האָט צוגעשיקט אַ צעטל מיט די נומערן פון זיינע אָבליגאַציעס, מיין פרוי און זון האָבן אויך אַרויסגענומען באַשטעטיקונגען אויף וועלכע סומעס, וואָס זיי האָבן זיך פאַרפליכטעט צו צאָלן. מיר האָבן איבערגעגעבן דעם ענין אַן אַדוואָקאַט, וואָס האָט באַדאַרפט פאָדערן אַראָפּנעמען די קאָנפיסקאַציע פון די מלוכה־אָבליגאַציעס, וואָס געהערן נישט צו מיר. עס איז אונדז געגאַנגען אין דעם, אַז די עוולה זאָל פאַרריכט ווערן. קיין מאַטעריעלן נוצן האָבן די אָבליגאַציעס נישט געקענט ברענגען.

ווי גרויס איז געווען אונדזער פאַרוווּנדערונג, ווען אויפן פּראָצעס פונעם שטאָטישן געריכט האָבן זיך צוגעשטעלט אַזש צוויי באַשולדיקער:

דער שטאַטישער און דער פון קאַגאַנאָוויטשעס ראַיאָן, ווי ס׳וואָלט באַדאַרפט פאָרקומען אַן ערנסטער, פּאָליטישער געריכט, אָדער אַ קרימינעלער, וואָס שמעקט מיט רויב, געוואַלד און רציחה.

ביידע האָבן געהאַלטן פּלאַמעדיקע רעדעס קעגן מיר, דעם „אַנטי־סאָוויעטישן״ פאַרברעכער, מיין פרוי און זון, וואָס זענען „נישט ווייט אַוועק פון מיר״ אין זייערע אַנטי־סאָוויעטישע אָנשוויונגען א.אַ.וו.

ס׳איז געווען אומפאַרשטענדלעך און גרויזאַם אויסצוהערן אַזעלכע באַשולדיקונגען. די ביידע עדות האָבן זיך געשראָקן עפּעס גוטס צו זאָגן, דער אַדוואָקאַט האָט נאָר פאַרלאַנגט מען זאָל אויספירן דעם באַשלוס פונעם קרייז־געריכט, אַז בלויז דעם באַשולדיקטנס פאַרמעגן זאָל קאָנפיסקירט ווערן. וועגן מיין צושטאַנד איז נישטאָ וואָס צו דערציילן. איך האָב געפלאַמט מיט אַן העליש פייער, די אויגן האָבן נערוועז געפינטלט, איך האָב געוואָלט שרייען. איך האָב ערשט איצט דערפילט די פאַרברעכערישע און אומגעזעצלעכע טעטיקייט קעגן מיר, אַלס ייד. מיין פרוי און זון האָבן מיך באַצייטנס אַרויסגעפירט מיט געוואַלד פונעם געריכט־זאַל. פאַרשטענדלעך, אַז ביי די אומשטענדן האָבן מיר פאַרשפּילט דעם געריכט. און אַרויסגעוויזן האָט זיך אָט וואָס: אויף איינע פון מיינע אָבליגאַציעס איז געפאַלן דאָס געווינס פון 1000 רובל און פון אונדזער קרוב, 500 רובל. כדי צו באַקומען די געווינסן האָבן די פּראָקוראָרן פאַרביטן די קאָנפיסקירטע אָבליגאַציעס. אַזאַ פאַרברעכן איז גרויס און זיי זענען געווען באַדראָט מיט זייערע פּאָסטנס, אפילו מיט דער פרייהייט. דעריבער האָבן זיי זיך אַזוי געפּלייסט מיך צו באַשולדיקן, כדי דער סוד זאָל נישט אַנטפּלעקט ווערן...

# דער קאַמף פאַר דער דירה

מיטן געווינען דעם אומגעזעצלעכן פראָצעס האָט זיך דער פּראָקוראָר פון קאַגאַנאָוויטשעס ראַיאָן נישט באַרויִקט. פאַרקערט, איצט האָט ער גע־פילט, אַז דער שטאָט־פּראָקוראָר וועט אים אויך אונטערהאַלטן אין דער פראַגע פון דער עקסמיסיע פון דער דירה. דער דירעקטאָר פון דער דריטער שול, פאַשטשענקאָ, האָט שוין אַ לענגערע צייט אים געפּרוווט באַווירקן ער זאָל אַרויסוואַרפן מיין פרוי און זון פון אונדזער אייגענער דירה. ווען איך בין נאָך געווען אין לאַגער, האָט שוין דער פּראָקוראָר געפאָדערט צו פאַר־לאָזן די דירה, טענהנדיק, אַז זי געהערט צו דער שול, וואָס נויטיקט זיך אין דער דירה איינצואָרדענען אַ ביאָלאָגישן קאַבינעט. די העכערע געריכט־אינסטאַנצן האָבן זיך אַריינגעמישט און נישט דערלאָזט דערצו, ווייל אונדזער דירה איז אויסגעבויט געוואָרן פאַר אונדזערע געלטער, לויט אַן אָפּמאַך מיט דער שול־אָפּטיילונג. דערצו זענען אַלע דאָקומענטן רעכטלעך באַשטעטיקט געוואָרן. איצט, ווען די געוועזענע פאַרוואַלטערין פון דער שול־אָפּטיילונג, וועלכע האָט די דאָקומענטן אונטערגעשריבן, איז אַריבער אַרבעטן אין צענ־טראַל־פאַרבאַנד פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און איך האָב נישט איצט קיין רעכט צו וווינען אין מיין אייגענער דירה, וועט אים זיכער געלונגען צו עקסמיטירן מיין פרוי און זון פון דער דירה.

אין איינעם פון די פרימאָרגנס האָט מיין ווייב אַרויסגענומען פונעם פּאָסטקעסטל אַ בריוו, וואָס דער פּראָקוראָר פון קאַגאַנאָוויטשעס ראַיאָן האָט צו איר צוגעשיקט:

„היות די שול נומער 3 נויטיקט זיך אין אַ לאָקאַל פאַר אַ ביאָלאָגישן קאַבינעט און איר מיט אייער זון פאַרנעמען אויף אַן אומגעזעצלעכן אופן אַ דירה פון 58 קוואַדראַט מעטער. איך אָנערקען דעם אָפּמאַך, וואָס אייער מאַן האָט נאָך אין יאָר 1946 געשלאָסן מיט דער שול־אָפּטיילונג, פאַר אומגיל־טיק, ווייל ער אַליין האָט נישט קיין רעכט אין דער דירה צו וווינען. דערום ווערט איר אויפגעפאָדערט צו באַפרייען די דירה, צוזאַמען מיט אייער זון און שטוב־אויסשטאַטונג. אין קעגנפאַל וועט איר עקסמיטירט ווערן אויפן אַדמיניסטראַטיוון אופן".

מיט דעם אומרעכטלעכן בריוו, איז מײַן פרוי אַוועק צום שטאָטישן פּראָקוראָר. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז אויך ער וועט נישט בעסער זײַן פון זײַן חבר, דאָך איז געווען אוממעגלעך אויסצומײַדן די מיטעלע אינסטאַנץ, כּדי צו האָבן אַ מעגלעכקײט צו דערגרייכן צו דער העכערער אינסטאַנץ, צום הויפּט־פּראָקוראָר פון אוקראַינע.

מיט אומגעדולד האָבן מיר געוואַרט אויף אַ תּשובֿה פונעם שטאָט־פּראָקוראָר. ענדלעך האָבן מיר דעם ענטפער באַקומען. דער שטאָט־פּראָקו־ראָר באַשטעטיקט, אַז די פאַראָרדענונג וועגן דער עקסמיסיע איז אַ ריכ־טיקע, אָבער דער טערמין פון באַפרײַען די דירה ווערט פאַרלענגערט אויף 10 טעג, ביזן 18טן אָקטאָבער.

ביז דעם 18טן אָקטאָבער ? ווײ געשריגן ! הײַנט איז דאָך שוין דער 17טער ! ווי איז דאָס מעגלעך ?! ווען איז דער בריוו אַרויסגעשיקט געוואָרן ? די דאַטע בײַם שטאָמפּ איז אויף אַ בײַזווײַליקן אויפן אָפּגעווישט געוואָרן. נישט אַנדערש, אַז דאָס האָט געטאָן דער דירעקטאָר פּאַשטשענקאָ, כּדי מיר זאָלן נישט באַווײַזן צו אַפּעלירן צו דער העכערער אינסטאַנץ.

איך בין אַרײַן צום דירעקטאָר אין זײַן קאַבינעט און געפאָדערט אַן אויפקלערונג. ער האָט זיך כּלומרשט געהאַלטן רויִק. בײַ מיר אָבער האָט געראַשט אין מוח, דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט האַסטיק און אומריטמיש. דאָס בלוט האָט געפּליסט אַלץ אַרויף אין פּנים אַרײַן. די הענט האָבן געציטערט און די אויגן געפינטלט נערוועז.

— וואָס קלערט איר צו טאָן מיט מײַן ווײַב און זון ?! ווי האָט איר געוואַגט אָפּצומעקן די דאַטע אויף דעם בריוו פונעם פּראָקוראָר צו איר ? צי מײנט איר טאַקע, אַז אָני ראַטנפאַרבאַנד איז אַלץ הפקר, אַז עס איז לית דין ולית דיין !

איך האָב אַרויסגעשליידערט פון זיך אָט די פראַגן מיט פאַרביטע־רונג און געוואַרט אויף אַן ענטפער.

— פּערזענלעך, בין איך זיכער נישט פאַראינטערעסירט אין אײַער דירה — האָט דער דירעקטאָר מיט אַ ציטערן שמייכעלע אויף די ליפּן קאַלט־בלוטיק געענטפערט. איך האָב אויף סאַקסאַגאַנסקע גאַס מײַן אײגענע דירה.

די שול נויטיקט זיך אין אַ ביאָלאָגישן קאַבינעט. בכלל טאָרן קיין פּריוואַטע פּערזאָנען נישט וווינען אויפן שטח פון דער שול.

— נו, און מיין פרוי און זון? אפשר וועט איר פאַר זיי אָפּטרעטן אַ צימער אין אייער גרויסער דירה? — האָב איך איראָניש־גאַליק אַרויסגע־זאָגט.

— ווייס איך! פאַרן זון האָב איך געפּועלט אַ קאָיקע אין דער סטודענ־טישער קאָלעקטיווער וווינונג און די ווייב וועט איר נעמען צו זיך. איר ווינט דאָך ערגעץ מן הסתם.

— און די מעבל, די זאַכן? מיט זיי וועט איר באַצירן דעם שולהויף, כדי די שילערינס זאָלן זען די עוולות, וואָס די ראַטנמאַכט טוט אָפּ די גע־וועזענע לערער אָן אַ פּאַרוואָס?

— מיר וועלן זיי אַרויסשטעלן אונטער דער שטאָט און ווייטער גייט אונדז נישט אָן. פירט זיי וווהין איר ווילט.

— קאַלטער מערדער, וואָס איר זייט! נאָר איבער מיין טויטן קערפּער וועט איר איבערשפּאַנען די שוועל פון אונדזערע הויז. געדענקט אין דעם! איך האָב געגעבן אַ טראַך מיט דער טיר און כ׳בין אַוועק.

גלויבט מיר, אַז איך האָב נישט געקאָנט קיין פיש טויט מאַכן, איך האָב נישט געקאָנט קוקן, ווי מען קוילעט אַ הון. ווען מען האָט אין יאָר 1944 אויפגעהאָנגען אויפן קרעשטשאַטיק, אין קיעוו עלף דייטשישע גענעראַלן און אָפיצירן, האָב איך זיך געמוזט פאַרקוקן. איצט בין איך גרייט געווען אפילו אויף מאָרד פון אַזעלכע „אידעיִשע" קריפּלען, ווי דעם דירעקטאָר „פּעדאַגאָג", דעם קאָמוניסט פּאַשטשענקאָ...

צומאָרגנס קאַיאָר, נאָך ליגנדיק אין בעט, האָבן מיר דערהערט אָן האַסטיק קלינגען אין גלאָק פון אונדזער טיר. דורך די שפּאַלטן פון די פאַר־מאַכטע אינערלעכע לאָדנס האָבן מיר געזען דעם דירעקטאָר, אַ לאַסט־מאַ־שין און אַ כאַפּטע טרעגערס. דאָס זענען זיי געקומען אויספירן די עקסמי־סיע, איידער די שילערינס קומען אָן. מיר אַלע דריי האָבן זיך געהאַלטן ביי די הענט און געפילט ווי דאָס בלוט פליסט שנעל, ווי אַן עלעקטרישער שאָק וואָלט אונדז געכאַפּט. די פּנימער בלאַס, ווי קאַלך. מיין ווייב האָט ציטערנדיק געפּליסטערט:

— מיר וועלן זיי נישט אַריינלאָזן! אָבער האַלט זיך אָפּ פון געוואַלד־טאַטן... אַ דירה איז נאָך נישט דאָס לעבן... מיר וועלן נאָך קעמפן... קעמפן...

זי האָט פאַרשלאָסן דעם שלאָפצימער, פאַרבאַהאַלטן דעם שליסל און געהאַלטן מיך און אונדזער זון נעבן זיך.

זיי האָבן נאָך לאַנג געקלונגען, געקלאַפּט אין די שויבן, נאָר מיר האָבן געשוויגן. די ציין האָבן געקריצט פון ווייטיק און אויפרעגונג, נאָר מיר האָבן געשוויגן.

— זיי זענען זיכער דאָ אינעווייניק. מען דאַרף אויפרייסן די טיר! — האָט דער דירעקטאָר געשריגן.

— מיר וועלן נישט רייסן! רייסט איר אַליין! דאָס איז קעגן דעם זאַקאָן! — האָבן די געדונגענע טרעגער געענטפערט.

אויפן הויף איז געוואָרן אַ געלויף פון די אַרומיקע שכנים און סתם דורכגייער.

אפילו אייניקע פון די שילערינס זענען שוין אויך געקומען. ס'האָבן זיך דערהערט אויסגעשרייען:

— אַזוי האַנדלען פּעדאַגאָגן, די דערציער פון אונדזערע קינדער! אָרנטלעכע, געליטענע לערער אַרויסצוּוואַרפן פון זייער אייגענער דירה! איר שעמט זיך נישט?!

דער דירעקטאָר איז געשטאַנען אַ פאַרשעמטער מיט פאַרביסענע ליפּן. ער האָט אַ דראָענדיקן בליק געטאָן אויפן צערייצטן עולם און אויסגעשריגן:

— איך וועל ברענגען די מיליץ! זאָלן זיי אויספירן דעם זאַקאָן!

עטלעכע פון די אָנגעלאָפענע יאַטן האָבן אים באַגלייט מיט אַן היל־כיק פייפן. די שכנים האָבן עפּנטלעך פון אים געחוזקט. ס'האָט געשמעקט מיט דעמאָנסטראַציע. פּאַשטשענקאָ האָט בליץ־שנעל פאַרלאָזט זיין אָרט און געלאָפן צו דער מיליץ.

די ערשטע אַטאַקע איז אָפּגעקלאַפּט געוואָרן. מיר אַלע דריי האָבן זיך אַרויסגעכאַפּט פון דער דירה און כאַרשלאָסן זי. מיטן טראַלייבוס נומער 2 זענען מיר אָפּגעפאָרן אויף קרעשטשאַטיק נומער 2, צו דער הויפּט־פּראָ־קוראַטור...

# דער זיג

מיר פאָרן צוזאַמען אין טראָליײבוס אַלע דריי: איך, מיין פרוי און דער זון. ס׳איז נאָך גאָר פרי. די שטאָט וועקט זיך ערשט אויף פון איר נאַכטיקן שלאָף. דאָ און דאָרט ברענען נאָך די עלעקטרישע לאָמפּן מיט זייער בלאַס־בלויער שיין. דער לייכטער ווינט שפּילט זיך מיט די אַראָפּ־געפאַלענע בלעטער און טראָגט זיי איבער פון אָרט צו אָרט. יעדער איינער פון אונדז באַמיט זיך וואָס ווייניקער צו קוקן דעם אַנדערן אין פּנים.

די אויגן זענען פול מיט זאָרג. דער מוח טראַכט. און אַלע וועגן דעם זעלבן. — מיט וואָס קען זיך דאָס ענדיקן? צי וועלן מיר מוזן פאַרלאָזן אונדזער דירה, וועלכע מיר האָבן מיט אַזוי פיל מי אויסגעבויט. מיר האָבן דאָך אַזוי פיל אַרבעט און מאַטעריעלן אַריינגעלייגט, איידער מיר האָבן זי אויפגעבויט פאַר די ירושה־געלטער. ווי שווער ס׳איז אָנגעקומען צו באַקו־מען די נויטיקע מאַטעריאַלן, אויך בוי־אַרבעטער! ווי גוט איז, וואָס איך האָב באַוויזן אַרויסבאַקומען קבלות סיי פון די אַרבעטער, סיי פון די ער־טער, ווו איך האָב געקויפט די מאַטעריאַלן. און מיט דער שול־אָרגאַניזאַציע האָב איך געמאַכט אַן אָפיציעלן קאָנטראַקט. אַלץ האָב איך געקליבן און סע־גרעגירט און אויסבאַהאַלטן אין אַ ספּעציעלער פּאַפּקע. אין דעם קאָנטראַקט איז קלאָר און דייטלעך אָנגעוויזן, אַז איך האָב רעכט אָפּצוטרעטן די דירה אַ צווייטן, אָדער די שול־אָרגאַניזאַציע באַדאַרף מיר אויסצאָלן די פאַר־בראַוכטע סומע געלט, אַראָפּרעכענענדיק נאָר צו 54 רובל פאַר יעדן אָפּגע־וווינטן חודש. איך האָב דאָך אַריינגעלייגט ביים אויפבויען אונדזער דירה און די צוויי דירות פאַר צוויי לערער־פאַמיליעס אַ סומע פון 32 טויזנט רובל.

נישט איין מאָל איז מיין פרוי געלונגען אָפּצושלאָגן די אַטאַקעס פונעם שול־דירעקטאָר, בשעת איך בין געווען אין קלעם, אין די ווייטע לאַגערן. צו וויכטיק און קלאָר זענען געווען די באַווייזן, אַז מיר זענען די באַלעבאַ־טים פון דער דירה מיט פולע רעכט. איז זי טאַקע תמיד אַרויס די זיגערין. צי וועט איר אויך איצט געלונגען?

דער טראַליבוס שטעלט זיך אָפּ אָפּ און ער פולט זיך אָן מיט אַר־בעטער און אָנגעשטעלטע, וואָס איילן זיך צו דער אַרבעט. אויף די קאַש־טאַן־ביימער פינקלען נאָך די טראָפּנס פון דעם מאָרגנטוי, וואָס גלאַנצן מיט זילבערנער שיין אין די שטראַלן פון דער אויפגייענדיקער זון. דער אַס־פאַלט איז פריש אָפּגעוואַשן און די גומענע רעדער גליטשן זיך לייכט אויף אים ביי יעדן אָפּשטעלן זיך, ביים לאָזן זיך אין וועג.

דער אַריינגאַנג צו דעם הויפּט־פּראָקוראָר איז נאָך פאַרמאַכט פאַר אינטערעסאַנטן. נישט ווייט פון דעם אַריינגאַנג דרייען זיך שוין אַרום אַ גרופּע פרויען. נישט אָפיציעל ווערט יעדער פריש־אָנגעקומענער פאַרשריבן אין דער ריי.

איינציקווייז, דערנאָך צו עטלעכע מיט אַ מאָל, קומען אָן די אָנגע־שטעלטע — סעקרעטאַרן און פּראָקוראָרן. אייניקע פון די אינטערעסאַנטן קענען אַ סך פון זיי ביי די נעמען. אייניקע ווערן באַצייכנט מיט ספּעציפישע אייגנשאַפטן: אַ בייזער, אַ גוטער, אַ כלב און אַנדערע. נישט איין מאָל קומט אויס צו האָבן מיט זיי אַ מגע ומשא. מיין ווייב ווייזט מיר אָן אויף איינעם אַן עלטערן, הויכן פאַרשוין מיט קליינע האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, מיט אַ שפּיציקער נאָז און האַלב גרויע האָר. — שימאַנסקי רופט מען אים — אַזוי שעפּטשעט זי צו מיר. אָט דער האָט איר געהאָלפן. צו אים וועט זי זיך אויך איצט ווענדן.

מיר באַשליסן, אַז נאָר מיין ווייב וועט זיך צו אים ווענדן. איך גיב איר איבער די טעקע מיט די דאָקומענטן, כאָטש נישט איין מאָל האָט דער פּראָקוראָר שימאַנסקי זיי געזען.

— איך וועל נישט וואַרטן. איך וועל פאָרן אין דער אַקאַדעמיע זיך לערנען. סיי ווי קען איך מיט גאָרנישט אייך העלפן. דערצו פאַרליר איך נישט קיין האָפענונג, אַז אויך דאָס מאָל וועט דיר, מאַמע, געלונגען — האָט זיך אָנגערופן אונדזער זון.

— ריכטיק! — באַשטעטיקן מירביידע און ער לאָזט זיך צוריק צום טראַליבוס.

— און אפשר וואָלט איך זיך אויך געווענדעט היינט וועגן מיין רעהאַ־ביליטאַציע — גייט מיר דורך אַ געדאַנק. דער מאָסקווער פּראָקוראָר האָט דאָך מיר צוגעזאָגט אָנצושרייבן אַהער.

זענען מיר שוין ביידע אין אַ זיצנדיקער ריי אין אויפנעם־צימער. אַלע זעצן זיך שטיל אויף די ערטער, לויט דער פאַרשריבענער ריי. די בלאָנדע יונגע סעקרעטאַרין פאַרשרייבט יעדן באַזונדער אין אַ גרויסן בוך, זי פולט אויס אייניקע רובריקעס: דעם נאָמען, צי איז דאָס דער ערשטער באַזוך, וועגן וועלכן ענין א.אַ.

מיר זענען פון די ערשטע, וואָס גייען אַריין צום הילפס־פּראָקוראָר, וואָס נעמט אויף אין דער רעכטער זייט. אַן עלטערער מאַן, מיט גראָבע ברילן און אַ גלאַנציקער ליסינע אויפן קאָפּ, קוקט אפילו נישט אין אונדזער זייט און פאַרשרייבט אויף ס'ניי דאָס וואָס די סעקרעטאַרין האָט שוין פאַר־שריבן.

מיין ווייב בעט זיך צום פּראָקוראָר שימאַנסקי. איך — צו איינעם פון די פּראָקוראָרן, וואָס פאַרנעמען זיך מיט פּאָליטישע פראַגן און דער עיקר מיט רעהאַביליטאַציע.

ער איז אפילו נישט צופרידן, הלמאי מיר ווילן דערליידיקן צוויי עני־נים מיט אַ מאָל. נאָר מיינע טענות זענען, אַז אין דער פראַגע פון מיין רע־האַביליטאַציע איז אָפּהענגיק די פראַגע פון אונדזער דירה. דערצו דערמאָן איך אים וועגן צוזאָג פון דער מאָסקווער פּראָקוראָר. אפשר האָט ער טאַקע אָנגעשריבן?

אייגנטלעך איז ער נישט מער ווי אַ דיספּעטשער, וואָס דאַרף טאָרמאָ־זירן און ריכטן די אינטערעסאַנטן צו דעם אָדער אַן אַנדערן. אָבער ער וויל דערביי אַרויסווייזן חשיבות.

אונדזערע וועגן צעשיידן זיך: מיין פרוי דאַרף גיין אויפן צווייטן שטאָק, איך — אויפן דריטן.

אין אַ גרעסערן צימער זיצן ביי באַזונדערע טישן דריי פּראָקוראָרן: צוויי עלטערע מענער, און אַ יינגערע בלאָנדע פרוי. דער, צו וועמען מען האָט מיך געשיקט, איז אַ גרייז־גראָער מאַן, מיט אַ קורץ, גרוי ציגל־בערדל, אַ באַבארילטער, מיט אַ גלייכגילטיקן בליק און אַ פאַרביטערט פּנים, מיט אַ

נערוועזן טיק מיט די אַקסלען, וואָס טוען זיך אַ טרייסל פון צייט צו צייט.

איך גיב אים אָן מיין נאָמען און דערקלער אים דעם ציל פון מיין קומען. נישט רעדנדיק קיין איינציק וואָרט, הייבט ער זיך אויף פון זיין אָרט און לאָזט זיך גיין אין די ווייטערע צימערן. איך זיץ און וואַרט. שפּע־טער אַ ביסל קומט ער צוריק און טראָגט אַ טעקע מיט פּאַפּירן אונטערן אָרעם. ער זעצט זיך אויף זיין אָרט און קוקט אַריין אין די פּאַפּירן, וואָס זענען פון די פּרישסטע. פון דער ווייטנס באַמערק איך, אַז דאָס זענען די לעצטע אָנקלאָגעס, וואָס איך אָדער מיין פרוי האָבן געשריבן. אויף יעדער איינער פון זיי האָבן מיר באַקומען איינע און די זעלבע תשובה: „פּאַר־מישפּט ריכטיק”.

— מיט אייער ענין האָבן מיר זיך פאַרנומען, נישט איין מאָל. מען האָט איך זיכער וועגן דעם געמאָלדן. וועגן רעהאַביליטאַציע קען דערווייל קיין רייד נישט זיין! זייט צופרידן, וואָס איר זענט שוין אויף דער פריי. —

— ווי קען איך צופרידן זיין פון דער פריי, ווען איך קען נישט ווינען אין קיעוו אין מיין דירה, צוזאַמען מיט מיין פרוי און זון, ווען איך טאָר נישט פאָרזעצן מיין פּעדאַגאָגישע אַרבעט. צי בין איך ווירקלעך אַזאַ פאַר־ברעכער, ווען עס קומט אָט דאָס אַלץ? איך האַלט, אַז די צוויי מיט אַ האַלבן יאָר בין איך אָפּגעקומען אומשולדיק!...

— אומשולדיק! רייסט מיר איבער דער פּראָקוראָר מיט אויפרעגונג.

— און די אַנטי־סאָוועטישע ביכער אייערע און די נאַציאָנאַליסטישע דיבור־רים אייערע?... אומשולדיק?

— אין דער מאָסקווער פּראָקוראַטור האָט מען מיר צוגעזאָגט צו שיקן איך אַ בריוו וועגן מיין רעהאַביליטאַציע. צי האָט איר אים דערהאַלטן? — פרעג איך כמעט דרייסט.

— מיר זענען נישט מחויב וועגן דעם איך צו ענטפערן. דער בריוו איז דאָך נישט פאַר איך, נאָר וועגן איך.

— צי האָט מען אַרויסגעפּאָדערט מיין דיעלע פון דער טראַנספּאָרט־פּראָקוראַטור, ווו זי געפינט זיך?

— מיר וועלן דאַרפן, וועלן מיר זי אַרויספאָדערן. איר מוזט האָבן גע־דולד. מיר וועלן אייער דיעלע אויף ס׳ניי באַטראַכטן. גיט זיך דערווייל אָן

עצה, סיי מיט אַ ווינאָרט, סיי מיט אַרבעט. צי מוזט איר נאָר מיט פעדאַגאָגיק זיך פאַרנעמען?

— צי איז אַזוי לייכט אין מיין עלטער זיך איבערקוואַליפיצירן? צו קיין פיזישער אַרבעט טויג איך נישט. דער לאַגער האָט פון מיר אַן אינוואַליד געמאַכט. אַנדערש וואָלט מען מיך נישט באַפרייט פאַר דער צייט.

איך באַמערק, ווי די בלאָנדע פרוי קוקט די גאַנצע צייט אין מיין זייט אַריין. נישט אַנדערש, אַז זי הערט זיך צו צום געשפרעך. דעם פראָקוראָר געפעלט עס נישט, דענערווירט ער זיך און צוקט מיט די פלייצעס פון נערוועזקייט. ער איז אומגעדולדיק און וויל שוין פון מיר פּטור ווערן...

— איצט וואַרפט מען מיין פרוי און מיין זון אַרויס פון אונדזער אייגענער דירה, וואָס מיר האָבן אויפגעבויט פאַר אונדזערע בלוטיקע ירושה־געלטער. און איר הייסט מיר וואַרטן. אַך, בעסער וואָלטן מיר אומגעקומען פון די פאַשיסטן, גלייך מיט אַלע אונדזערע אייגענע, איידער צו געניסן פונעם חסד פון אונדזערע באַפרייער! רוף איך אויס אין אַ טאָן פון פאַרצווייפלונג. אַ פאַרביטערטער, אָן שום האָפענונג, האָב איך מיט שנעלע טריט פאַרלאָזט דעם צימער פון דעם האַרטנעקיקן פאַרשוין.

— ס׳איז אַלץ ווי געווען אין סטאַלינס צייטן — טראַכט איך. די זעלבע בלוטזויגערס זיצן אויף די זעלבע ערטער און געוועלטיקן, לויט זייערע פאַרדאָרבענע געוויסנס. קיין מאָל וועט אַזאַ פאַרשוין נישט אָנערקענען זיינע טעותים און שולד. אַלע זענען שולדיק, נאָר נישט ער און זיינס גלייכן. סטאַלין איז אַוועק, אָבער זיין גייסט האָט פאַרכאַפּט די מוחות פון זיינע יורשים...

ווען איך בין שוין געווען אויסער דעם צימער, איז ווי צופעליק אַרויסגעגאַנגען נאָך מיר די בלאָנדע יונגע פרוי. גאָר שטיל האָט זי זיך אָנגערופן צו מיר:

— זייט נישט אַזוי פאַרצווייפלט, חבר! איך בין געשיקט געוואָרן דאָס אַלטע צו קאָנטראָלירן און פאַרריכטן. איך וועל אייך אין גיכן אַרויסרופן.

— אַ דאַנק אייך! אַ דאַנק! אירע איינציקע רייד האָבן מיר ווי געגלעט און געטרייסט. אַזעלכע רייד זענען מסוגל אַ ביסל צו באַרויִקן און וועקן האָפענונגען אויף שפּעטער...

אין דרויסן האָט שוין געוואַרט אויף מיר מיין פרוי מיט אַ שיינענדיק פּנים. זי האָט שוין געפּועלט ביים פּראָקוראָר שימאַנסקי. דער פּראָקוראָר האָט אָפּגעוואָרפן דעם באַשלוס פון ביידע פּראָקוראָרן. לויט אים, קען בלויז דער געריכט דעצידירן וועגן דער עקסמיסיע, רעכענענדיק זיך מיט דער דאָקומענטאַציע, וועלכע מיר האָבן.

דערויף האָט מיין פרוי באַקומען אַ שריפטלעכן דאָקומענט, וואָס איז געווען מסוגל צו שיצן קעגן אָפּענעם ווילקיר פון דעם שול־דירעקטאָר און די פּראָקוראָרן פון שטאָטישן און קאַגאַנאָוויטשעס ראַיאָנען.

מיט מוטיקע, האָפּערדיקע שריט האָבן מיר זיך געלאָזט צו זיך אַהיים.

## האַלבער נצחון

יעדער ניצחון איז זיס, זיס ווי האָניק. נאָכן ניצחון הייבט אָן דאָס האַרץ ריטמישער און רויִקער צו קלאַפּן, נאָרמאַל. פרייד־פלעמעלעך פינקלען אין די אויגן, אַ שמייכל צעטאַנצט זיך אויף דיינע ליפּן. אַזוי איז געשען אויך מיט אונדז ביים אומקערן זיך אַהיים מיט דעם פריידיקן פּאַפּיר פונעם הויפּט־פּראָקוראָר. איצט וועלן שוין מיין ווייב און זון קענען רויִק שלאָפן אין זייערע אייגענע בעטן. אמת, מיין לאַגע איז געבליבן אַ שווערע. אפשר נאָך אַן ערגערע, ווי פריער, ווייל איצט וועט שוין דער בייזער, פאַרשפּילטער דירעקטאָר פּאַשטשענקאָ שטיין אויף דער וואַך — איך זאָל אין דער היים נישט נעכטיקן.

עס שטייט פאַר מיר ווייטער די אָנגעווייטיקטע פראַגע: וווּ נעכטיקט מען? יאָ, איך בין שוין אפילו פאַרמאָלדן. אויס בראָדיאַגע! מיין דאָקומענט איז שוין באַצירט מיטן שטאַמפּ „פאַרמאָלדן אין וואַסילקאָוו". זייער גוט! אָבער וווּ נעכטיקט מען?

דריי בייזע הינט: דער דירעקטאָר, דער פּראָוואָקאַטאָר און דער פּאָליציי־אינספּעקטאָר סעוועריו — אַלע לויערן אויף מיר, דעם באַפרייטן פאַר דער צייט פונעם סאָוועטישן לאַגער.

מיר שפּאַצירן ביידע געאָרעמט איבער דער וולאַדימירסקע גאַס מיט פּאַמעלעכדיקע טריט. ביידע טראַכטן וועגן דעם זעלבן, ביידע זוכן מיר אַן אויסוועג פון דער געשאַפּענער לאַגע, אָבער יעדער איינער האַלט עס פאַר זיך.

מינדעלע זוכט פאַר מיר אַ טרייסט. זי דערציילט מיר, אַז דער דירעק־טאָר האָט אויך געמאָלדן די צוויי שכנים נינע וואַסיליעווגען, דעם פּראָ־וואָקאַטאָרס פרוי און די דריי שוועסטערס ראַווין מיט זייער אַלטער מוטער, אַז אויך זיי מוזן פאַרלאָזן זייערע דירות. זיי האַלט ער פאַר מיינע סובלאָ־קאַטאָרן און די גאַנצע דירה מוז ער פאַרוואַנדלען אין אַ ביאָלאָגישן קאַבי־נעט. נאָר זיי וויל ער נישט עקסמיטירן ווי מיר — זייער באַלעבאָס. פאַר זיי וועט ער באַזאָרגן אַנדערע דירות. פאַר זיי רעמאָנטירט ער אויס דירות אין אַן אַלט הויז, וואָס דער שטאָטראַט פון קאַגאַנאָוויטשעס ראַיאָן האָט פאַר זיי אויסגעטיילט. עס איז אַ חורבה, וואָס ווערט שוין יאָרן לאַנגע נישט באַנוצט. מען זאָגט, אַז דאָרט איז אַמאָל געווען אַן אויסניכטערונגס־טורמע פאַר שיכורים. בלויז דער קעלער איז פאַרבליבן. פאַר זיי רעמאָנטירט מען דעם קעלער. די פענצטער זינקען אין דער ערד, קיין עלעקטרישע באַלייכ־טונג איז נישט פאַראַן, אויך נישט קיין וואַסער־לייטונג. און אַזאַ „דירה" גרייט ער פאַר זיי, טעטיקע לערער, מיט מלוכהשע אויסצייכענונגען פאַר זייער געטרייער אַרבעט, אַלס לערער.

די ביידע שכנים זענען זייער נישט צופרידן, אָבער זיי האָבן נישט געוואַגט דעם דירעקטאָר ווידערשפּרעכן. אויב ער האָט געקאָנט דעם באַלע־באָס פון דער דירה אַרויסוואַרפן, מוזן זיי שווייגן. זייער פּראָטעסט וועט נאָרנישט העלפן. זיי געדענקען דעם אָנגענומענעם סאָוויעטישן לאָזונג „דער אינטערעס פון דער מלוכה איז העכער פון אַלץ". קיין שום לאָקאַטאָרן־שוץ וועט זיי נישט העלפן.

— אַ שאָד, זאָג איך זיך אַרויס, וואָס אונדזער ניצחון וועט דערפרייען אונדזער גרעסטן שונא, גרופּינען אַראָן סאַמאַילאָוויטשן. אויב מיר בלייבן אין אונדזער דירה, וועלן זיי אויך קענען בלייבן אין זייערע דירות. סיי ווי איז דער פּלאַן צו בויען אַ ביאָלאָגישן קאַבינעט אַדורכגעפאַלן.

אַדורכגייענדיק נעבן דער אָפּערע־געביידע, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז דאָ נישט ווייט איז ליסענקאַ־גאַס. דאָרט געפינט זיך די דירעקציע פון דער מיזרח־מערבדיקער אייזנבאַן. אויפן פערטן שטאָק געפינט זיך די שול־אָפּטיילונג, ווו איך האָב יאָרן געאַרבעט. אין דעם הויז בין איך פיר חדשים געזעסן אין דער אויספאָרשונג־טורמע. די דערינערונג ווירקט אויף מיר מיט טרויער און פרייד. טרויער — ווייל די 4 חדשים האָבן מיך גרוי און אַלט געמאַכט, ווייל די אוממענטשלעכע פּייַנען אָן אַ פּאַרוואָס האָבן אָפּגע־טעמפּט מיינע חושים, מיין גלויבן אין גערעכטיקייט; פרייד, ווייל אַלץ איז שוין געשיכטע, איך בין פאָרט אויף דער פריי און שפּאַציר איבער די קיע־ווער גאַסן, צוזאַמען מיט מיין בעסטן פריינד.

איך האָב באַשלאָסן זיך אַרויפצוכאַפּן אין דער שול־אָפּטיילונג. איך האָב דאָך אַ מאָל געהאַט דאָרט גוטע פריינד אויך.

— דו, מינדעלע, פאָר אַהיים! היינט טאָר איך זיכער דאָרט נישט נעכטיקן. איך וועל זיך שוין אַן עצה געבן. אפשר וועל איך פאָרן קיין וואַ־סילקאָוו צו מיינע נייע פריינד.

איך האָב זי צוגעפירט צו אַ טראָליבוס־אָפּשטעל, מיט היימישע, וואַ־רעמע בליקן זיך צעשיידט, מיט דער האָפענונג, אַז אויך די צרה וועט זיך אין גיכן ענדיקן.

מיר איז אויסגעקומען צו שפּאַנען איבער אַ לאַבירינט פון קאָרידאָרן און שטאָקן, ביז איך בין דערגאַנגען צו דער שול־אָפּטיילונג, וואָס איז נענ־טער צו פראַנקאָ־גאַס, ווי צו ליסענקאַ־גאַס.

די ערשטע האָט מיך אויפגענומען די סעקרעטאַרין נינע וואַסיליעוו־נאַ. זי איז זיכער פאַרבליבן צווישן מיינע פריינד. זי האָט זיך באמת דער־פריידט מיט מיין קומען.

— זעט נאָר, יאָוועל מאַרקאָוויטש איז געקומען. מיט אַ בערדל. עס פּאַסט אייך! איצט זענט איר מער ענלעך צו אַ פּראָפעסאָר, ווי צו אַ לע־רער! סאָפיע גריגאָריעוונאַ, זעט נאָר ווער ס׳איז געקומען. יאָוועל מאַרקאָ־וויטש און מיט אַ באָרד. איר דערקענט אים נישט?

סאָפיע גריגאָריעווגאַ איז צופעליק געקומען דערליידיקן אַ שול־ענין. זי האָט אַ בליק געטאָן מיט אירע יידישע, שמייכלדיקע, קלוגע אויגן, דער־לאַנגט מיר די האַנט און צוגעגעבן:

— איך באַגריס אייך מיט אייער צוריקקערן זיך צו אונדז! ווי פילט איר זיך?

— ווי יעדער צוריקגעקומענער פון דאָרטן. ס׳איז נישט שלעכט צו זיין אויף דער פריי, צווישן אייגענע און פריינד. דאָס שרעקלעכע איז שוין פאַריבער. אָבער צו גוט פעלט נאָך אַ סך. איך טאָר דערווייל נישט אַרבעטן אַלס לערער און נישט וווינען ביי זיך אין דער היים, צוזאַמען מיט מיין פרוי און זון, ביז מיין רעהאַביליטאַציע וועט אָנקומען. היינט האָבן מיר אויסגעקעמפט אונדזער דירה. זאָלן כאָטש מיינע אייגענע, מיין פרוי און זון דאָרט וווינען.

— נישט געזאָרגט, יאָוועל מאַרקאָוויטש! דאָס וועט זיך ענדערן. דער עיקר — איר זענט אויף דער פריי. איר קענט זיך מיט זיי זען. איר זענט דאָך פון די אָפּטימיסטן. כאַפּט זיך אַראָפּ צו אונדז, קיין וואָרזעל. אין דער פירצענטער־שול אַרבעט אַלס דירעקטאָר אייער גוטער פריינד, באָריסוק, אויך איך און מיין מאַן האָבן שטענדיק געהאַלטן פון אייך. קומט אַראָפּ! מיר אַלע וועלן זיך פרייען מיט אייער קומען.

— אַן יידיש האַרץ פאַרמאָגט זי — סאָפיע גריגאָריעווגאַ, כאָטש זי איז שוין ווייט פון איר מוטער, די יידישע. איר מאַן איז אַן אוקראַינער, אויך אירע צוויי קינדער זענען אוקראַינער. אָבער אַן יידיש האַרץ איז ביי איר פאַרבליבן — טראַכט איך.

— וואָס מאַכן אייערע קינדער? די מוטער? — פרעג איך ביי איר.

— אָט, אַדאַנק! די קינדער גאָר ווילע, גוטע שילער. די מוטער איז שוין אַלט. אָט גיי איך איצט צו איר. מיט יעדער מיין קומען פריידט זי זיך. זי איז דאָך אַליין. אַ פּענסיאָנערין.

— צי וואָלט איך געקענט שוין היינט קומען קיין וואָרזעל? איך נויטיק זיך אין פריינד.

— אין אַ פּאָר שעה אַרום וועל איך שוין זיין אין דער היים. אדרבא, פאַר וואָס נישט? קומט צו פאָרן! איר וועט זיין אַ גוטער גאַסט!

— נישט געזאָרגט, מאַרקאָוויטש! איר זענט דאָך פון שטענדיק אָן פול מיט לעבן, מיט האָפענונג. אַזעלכע מענטשן טראָגן אַלץ איבער און זיי גיבן זיך אַן עצה אין לעבן. — מיט די ווערטער האָט מיר געטרייסט וויערע וואסיליעוונאַ.

— איר זענט גערעכט! כאָטש די לעצטע פּאָר יאָר האָבן אויף מיך באַווירקט נישקשהדיק. אָבער די האָפענונג און מוט ביי מיר נישט צוגע־נומען.

— מיט איך, סאָפיע גריגאָריעוונאַ, וועלן מיר זיך נאָך היינט טרעפן אין וואָרזעל. צום ווידערזען! צום ווידערזען!

## קיין וואָרזעל

איך פאָר קיין וואָרזעל צו אַפאַנאַסי סטעפּאַנאָוויטש באָריסוק. ער איז איצט דער דירעקטאָר פון דער פירצענטער אייזנבאַן־שול. איך דערמאָן זיך אין אים, באָריסוקן, דעם מיטלוווקסיקן קרעפטיקן מיליטערמאַן, זיין פולן געבוי, מיט סימנים פון אַן העכערן בויך, זיינע קאַצישע אויגן און אָנגע־בלאָזענע באַקן. אפילו אין דעם מיליטערישן אָנצוג, אין כאַקי־קאָליר, האָט מען אין אים דערקענט דעם פויער פונעם דאָרף. פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער טאַקע געווען אַ לערער און אַ פאַרוואַלטער פון אַ דאָרפס־שול. אויך זיין פרוי, וואָס איז העכער פון איר מאַן, סיי מיט איר וווקס, סיי מיט איר בילדונג — איז געווען אַ דאָרפישע. זייערע צוויי טעכטער זענען געבוירן אין דאָרף. ביידע האָבן געאַרבעט אַלס לערער און איינצייטיק גע־שטודירט, אויף אַן עקסטערנעם אופן פּעדאַגאָגיק, אויף אַ שריפטלעכן אופן, אין אוניווערסיטעט. ער, באָריסוק, איז אַוועק אויף דער מלחמה, זיין פרוי האָט, צוזאַמען מיט אירע טעכטער זיך עוואַקוירט אין וויטן רוסלאַנד. צו שווער איז געווען דער עול, וואָס איז געפאַלן אויף איר אַלס מוטער און פּרנסה־געבערין אין די שווערע מלחמה־יאָרן. אין דעם וויטן קאָלכאָז האָט זי געאַרבעט, אַלס לערערין אין שול, באַקומענדיק בלויז אַרבעטס־טעג,

דערצו קאַרגע שפּייז פאַר זיך און די טעכטער. שטענדיק הונגעריק, שטענ־דיק לאָר נאָך אַ שטיקל ברויט. זיי זענען געווען אָרעם, אָבער ריין גע־קליידט. צרות רבים — חצי נחמה. ווער האָט אין יענע שווערע צייטן נישט געהונגערט? אָבער צום שלעכטן איז געקומען אַ סוף. דער ניצחון האָט זיי צוריקגעקערט קיין אוקראַינע און אויך געבראַכט דעם לעבן־געבליבענעם מאַן און פאָטער. זיי האָבן געוואָלט פאַרבלייבן אין דער אוקראַינישער הויפּט־שטאָט, אין קיעוו. אָבער קיין דירה האָבן זיי נישט באַקומען, כאָטש פאַר־מעלדן זיך האָבן זיי זיך געקאָנט.

צופעליק האָט זיך באַריסוק דערוווּסט, אַז אויף סיענגאַ־גאַס, וווינט אויף אַ בוידעם־שטיבל אַ פרוי מיט דריי קינדער. איר מאַן איז געווען אַ פּאָליציאַנט ביי די דייטשן. ער איז צוזאַמען מיט זיי אַנטלאָפן. ביי די דייטשן האָבן זיי פאַרנומען אַ פּרעכטיקע דירה פון 4 צימערן, אַ דירה פון אַ פאַר־מעגלעכן יידן, וואָס איז אַוועק קיין באַבי יאַר, לויטן באַפעל. אָבער נאָכן באַפרייען פון קיעוו איז געקומען פון פראָנט דער זון, פול מיט אָרדנס און מעדאַלן, ער האָט מיטגעבראַכט זיין פרוי און קינדער, וואָס האָבן באַוויזן זיך עוואַקוירן פון קיעוו. פול מיט שרעק איז די פרוי פונעם פּאָליציאַנט באַצייטנס אַוועק פון דער דירה און פאַרכאַפּט אַ בוידעם־שטיבל אויף סיענ־נאַ־גאַס. דאָרט האָט אַ מאָל געוווינט אַן אָרעמאַן, וואָס האָט אויך נישט אויסגעמיטן דעם גורל פון אַלע יידן.

באַריסוק האָט דאַן מיט הילף פון זיינע קאַמפס־חברים אַרויסגעפּעקלט זי מיט אירע קינדער פון דעם בוידעם־שטיבל אויף דער גאַס און גיי שריי חי וקיים.

אָן שום דערווידערונג האָט די פרוי צוזאַמענגענומען אירע בעבעכעס און אַוועק ערגעץ אין אַ דאָרף, צו קרובים. אַזוי אָרום איז באַריסוק גע־בליבן דער יורש פון דעם בוידעם־שטיבל. דאָרט האָט ער זיך פאַרמאָלדן צוזאַמען מיט זיין פרוי און זיינע טעכטער. דאָס בוידעם־שטיבל איז געווען קליין און נידעריק. אין גאַנצן הונדערט מיט אַכציק צענטימעטער די הויך. בלויז צוויי פּיצלעך צימערלעך מיט צוויי פענצטערלעך אין דאַך. פאַר 4 מענטשן האָט געפעלט לופט צו אָטעמען, כאָטש די פענצטערלעך זענען גע־ווען אָפן, אָבער אין רעגנס־צייט האָט מען זיי געמוזט פאַרמאַכן. דערפאַר

איז לייכט געווען צו געפינען אַרבעט אין קיעוו. זיין פרוי איז אַוועק אַר־בעטן אין אַ שול, אַלס לערערין פון נאַטור־וויסנשאַפט. ער, באַריסוק אַליין, האָט באַקומען אַרבעט אין דער שול־אָפּטיילונג פון די אייזנבאַנער, אַלס אינספּעקטאָר פון די אַרבעטער־אָוונט־שולן און פון די אַרבעטער־קאַדרען.

גאָר שנעל האָט מען אים אויסגעקליבן אַלס סעקרעטאַר פון דער פּאַר־טיי־גרופּע פון דער שול־אָפּטיילונג, ווייל ער איז געווען איינער פון דער קליינצאָליקער פּאַרטיי־גרופּע. איך האָב דאַן געאַרבעט, אַלס אינספּעקטאָר פון באַזאָרגונג אין דער שול־אָפּטיילונג.

אין מאָל האָט ער אפילו מיט מיר געשמועסט וועגן אַריינטרעטן, אַלס קאַנדידאַט פון דער פּאַרטיי. ער האָט מיך אויך איינגעשלאָסן אין אַ קרייז צו שטודירן די געשיכטע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, לויט די ערשטע מקורות. פּאַרנעמענדיק אַזאַ הויכן פּאָסטן האָט ער געמוזט האָבן העכערע בילדונג, האָט ער געמוזט אין זיין פרייער צייט זיך לערנען און גרייטן זיך צו די עקסטערן־עקזאַמענס פון פּעדאַגאָגיק. אין צוויי יאָר אַרום איז אים געלונגען צו באַקומען אַ דיפּלאָם.

אין דער פירצענטער־שול, אין וואָרזעל, איז דאַן געווען די דירעקטאָ־רין פון דער אייזנבאַן־שול אַן עלטערע פרוי. זי מיט איר מאַן זענען געווען די גרינדער פון דער שול. זי האָט געלערנט דייטש און איר מאַן — רוסישע ליטעראַטור.

ביידע העכסט געבילדעטע מענטשן, אָנגעזאַפּטע מיט העכערער קול־טור און וויסן. ביידע זענען געווען באַליבט אין דעם שטעטל, סיי ביי די עלטערן, סיי ביי די שילער. זי איז אָבער שוין געווען אין פּענסיע־עלטער, אַרום 55 יאָר אַלט.

אַלס אָנפירער פון די לערער־קאַדרן, האָט באַריסוק פון דעם געוווּסט. זיין אומבאַקוועמע פּיצל דירה האָט אים געטריבן פון קיעוו. האָט ער טאָקע געפועלט ביי דער פאַרוואַלטערין פון דער שול־אָפּטיילונג זאָיע סאַוויטשנע ניעטשיפּאָרוק מען זאָל אים באַשטימען אַלס דירעקטאָר פון דער אייזנבאַן־שול אין וואָרזעל.

אַ פערטל צייט צוריק אין דאָרף אַריין. און וואָרזעל איז כמעט ווי אַ דאָרף. אַזוי אַרום איז באַריסוק געוואָרן דער דירעקטאָר פון דער שול. אין

זיין דירה אויף סיענגאַ־גאַס איז פֿאַרבליבן זיין עלטערע טאָכטער, די סטו־דענטין צוזאַמען מיט זייער יינגערער טאָכטער, וואָס האָט זיך געלערנט אין טעכניקום פון מיזרח־מערבדיקער אייזנבאַן.

אויך זיין פרוי איז אַריבערגעפאָרן קיין וואַרזעל. זי האָט זיך פאַר־ביטן מיט די אַרבעט־פלעצער מיט דער לערערין פון נאַטור־וויסנשאַפט, וועלכע האָט געוווינט אין קיעוו. די פריערדיקע דירעקטאָרין איז אַריבער אויף פענסיע און איר מאַן האָט ווייטער געאַרבעט אַ קלענערע צאָל שעהען אין דער שול.

באַריסוק האָט פאַרנומען אַ דירה פון דריי קלענערע צימערלעך אין אַ באַזונדער געמויערט הייזל, ווו עס האָט זיך געפונען די שול־ביבליאָטעק.

דאָ האָבן זיי געהאַט די מעגלעכקייט איינצופירן אַן הויז־ווירטשאַפט, ווי אין אַ דאָרף: געהאָדעוועט הינער, גענדז און אינדיקעס.

דאָ איז זיך באַריסוק צעוואַקסן אין דער ברייט. אויך זיין פרוי האָט נאָך די הונגער־יאָרן צוריק אויפגעלעבט.

געפאָרן בין איך מיט דער אַלטער רויכערדיקער אייזנבאַן, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ קליינע צאָל וואַגאָנעס. פון קיעוו איז שוין געגאַנגען אויף דער ליניע קיעוו־פאַסטאָוו אַ נייע עלעקטרישע באַן, אַ זויבער ריינע, מיט אויטאָמאַטישע טירן, מיט העכערע פעראָנען. אָבער קיין וואַרזעל איז נאָך אַלץ געגאַנגען די אַלטמאָדישע באַן, אַ פאָר מאָל אין טאָג.

מיר זענען אַדורכגעפאָרן וועלדער מיט הויכע סאָסנע־ביימער. דער קאָלאָפאָניע גערוך פון די טריפנדיקע סאָקן האָט זיך געלאָזט פילן פון דער ווייטנס. דעם בלויען הימל האָט מען קוים אַרויסגעזען. דאָ און דאָרט זענען געווען צעוואָרפן פויערישע כאַטעס, מיט שינדל־דעכער און נישט וויניק זענען נאָך פאַרבליבן דעכער, מיט שטרוי באַדעקטע. די מלוכה־ווירטשאַפט הינקט דאָ אונטער, האָב איך געטראַכט. דאָ איז דאָך דאָס פאַסיקסטע אָרט פאַר סאַנאַטאָריעס און אָפרו־הייזער, אָבער מען נוצט כמעט נישט אויס דאָס פרעכטיקע אָרט און די נוצלעכע נאַטור־אוצרות.

מיר זענען דורכגעפאָרן דורך בעליטשי. עס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן דער קאָנצענטראַציע־לאַגער פאַר פאַרמישפטע אינוואַלידן. דער לאַגער איז אַרומגעצוימט מיט אַן הויכן געמויערטן פאַרקן און איבער אים

שטעכלדיקע דראָטן. אין די פיר זייטן קען מען זען די העכערע „ווישקעס״ און אויף זיי די באַוואָפנטע היטער מיט זייערע בייזע הינט. פון דער ווייטנס קען מען הערן דעם געוויש פונעם זעגן ברעטער. דאָ אַרבעטן די פאַרמיש־פטע אויס מעבל.

איך דערמאָן זיך אין דעם פאַרמישפטן אַרקאַדיע לוואָוויטש, דעם שטאָלצן ייד, מיט וועלכן איך האָב זיך געטראָפן אין דער איבערשיקונגס־טורמע, אין קיעוו, און שפּעטער אויך אין דעם ווייטן אינוואַלידן־לאַגער, אין ראַקפּאַסט. דאָ, אין דעם לאַגער אין ביעליטשי, האָט מען אויף אים געמאַכט אַ בלבול, אַז ער האָט אָרגאַניזירט אַ בונט, אים האָט געדראָט טויט־שטראָף, אָבער אים האָט געראַטעוועט אַן אַלטער, יידישער אַדוואָקאַט פון מאָסקווע. פון אים איז אַראָפּגענומען געוואָרן די שולד, אָבער אויף 7 יאָר איז ער פאַרט פאַרמישפּט געוואָרן פאַר „פלאַפּלען״ קעגן דער מלוכה און אָרדענונג.

אין דעם אינוואַלידן־לאַגער אין ראַקפּאַסט איז ער געווען דער בריגאַ־דיר פון דער בריגאַדע פון פודעלעך־מאַכער פון הילצערנע סטרושקעס פאַר וואַזעלין. ווי שרעקלעך איז דער גורל פון אַ מענטשן, אַ שטאָלצן יידן, וואָס האָט אין גרויסן פיין אַדורכגעמאַכט דעם וועג פון אַ פאַבריק־דירעקטאָר אין אָדעס, אַ פאַרטיימאַן ביז צו אַ פודעלעך־מאַכער אין אינוואַלידן־לאַגער פון קאָמי ס.ס.ס.ר.

מיר זענען אַדורכגעפאָרן אירפען, ווו כרושטשאָוו האָט געהייסן פאַר־ליגן אין די בלאָטעס, אויף די אייסגעטריקנטע זומפּן אַ פלאַנירטע ווירט־שאַפט פון גרינסן.

טויזנטער אַרבעטס־הענט האָבן דאָ געאַרבעט במשך פון עטלעכע יאָר, די מאָדערנסטע מעכאַניזאַציע־מאַשינען, קאַלאָסאַלע סומעס געלטער זענען דאָ אַריינגעלייגט געוואָרן, ביז מ׳האָט באַוויזן צו זען אין ווינטער, אין די גרויסע מאַגאַזינען פרישע, רויטע רעטעכלעך און פרישע פאָמידאָרן, פאַר געזאַלצענע פרייזן, אָבער מען האָט דערגרייכט אויסערגעוויינלעכע רעזול־טאַטן.

קיין אַספאַלטירטע וועגן זעט מען נישט איבערן גאַנצן וועג, בלויז זאַמדיקע פעלד־וועגן, מיט הויכן שטויב.

די שפּייז־באַזאָרגונג אויף די סטאַנציעס און דערפער איז אַ שוואַכע. דאָס זעט מען אין די קיישלעך און „אַוואָסקעס", וואָס פירן די פויערטעס פון שטאָט. אין יעדן פון זיי קען מען זען די ברויטלעך, די „קירפּיטשע־קעס". וויפל אַרבעטצייט גייט אַוועק ביי די פויערים אין די רייען נאָכן ברויט, דאָס גאַנצע לעבנס זייערס גייט אַוועק אומנוצלעך אין די רייען נאָך ברויט און אַנדערע שפּייז־פּראָדוקטן.

אין דער ערשטער ריי ווערט באַזאָרגט די גרויסע שטאָט. די שטעט־לעך און דערפער באַגנוגענען זיך מיט די רעשטלעך, מיט די שאריים פון דער שטאָט.

די פּלאַנירונג איז ווייט נישט קיין געהעריקע, די באַזאָרגונג און צו־שטעלונג אויך נישט קיין בעסערע. און דאָס קומט פאַר העכער אַ צענדליק יאָר נאָך דער מלחמה...

## אין וואָרזעל

סאַפּענדיק און רויכערנדיק איז אונדזער שלעפּצוג אָנגעקומען קיין וואָרזעל. ס'ווייזט אויס, אַז דער וואָקזאַל איז אַ דערוויילעקער, אַזוי קליין און אַלטמאָדיש איז ער. איך מיין, אַז מיט דער צייט וועלן אויך דאָ אויפגעבויט ווערן נייע, מאָדערנע וואָקזאַלן, ווי מיר האָבן געטראָפן אויפן וועג ביז פּאָסט־וואָלינסקי, ווו עס קורסירן שוין די נייע עלעקטרישע באַנען. דאָרט זענען שוין די פּעראָנען העכערע, געפלאַסטערטע מיט בעטאָנענע פּלאַטן, די וואָקזאַלן הויכע, מיט שיינע אויפשריפטן און עלעקטרישע זייגערס.

דערפאַר האָב איך דאָ באַלד דערפילט אַן ענדערונג אין דער לופט. ס'איז לייכטער געוואָרן דאָס אָטעמען מיט דער פרישער וואַלדלופט. דאָ, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, פעלט שוין נישט קיין זויערשטאָף, דאָ איז די לופט פול מיט אָזאָן. איך האָב זיך דערמאָנט אין דעם קלימאַט פון זאַפּאָ־ליאַריע, ווו דאָס אָטעמען איז באַשווערט, ווו דאָס האַרץ מוז אַרבעטן פאַר צוויי, כדי צו באַקומען דאָס נויטיקע ביסל לופט. ס'האָט פעלט אין דער לופט זויערשטאָף. דער בלוטדרוק הייבט זיך אויף, ווי אויף הייוון.

ווי שווער ס׳זאָל מיר נישט זיין איצט, ס׳איז מיר אָבער אַסך בעסער, ווי פריער. אָט דאָ, טראַכט איך, וואָלט איך באַדאַרפט וווינען, דאָ וואָלט איך פולקאָם געזונט געוואָרן.

וואָרזעל איז אַ נישט־אַנטוויקלט שטעטל. זעלטן ווו ס׳איז פאַראַן אַס־פאַלטירטע גאַסן, אפילו מיט שטיינער געפלאַסטערטע. מערסטנס ציען זיך ביי דער סאַמע באַנליניע זאַמדיקע וועגן, ווי אין די דערפער.

דערפאַר איז דאָ רויִק. דער שטאָטגערויש איז ווייט פון דאַנען. בלויז צוויי מאָל אין אַ שעה לאָזט דער אַדורכלויפנדיקער באַן הערן זיין דויער־דיקן פייף. ווען ער לויפט אַדורך, דערשרעקן זיך די פייגל, די שוואַרצע קראָען, וואָס לאָזן זיך פליען אין דער טיף פונעם וואַלד.

די פירצענטע אייזנבאַן־שול געפינט זיך אין סאַמע וואַלד, אַזוי, אַז מען זעט זי נישט אַרויס. איך ווייס אָבער ווו זי געפינט זיך. שוין מיט יאָרן צוריק פלעג איך קומען באַזוכן מיין זון, ווען ער האָט פאַרבראַכט זומערצייט אין פיאָנערן־לאַגער, וואָס האָט זיך געפונען אין דער געביידע און אויפן שטח פון דער שול. איך דערמאָן זיך, אַז אונדזער זון פלעגט נישט מיט גרויס חשק פאָרן, בשעת די זומער־פעריען, אין דעם לאַגער אַריין. די חברים זענען מערסטנס געווען דאָרפישע יאַטן — אוקראַאינער, אָנגעזאַפּטע מיט היטלערישן סם לגבי די יידן. ביי יעדער געלעגנהייט פלעגן זיי אַרויסווייזן זייערע נעגל: דער אויסדרוק „זשיד" איז געווען אַ טאָג־טעגלעכע געוווינ־הייט, אָפּחוזקן פון אַן יידן איז געווען ביי זיי די בעסטע פאַרוויילונג. דערצו פלעגט ער זיין הונגעריק. די קליינע פּאָרציעס אויסגעטיילט ברויט האָבן נישט געקלעקט צו שטילן דעם הונגער. דער זויערער קרויטבאָרשט, זעלטן אַן האַרט שטיקל פלייש — ווי קען מען זיין זאַט ? איז מיר דאַן געווען פאַר־שטענדלעך, פאַר וואָס גייען די פּיאָנערן רייסן עפּל און באַרנעס, אפילו די זיסע מייערן, אין פרעמדע גערטנער.

די דערינערונגען קומען מיר אויפן זכרון אויפן וועג צו דער שול.

אַרויפקומענדיק אויפן שולהויף האָבן מיר באַגעגנט אַ טשאַטע גאָ־נערס מיט ווייסע לאַנגע העלדזער, וואָס דרייען זיך, ווי אַ בויגן און האַלטן אין איין גאָגערן : גאָ־גאָ !

ווייטער פון זיי זענען געגאַנגען מאַיעסטעטיש אַ רייע הינדעקעס מיט רויטע שנאָבלען און שיינע, פאַרביקע עקן. דאָס איז די פּריוואַטע ווירט־שאַפט פון די באָריסוקעס. נאָר דאָ קענען זיי זיך דערלויבן דאָס, וואָס זיי האָבן אַ מאָל געטאָן אין דאָרף.

ביים שטיבל, ווו עס האָט געוווינט דער דירעקטאָר, איז מיר אַנטקעגן געלאָפן מיט אַ בייזן האַווקעריי אַ גרויסער, געלער הונט, וואָס איז געווען צוגעבונדן אויף אַ קייט, ביים סאַמע הויז.

— גיי נאָר, גיי, אַפאַנאַס! עמיצער איז געקומען! — האָב איך דער־הערט אַ שטימע פון אַ פרוי.

אַפאַנאַסיע סטעפּאַנאָוויטש באָריסוק האָט זיך באַוויזן אויף די טרעפּ־לעך פונעם הויז.

— זדראַסטווויטע, אַפאַנאַסיע סטעפּאַנאָוויטש! — האָב איך אויסגע־רופן אויף אַ קול.

— האַ! יאָוועל מאַרקאָוויטש! זדראַסטווויטע! שטום איין דו, פּאָל־קאַן! אַ סוואָיאַק איז געקומען — קומט אַריין! — דער הונט איז ווי אַ פאַר־שולדיקטער אַוועקגעגאַנגען אין אַ זייט, מאַכנדיק פריי פאַר מיר דעם וועג.

— זע נאָר! וויערע, ס׳אַ גאַסט מיר האָבן. יאָוועל מאַרקאָוויטש, און מיט אַ באָרד. כאַ, כאַ, כאַ! ווען איך ווייס נישט, אַז איר זענט שוין צוריק געקומען, וואָלט איך אייך נישט דערקענט.

טאַקע אַ ליבער גאַסט. שוין לאַנג זיך נישט געזען! — האָט זיך אָפּ־גערופן זיין ווייב. — גלויבט מיר, אַז מיר האָבן וועגן אייך קיין שלעכטס נישט געטראַכט.

— איך גלויב. נישט דער ערשטער, נישט דער לעצטער קרבן בין איך, וויערא אַקימאָווגאַ!

— אַבי איר זענט שוין צוריקגעקומען. ווי פילט איר זיך אין געזונט?

— נשקשה, אָט דאָ אין וואַלד קען מען זיין געזונט, אַזאַ פּרעכטיקע לופט, אַ חיות פאַרן האַרצן.

— ליידער האָב איך נישט קיין אָרט פאַר אַ מאַטעמאַטיקער. ביי אונדז אַרבעט פיליפּ גאַווריליאָוויטש. איר קענט אים דאָך — האָט דער דירעקטאָר אַרויסגעזאָגט, ווי מיט באַדויערן.

— איך קען בכלל נישט אַרבעטן אַלס לערער, ביז איך וועל באַקומען מיין רעהאַביליטאַציע. ס׳מוז נאָך אַ ביסל דויערן. דערווייל טאָר איך נישט ווינען אין קיעוו, ביי זיך אין הויז, צוזאַמען מיט מיין פרוי און זון און נישט אַרבעטן אַלס לערער.

— וואָס זשע שטייט איר? זעצט זיך אַנידער און לאָמיר נעמען צו ביסלעך בראָנפן און טאַקע צובייסן אויך.

אויפן טיש האָבן זיך באַוויזן אַ פּאָר שטיקלעך ברויט, אַ פלעשל מיט בראָנפן און אַ פּאָר זויערע אוגערקעלעך.

— נו, לחיים! לאָמיר טרינקען פאַר אַלטער גוטברודערשאַפט! מיר זאָלן שוין אַלע נישט וויסן פון קיין טורמעס און לאַגערן!

— וווּ זשע ווינט איר, מאַרקאָוויטש?

— כאַטש דאָס ווערטל קלינגט: — פון דער טורמע און פון דער טאָרבע קען מען נישט זיין באַהיט! לחיים! זדראַווענקי בולי! לאָמיר זיין געזונט! — האָט אויך די פרוי אויסגעטרונקען.

— פאַרמאַלדן בין איך אין דאָרף וואַסילקאָוו, אָבער וווּ צו נעכטיקן האָב איך נאָך נישט. און קיין אַרבעט האָב איך נישט.

— צי וואָלט איר, יאָוועל מאַרקאָוויטש, געקאָנט ביי אונדז פירן די שול־בוכהאַלטעריע? מיר ווילן זיך אָפּטיילן פון דער אַלגעמיינער קוסט־בוכהאַלטעריע, אין קיעוו. מיר האָבן שוין אפילו דערויף אַ דערלויבעניש פון דער שול־אָפּטיילונג. איר, אַלס מאַטעמאַטיקער וואָלט זיכער געקענט די אַרבעט. ס׳איז אָבער אַ קליינע באַלוינונג, אין גאַנצן אַ האַלבער לוין, 200 רובל אַ חודש.

מיין האַרץ האָט אַזש אַ צאַפּל געטאָן פון פרייד.

— איך בין מסכים. די אַרבעט איז נישט קיין שווערע. איך האָף נאָך צו באַקומען אַ געוויסע אינוואַלידן־פּענסיע. איך וועל האָבן אויף אויסצו־האַלטן זיך. דער עיקר, איך וויל ווינען אין וואַלד און האָבן אַן אָרט צו נעכטיקן.

— דאָס איז אַ קלייניקייט. אָט דאָרט, אין דער טיף פונעם וואַלד, האָבן מיר אַ געבײַדע פון עטלעכע צימערן. אין איין צימער ווינט אַן על־

טערע פרוי און אויך אונדזער רוימערין. דאָרט וועט איר האָבן אַ צימער פאַר דער בוכהאַלטעריע און דאָרטן וועט איר קאָנען שלאָפן.

— אַ דאַנק אייך! — האָב איך אַ שטאַרקן דרוק געטאָן דעם דירעקטאָרס האַנט.

— מען דאַרף אָבער וועגן דעם אַ שמועס טאָן מיטן סעקרעטאַר פון אונדזער פאַרטיי־גרופּע, טאַקע מיט אונדזער מאַטעמאַטיקער פיליפּ גאַוורילאָוויטשן. מיר אַרבעטן מיט אים האַנט ביי האַנט. אויך זיין פרוי סאָפיע גריגאָריעוונע איז ביי אונדז די פאָרזיצערין פון אָרטיקן פּראָפעסיאָנעלן קאָמיטעט. איר קענט זיי דאָך?

— מיט סאָפיע גריגאָריעוונען האָב איך זיך געטראָפן אין דער שול־אָפּטיילונג. זי וועט זיכער מיר העלפן.

— כאַפּט זיך טאַקע איצט צו זיי אַריבער, זיי וווינען נישט ווייט. נאָר דערציילט זיי נישט, אַז איך האָב אייך פאָרגעלייגט די אַרבעט. זאָלן זיי אַליין אייך פאָרלייגן. אַזוי וועט בעסער זיין. איך מיין, אַז אַלץ וועט גוט זיין! טאָ לאָמיר נאָך אַ מאָל אויסטרינקען צו גלעזלעך משקה. — זדראַוועננקי בולי — צום געזונט!

## דער קאַמף פאַר מאַכט

דער דירעקטאָר אַליין האָט מיך באַגלייט אויפן וועג צו דעם הויז פון פיליפּ גאַוורילאָוויטשן. ער איז געגאַנגען שווייגנדיק און וועגן עפּעס געטראַכט. אפשר וועגן זיין ראָל, וואָס אים קומט אויס צו שפּילן אַלס דירעקטאָר. זיינער אַ מיטאַרבעטער, זייענדיק דער סעקרעטאַר פון דער פאַרטיי־גרופּע, זאָל האָבן מער מאַכט, אַפילו אין די אַדמיניסטראַטיווע ענינים, פון אים. מען קאָן זיך פילן באַליידיקט. אָבער אין ראַטנפאַרבאַנד פירט זיך אַזוי: די פאַרטיי לאָזט נישט אַרויס פון אירע הענט די מאַכט, זי וואַרפט אפילו אָן איר ווילן די, וואָס שטייען העכער פון די סעקרעטאַרן, סיי אין דער אַרבעט, סיי אין זייער ראַנג. צוקומענדיק גאָר נאָענט צו דעם הויז, האָט דער דירעקטאָר אַ זאָג געטאָן:

— אין דער שטוב וווינען זיי, איך מוז זיך צוריקקערן, ווייל איך האָב אין דער היים אַ וויכטיקע אַרבעט. גייט! און זייט מצליח! דערציילט זיי נישט, אַז ביי מיר האָט איר כמעט געפּועלט. זיי דאַרפן מיינען, אַז די איניציאַטיוו איז זייערע, נישט מיינע. און דער עיקר, אַז די טובה האָבן זיי איך געטאָן, נישט איך. —

איך האָב געפילט, אַז די ווערטער זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן מיט סאַרקאַזם און אַז זיי האָבן אים פאַרשאַפט עגמת נפש.

ער האָט זיך אַ ביסל צוריקגעקערט און צוגעגעבן:

— נעכטיקן קאָנט איר ביי אונדז, אין דער געבײַדע פון דער צוקונפ־טיקער בוכהאַלטעריע, אפילו היינט. דאָרט שטייט שוין אַ בעט נאָך פון פאַראַיאָרן, מיט אַ מאַטראַץ. דעם שליסל וועט איר נעמען ביי אונדז.

אַ דאַנק אייך, אַ גרויסן דאַנק אייך, אַפּאָנאַסיע סטעפּאַנאָוויטש! האָב איך געענטפערט מיט האַרציקער געריכטקייט.

פיליפּ גאַוורילאָוויטש מיט זיין פרוי סאָפיע גריגאָריעוונע האָבן גע־וווינט אין אַ באַזונדער איינשטאָקיק הויז, וואָס איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ פאַרקן פון שטעכלדיקע דראָטן. דער אַריינגאַנג — דורך אַ שמאָל הילצערן טירל. דער הויף איז אַ גרויסער מיט אַ ברונעם אין דער מיט, מיט קלומבעס פון פאַרשידן־קאָלירטע בלומען, וואָס לאָזן פילן זייערע ריחות פון דער ווייטנס. דער ריח פון די מעטעאָלן־בלומען איז שטאַרקער פון אַלע אַנדערע. אים, פיליפּ גאַוורילאָוויטשן, האָב איך טאַקע געטראָפן צווישן די בלומען.

עס איז געווען פאַרנאַכט־צו. ערגעץ־ווו האָט זיך די זון שוין אַראָפּ־געלאָזט אַלץ נידעריקער. אַ פאַרנאַכטיק, מילד ווינטל האָט געבלאָזן. אַ נעפּל האָט זיך ווי אַראָפּגעלאָזט פון דער הויך אויף דער ערד.

פאַר מיר איז געשטאַנען אַ הויכער, פולער, מיטליאָריקער מאַן מיט אַן איינגעהאַלטענעם שמייכל אויפן פנים, מיט קליינע אויגן און אַ פאַררײַ־סענער נאָז. ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט אַ לייקע מיט וואַסער. ער האָט באַגאָסן די בלומען. ער האָט עס געטאָן מיט דער גענײַטקייט פון אַ פויער, וואָס האָט ליב די נאַטור, די געוויקסן און אַממערסטן בלומען. ס׳ווייזט אויס, האָב איך געטראַכט, אַז זיין ווייב האָט אים שוין דערציילט

וועגן אונדזער באַגעגעניש, דעריבער האָט ער מיך באַלד דערקענט און וואַרעם אויפגענומען:

— האַ, יאָוועל מאַרקאָוויטש, ברוך הבא! זייער אָנגענעם, וואָס איר האָט אין אונדז נישט פאַרגעסן. דאָבראָ פּאָזשאַלאָוואַט! אַ באַרג מיט אַ באַרג באַגעגענען זיך נישט, אָבער אַ מענטש מיט אַ מענטשן... ווי לאַנג האָבן מיר זיך שוין נישט געזען?

— איך מיין, אַז העכער דריי יאָר זענען פאַריבער. צוויי מיט אַ האַלבן יאָר בין איך געזעסן, נאָכן באַפרייען פונעם לאַגער פאַר דער צייט, בין איך געלעגן אין שפּיטאָל. יאָ, אַ קנאַפּע דריי יאָר. כאָטש יעדן יאָר קאָן מען טאָפּלען אויף צען...

— אַבי איר זענט שוין אויף דער פריי. ווען נישט די באָרד, וואָלט איר געווען דער פריערדיקער יאָוועל מאַרקאָוויטש, מיט די שמייכלדיקע אויגן און פריילעך פּנים. צוליב וואָס דאַרפט איר זי, די באָרד? זי מאַכט אייך עלטער, ווי איר זענט. כאָטש זי פּאַסט אייך דווקא: מער סאָלידער, ערנסטער און דערציילט וועגן אַדורכגעלעבטן. נו, קומט אַריין צו אונדז. סאָפיע גריגאָריעוונע ריכט זיך אויף אייך.

סאָפיע גריגאָריעוונע האָט זיך געפּאָרעט אין שטוב און געגרייט צום טיש. אין דער היים איז זי מער צוגעלאָזט שוין געווען. אַזוי נישט קיין הויכע, האָט זי נאָך נידעריקער אויסגעזען. אירע געקרייזלטע, בלאָנדע האָר האָבן ווי געטאַנצט ביי איר שנעלן אַדורכגיין, די יידישע, קלוגע אויגן האָבן זייער וואַרעם געשמייכלט. עס האָט זיך געפילט, אַז זי איז שטאָלץ ביי זיך, פילט איר מאַכט, אפילו איבער איר פעסטן מאַן, כאָטש ער איז דער סע־קרעטאַר פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. דאָך באַמיט זי זיך, אַז אַנדערע זאָלן עס נישט באַמערקן, וואָס קאָן, חלילה, אַראָפּנידערן זיין אויטאָריטעט.

דער טיש איז געווען געגרייט מיט אַלדאָס גוטס. אפילו געזאַלצענער קאַוויאָר האָט נישט געפעלט. נישט בלויז וואָדקאַ, נאָר אויך אַנדערע גע־טראַנקען זענען געשטאַנען אויפן טיש. דאָס געשיר האָט געגלאַנצט, צו עטלעכע טעלער איז געווען צוגעגרייט פאַר יעדן איינעם. בכלל האָט די שטוב אויסגעזען באַלעבאַטיש. אין די ווינקלען זענען געשטאַנען שיינע בלומענטעפּ מיט פרישע רויזן, אַ הויכער פילידענדער מיט צעשפּאָלטענע

גרינע בלעטער האָט פאַרנומען אַן היפּש אָרט, ביי דער וואַנט אַ פּיאַנאָ, וואָס האָט געגלאַנצט מיט שוואַרצן לאַק. אויף די פענצטער זענען געהאָנגען דינע, טיולענע פאָרהאַנגען. אויך די באַלייכטונג פון דער קאָרדיליאַברע איז געווען אַ נישט צו העלע, וואָס האָט באַחנט דעם אָרום. זי, סאָפיע גרי־גאָריעוונע, האָט געמעגט זיין שטאָלץ מיט איר באַלעבאַטישקייט. אירע פעיקייטן האָט זי מן־הסתם געגאַשט פון איר יידישער מוטער, וואָס וווינט אין דער גרויסער שטאָט.

איך האָב זיך כמעט אָנגעזעטיקט ביים איבערכאַפּן ביי באָריסוקן, דאָך האָב איך נישט געוואָלט באַליידיקן דער באַלעבאָסטע, וואָס האָט זיך אַזוי באַמיט לכבוד מיין קומען. האָב איך טאַקע טועם געווען פון יעדער זאַך צו ביסלעך. פאַר קיין גרויסן טרינקער האָבן זיי מיך נישט געהאַלטן. ער, דער באַלעבאָס, האָט געטרונקען אַ סך מער פון מיר, אָבער אונטערהאַלטן אים האָב איך געמוזט.

ענדלעך זענען מיר אַריבער צום עיקרדיקן געשפּרעך וועגן אַרבעט פאַר מיר און וועגן אַן אָרט צום שלאָפן.

— נישט געזאָרגט, מאַרקאָוויטש, אין גיכן וועט איר באַקומען אייער רעהאַביליטאַציע און איר וועט ווייטער אַרבעטן אין דער צווייטער שול, אַלס לערער פון מאַטעמאַטיק. עס קומט אייך. איך געדענק נאָך אייער רע־פעראַט אויפן ראַט פון די מאַטעמאַטיקער וועגן פּאָליטעכניזאַציע אויף די לעקציעס פון מאַטעמאַטיק. זייער אַ וויכטיקער רעפעראַט געווען.

— אוודאי איז גוט, וואָס איך בין שוין אויף דער פריי. נישט מער איך נויטיק זיך אין אַ צייטווייליקער אַרבעט, אפילו פאַר אַ נידעריקן לוין. איך נויטיק זיך אין אַן אָרט צו שלאָפן. איך וועל געוויס באַקומען אַ פּענ־סיע, אַלס אינוואַליד — וועט מיר קלעקן.

— וואָס? איר זענט אַן אינוואַליד? עס גלויבט זיך נישט! אַזאַ גע־זונטער חברהמאַן, ווי איר זענט געווען — אַן אינוואַליד גאָר! — האָט מיט באַדויער אַרויסגעזאָגט סאָפיע גריגאָריעוונע.

— און ווער קומט פון דער זאַפּאָליאַריע נישט קיין אינוואַליד? אַז ס׳פעלט זויערשטאָף צו אָטעמען, אַז די קעלטן פרעסן דיך אויף לעבעדי־

קערהייט, אַז דאָס עסן איז קאַרג מיט וויטאַמינען — ווי קען מען געזונט זיין ?! — האָב איך דאָך אַרויסגעזאָגט מיט איינגעהאַלטענער פאַרביטערונג.

— שאַ ! מיר איז איינגעפאַלן אַ געדאַנק : אַלס מאַטעמאַטיקער קאָנט איר זיכער אויך בוכהאַלטעריע. אין וואָס באַשטייט די בוכהאַלטעריע ביי אונדז אין שול ? פאָרן קיין קיעוו נאָך געלט, אויספירן די לוין־ליסטע און אויסצאָלן די לוינען. — דאָס איז כמעט אַלץ. — האָט טריומפירנדיק אַרויסגעזאָגט סאָפיע גריגאָריעוונע.

— ס׳איז אַ געדאַנק, סאָפינקע ! אין דעם צימער פאַר דער בוכהאַל־טעריע וועט איר קאָנען שלאָפן. אין וואַלד וועט איר זיך בעסער פילן. אויך אייער פרוי וועט קאָנען צו אייך קומען. עס איז אַ געדאַנק ! — אָבער נישט מיר קאָנען דעצידירן וועגן דעם. עס באַלאַנגט צו די קאָמפּעטענצן פונעם דירעקטאָר. איך בין נישט זיכער, אַז ער, באָריסוק, וועט איינגיין דערויף — האָט מיט אַ לייכטער איראָניע זיך אַרויסגעזאָגט דער סעקרעטאַר פון דער פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע.

— פאַר וואָס זאָל דער דירעקטאָר נישט איינגיין ? ער האָט דאָך אַ מאָל געאַרבעט צוזאַמען מיט יאָוועל מאַרקאָוויטשן אין דער שול־אָרגאַני־זאַציע.

— און אַז מען וועט דאַרפן, וועלן מיר אים איינבייסן. — האָט פיליפּ זיך אַרויסגעזאָגט מיט אַן איראָנישן שמייכל.

— אוודאי, די פאַרטיי און דער פּראָפ.־קאָמיטעט פאַרמאָגן דאָך אַ וואָגיק וואָרט — האָט סאָפיע גריגאָריעוונע טיף אַריינגעקוקט איר מאַן אין די אויגן אַריין.

דערביי האָב איך אַ טראַכט געטאָן : — זאָל זיין פונעם קאָזאַק — אַבי צום לעבן. איך בין געוועזן כמעט זיכער, אַז אָט די קליינינקע סאָפיע, מיט איר קודלאַטער, בלאָנדער טשופּרינע, מיט די יידישע, קלוגע אויגן, וואָס בליקן מיט ענערגיע, מיט פּקחות, מיט איר קליין מיילעכל, וואָס באַ־וועגט זיך שנעל ווי אויף „פּאָדשיפּניקעס" — זי קען הערשן איבער איר מאַן דעם פאַרטיי־סעקרעטאַר און דורך אים ווירקן אויך אויפן דירעקטאָר. מילא ! אַז זי קען — איז זי ווערט.ביידע האַלטן אין טאַש די רויטע פאַר־

טיי־ביכלעך. ביידע געהערן צו דער סמעטענע פון דער סאָוויעטישער געזעלשאַפט. ווי גוט, וואָס זיי ביידע ווילן מיר העלפן.

איך האָב זיי געדאַנקט פונעם גאַנצן האַרצן, פאַרשטייענדיק, אַז אין מיין לעבן קומט צוריק דאָס גוטע, וואָס איך האָב, אָן שום סיבה, פאַרלוירן.

אויפן וועג צוריק, צו דעם דירעקטאָר, האָב איך געטראַכט: —

— ביי וועמען איז באמת די מאַכט?

— די יידישע טאָכטער, סאָפיע גריגאָריעווונע, די פרוי פון אַן אוקראַיִנער, אַ מאַמע פון אוקראַיִנישע קינדער, אַ דערצויגענע אויף דער רוסישער און אוקראַיִנישער שפּראַך און קולטור — דאָך איז ביי איר פאַרבליבן דאָס יידישע האַרץ, דער יידישער מיטגעפיל צו דער נויט פון אַ מענטשן בכלל און צו אַ יידן בפרט...

אין האַרצן האָט געברויזט אַ שטאַרקער געפיל פון שטאָלץ, וואָס איך בין אַ ייד...

צי וועלן אָבער אירע קינדער נישט פאַרגעסן, אַז זייער מוטער איז געווען אַן יידישע? צי וועלן זיי נישט ווערן פאַרבאַהאַלטן זייער יידישן שטאַם, דורך אַרויסווייזן גלייכגילטיקייט לגבי דעם גורל פון די יידן, אָדער אפילו אונטערהאַלטן אַנטיסעמיטישע האַנדלונגען לגבי יידן? ווי וועט זיין זייער מיין וועגן דעם יידישן לאַנד? צי ווען זיי זיך אינטערעסירן מיט דער יידישער געשיכטע? צי וועט זיי אָנגיין דער אומקום פון אַ דריטל פונעם יידישן פאָלק? עס איז שווער צו ענטפערן אויף די אָנגעווייטיקטע פראַגן פּאָזיטיוו. די סאָוויעטישע דערציונג באַרירט נישט די דאָזיקע פראַגן. זי דערווייטערט אָפילו די יידן פון די דאָזיקע פּראָבלעמען. אַסימילאַציע, אינטעגראַציע — איז ביי זיי ווייט נישט געלונגענע לייזונג פון די פּראָבלעמען. דעם נוצלעכן ייד: דעם געלערנטן, דעם מוזיקער, דעם שאַכמאַטיסט דולדעט מען נאָר ביז דאַן, ווען ער ווייזט נישט אַרויס קיין נאַציאָנאַלע פאָדערונגען, ווען ער זינגט מיט אין כאָר פון די קעגנער פון דער יידישער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ, פון דער יידישער נאַציאָנאַלער קולטור און ליטעראַטור, פון דער יידישער זעלבסטשטענדיקער מדינה...

# די ערשטע נאַכט אין וואַלד

אַפאַנאַסיע סטעפּאַנאָוויטשן האָט דווקא געפרייט, וואָס דער סעקרע־טאַר פון דער פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע און די פּאָרזיצערין פונעם אָרטיקן פראָ־פעסיאָנעלן קאָמיטעט האָבן מיר פאַרגעלייגט דעם פּאָסטן פון דעם שול־בוכהאַלטער. ווי ס׳זאָל זיך נישט מאַכן, האָט ער מיט זיין כיטרען אוקראַי־נישן פאַרשטאַנד געהאַלטן, אַז איך בין פאָרט נישט קיין רעהאַביליטירטער. צוליב וואָס דאַרף ער טראָגן אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט? עס האָט אים אויך געפריידט, וואָס ער האָט באַקומען אַ זעלבסטשטענדיקן בוכהאַל־טער פאַר אַ האַלבן לוין. ווער וואָלט געוואָלט אָננעמען אַזאַ אַרבעט פאַר אַזוי ווייניק פאַרדינסט?

איך בין אוודאי געווען צופרידן, וואָס איך האָב שוין ווו צו נעכטיקן. איך וועל אַרבעטן און ווייניקער טראַכטן. היינט — וויפל געזונט קען צוקו־מען, ווען מען וווינט אין אַ סאָסנע־וואַלד, אָטעמענדיק מיט דער גוטער, ריינער לופט? איך מינדעלע וועט קאָנען געניסן פון אַ דאַטשע במשך פונעם שבתדיקן און זונטיקדיקן טאָג. אין קיעוו וועט מיר אויסקומען צו זיין אַ פּאָר מאָל אין דער וואָך אין באַנק, אָדער אין דער שול־אָפּטיילונג, וועל איך זיך טרעפן מיטן זון.

דער דירעקטאָר האָט מיך אַוועקגעפירט אויף מיין נייעם וווינאָרט. די הילצערנע צוגאָב־געביידע פון דער שול געפינט זיך אַ דריי הונדערט מעטער פון דער שול. דריי צימערן זענען נישט באַוווינט. אין דער לינקער זייט פאַרנעמט איין צימער אַן עלטערע פרוי, די מוטער פון דעם שטאָט־פּרעזידענט איוואַנאָוו. זי וווינט שוין אין דער געביידע אַ סך יאָרן. זי האָט צוזאַמען מיט איר מאַן און קינדער פאַרנומען דאָס גאַנצע הויז. איצט וווינט זי איינע אַליין — איז פאַר איר גענוג בלויז איין צימער. אין אַ צווייטן צימער וווינט צייטווייליק אַ רוימערין פון דער שול. דעם צימער פון דער בוכהאַלטעריע וועט זי אויך אויפרוימען און ווינטער באַהייצן. דער דירעק־טאָר האָט געוואָלט דער עלטערער פרוי איוואַנאָווען וואָרענען, אַז אין שכנותדיקן צימער וועט נעכטיקן דער בוכהאַלטער פון דער שול, זי זאָל זיך נישט דערשרעקן. זי איז שוין געלעגן אין בעט און באָריסוק האָט איר

מודיע געווען דורך דער פאַרמאַכטער טיר. דער צימער פאַר דער בוכהאַל־טעריע איז געווען גענוג גרויס. דאָס איינציקע פענצטער איז געווען פאַר־מאַכט און פאַרשטעלט מיט אַ דרויסנדיקן לאָדן. אַריינקומענדיק האָבן מיר דערפילט אַ טוכלען ריח. דער צימער איז שוין לאַנג נישט געלופטערט גע־וואָרן. ביי דער וואַנט איז געשטאַנען אַן אייזערן בעטל מיט אַ מאַטראַץ אויף אים. אַ פשוטער טיש און אַ הילצערנער טאַבורעט. דער דירעקטאָר האָט מיר צוגעזאָגט צו שיקן מיט דער רוימערין אַ קאָלדרע און אַ קישעלע.

— אַ דאַנק! ס׳איז נישט נויטיק אייער באַמיען זיך. איך וועל ברענ־גען אַלץ פון דער היים. קיין פריץ בין איך נישט. איך בין שוין אָפּגע־וווינט פון באַקוועמלעכקייטן.

— מאָרגן וועלן מיר צוזאַמען פאָרן אין דער שול־אָפּטיילונג, צום הויפּט־בוכהאַלטער נאַטאַן באָריסאָוויטש און אין דער געמיינזאַמער קוסט־בוכהאַלטעריע. דאָרט אַרבעטן אַלע אייערע באַקאַנטע. זיי וועלן אייך וועגן אַלץ אינפאָרמירן.

— אַ גוטע נאַכט! — און ער איז מיט שנעלע טריט אַוועק צו זיך אַהיים.

איך בין פאַרבליבן אַליין אין וואַלד. אַ פינצטערניש האָט איינגעהילט דעם אַרום און דעם וואַלד. די שפּאַצירנדיקע לבנה האָט געשיקט, ווי אַ גרוס, איר אָרעמע שיין. פון דער ווייטנס האָט זיך דערטראָגן אַ וואָיען פון הינט. ערגעץ־ווו האָט אַ פּיקהאָלץ געלאָזט הערן זיין נאַכט־תפילה: — פּיק־פּאַק... פּיק־פּאַק...

איך האָב ברייט צעעפנט די טיר און אויפגעפּראַלט דאָס פענצטערל. אַ פרישער שטראָם פון דער וואַלדיקער לופט האָט זיך אַריינגעריסן אין צימער אַריין. דער אָוונט איז נישט געווען קיין קאַלטער. די הויכע ראָזלעכע סאָסנע־ביימער, מיט די טונקל־גרינע קרוינען אין דער הויך זענען געשטאַ־נען גלייך און נישט באַוועגט זיך. פון דער רעכטער זייט האָט זיך דער־הערט אַ שניידנדיקער פייף פון אַדורכלויפנדיקן משא־צוג. דער שוואַרצער רויך האָט זיך געצויגן זיגזאַגיש אין דער הויך. דער צוג איז פאַרשוווּנדן מיט דער שיין פון זיינע הינטערשטע לאַמטערנס. דער פייף האָט צערודערט די פלעדערמייז. זיי האָבן שווינדלדיק זיך אַדורכגעטראָגן אין דער לופטן.

פון דער ווייטנס האָב איך דערהערט טריט פון עמיצן, וואָס איז געגאַנגען אין דער ריכטונג פון מיין צימער אין דער נאַכטיקער שטילקייט הערט זיך יעדער טראָט באַזונדער: טריט־טראָט, טריט־טראָט...

דאָס איז די רוימערין שוין געקומען פון דער אַרבעט צו זיך אַהיים. זי האָט מיר געבראַכט אַ קישעלע מיט אַ קאָלדרע, וואָס דער דירעקטאָר האָט פאַר מיר געשיקט.

— דאָברי וויעטשיר! (אַ גוטער אָוונט!) דאָ האָט איר אַ קאָלדרע זיך צוצודעקן. די נעכט זענען שוין קאַלטע, מען קאָן זיך פאַרקילן.

— אַ דאַנק!

— מאָרגן וועל איך אויפרוימען דעם צימער, אויסוואַשן דאָס פענצ־טער און טירן. אפשר דאַרפט איר וואַרעם וואַסער? — וועל איך אייך באַלד ברענגען. איך ווין דאָ דערנעבן. אין דער פרי וועל איך אייך ברענגען טיי.

— אַ דאַנק! איצט פעלט מיר גאָרנישט. אַ גוטע נאַכט!

— דאָבראַניטש! אַ גוטע נאַכט! און זי איז אַוועק צו זיך אין צימער.

ס׳ווייזט מיר אַלץ אויס, אַז ס׳קומט מיר נישט אַזאַ וואַרעמע באַציונג צו מיר. איך בין אַזוי דאַנקבאַר יעדער איינעם, וואָס איז גרייט עפּעס צו טאָן פאַר מיר. ווענדן זיך צו עמיצן, עפּעס בעטן — דאָס קאָן איך נישט טאָן, אָבער ווען עמיצער רופט זיך אַליין אָפּ, ווייזט אַרויס מיר וואַרעמע געפילן, בין איך אים זייער דאַנקבאַר. איך קלער נאָר, ווי אַזוי אָפּצוצאָלן מיט דעם זעלבן דעם, וואָס טוט פאַר מיר עפּעס גוטס.

איך בין שוין געווען מיד. איבערלעבונגען מאַטערן אויך אויס. הייסט עס, האָב איך געטראַכט, אַז מענטשן, מיינע באַקאַנטע, האָבן נישט פאַר־לוירן זייער צוטרוי צו מיר. גאָר ווייניק האָבן, ווייזט אויס, געגלויבט, אַז איך בין געווען שולדיק. אייניקע האָבן געגלויבט, אַז ס׳איז געווען אַ פאַר־דריסלעכער טעות ביים אַרעסט און פאַרמישפּטן. אייניקע, מער דערפאַרענע, האָבן געהאַלטן, אַז איך בין געווען דער אָרדנטלעכער קרבן פון דער רע־וואָלוציע און פון דער סאָוויעטישער מאַכט... נישט דער ערשטער און נישט דער לעצטער...

# די עלטערע מוטער

נאָך דעם, ווי די ערשטע זונען־שטראַלן האָבן זיך אַדורכגעריסן דורך די שפּאַלטן פונעם לאָדן צו מיר אין צימער אַריין, האָב איך שוין נישט געקאָנט שלאָפן, כאָטש ס׳איז נאָך געווען קאַיאָר. אויך די עלטערע פרוי, וואָס האָט געוווינט איבער דער וואַנט איז אויך, ווייזט אויס, נישט געשלאָפן. פון דאָרט האָט זיך געהערט אַ שלוכצן. אויף די עלטערע יאָרן שלאָפט זיך נישט, האָב איך אַ טראַכט געטאָן. צי בין איך דען אויך אַן אַלטער מאַן? אַ מאַן, אין עלטער פון 52 יאָר איז קיין אַלטער נישט. ער דענקט און אַרבעט, באַוועגט זיך אַ סך און האָט נאָך אַ סך פּלענער צו פאַרווירקלעכן. אמת, די טורמע און לאַגער האָבן מיך פריצייטיק פאַרעלטערט, אָבער איך גיב זיך נישט אונטער: איך קעמף פאַר מיין עקזיסטענץ אויף דער פריי. איך בין גאָרנישט אַנטוישט מיטן לעבן. דאָס גוטע קאָן מען פאַרלירן מיט אַ מאָל, אָבער דאָס צוריקקערן עס קומט אָן שווערער, בהדרגהדיק און מיט גרויסער מי. אוודאי איז באַקוועמער און בעסער צו שלאָפן אין דיין אייגן בעט, אין דיין הויז, צוזאַמען מיט דיין פרוי און זון, אָבער ערשט נעכטן האָב איך בכלל נישט געהאַט קיין אָרט צו נעכטיקן. דאָס געלעגער איז האַרט, אויפן אויסגעקוועטשטן סיענניק, אָן אַ ליילעך, אונטער אַ לייכטער בייקענער קאָלדרע, ווען די האַרבסטיקע ווינטן בלאָזן אַריין און ס׳איז שוין כמעט קאַלט. איך קאָן אָבער אויך זיין צופרידן אין דער לאַגע. דער עיקר, נישט פאַרלירן די האָפענונג, אַז עס איז בלויז אַן איבערגאַנג צום בעסערן, צום נאָרמאַלן לעבן.

איך האָב זיך אַראָפּגעכאַפּט פונעם געלעגער, עטלעכע מאָל אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ אויף רעכטס און אויף לינקס, כדי צו לינדערן די שטייפקייט פון זיין צו־נידעריק ליגן, אַ פּאָר לייכטע גימנאַסטישע איבונגען — און איך בין ווידער פריש און רירעוודיק.

איך האָב אויפגעפּראַלט די טיר. אַ קילער שטראָם פון דער פרישער לופט האָט אַזש פאַרכאַפּט מיין אָטעם. די ערשטע זונען־שטראַלן האָבן זיך דורכגעשפּאַרט דורך די קרוינען פון די הויכע סאָסנע־ביימער און געבראַכט מיט זיך אַ קאַרגע וואַרעמקייט. דער קאַלאַפּאָניע־ריח, ווי בשׂמים, האָט

זיך דערטראָגן און דורכגערייניקט די וועגן צום אָטעמען. עס אָטעמט זיך אַזוי לייכט, דאָס האַרץ אַרבעט שוין רעגלמעסיקער, אָן שום מי באַקומט עס אַ געזונגנדיקע דאָזע שפּייז. פון דעם געדאַנק באַווייזט זיך אַ שמייכל אויף מיין געזיכט און ס׳נעמט מיך אַרום אַ פרייד...

עס האָט זיך מיר פאַרגלוסט צו מאַכן אַ שפּאַציר אין וואַלד אַריין. די נעדעלעך פון די יאָדלעס און סאָסנע־ביימער האָבן נישט אויפגעהערט צו גרינען. די ראָסע האָט זיי פייכט געמאַכט און זיי האָבן געבלישטשעט, ווי גרינע איידל־שטיינער. זעלטן האָב איך געטראָפן אַ צעצווייגטן דעמב. ער האָט שוין באַוויזן אָפּצושיטן זיינע געל־גאָלדענע בלעטער אויף דער מאָ־כיקער ערד. דער וואַלד איז פול געווען מיט שישקעס, קליינע נאָך פאַר־מאַכטע און גרעסערע שוין צעפּיקטע מיט ברוינע, האַרטע שיפן.

אין דער ווייטנס האָבן די ברוינע, שלאַנקע וויעוויערקעס אַריבער־געשפּרונגען פון צווייג צו צווייג, פון בוים צו בוים, ווי אַקראָבאַטן, נישט באַמיענדיק זיך אפילו אַראָפּצוגידערן אויף דער ערד. זיי האָט נישט גע־שטערט מיין שטילער שפּאַציר איבער דעם געלבלעכן מאָך און בלעטער, ווי אויף אַ ווייכן טעפּיך. די איינצעלנע שישקעס, וואָס זענען אַראָפּגעפאַלן פון די ביימער, אַ מאָל אויך אויף מיין קאָפּ, אָדער נעבן מיינע פיס, האָבן אפשר די פלינקע חייהלעך אַראָפּגעשלײַדערט פון אויבן, ווי זיי וואָלטן זיך געשפּילט מיט מיר, אָדער מיך געוואָלט פאַרטרייבן פון וואַלד.

אָפּגעגאַנגען בין איך אַ געוויסן מהלך און געלאָזט זיך אויף צוריק. איך האָב נישט געוואָלט ווייט פאַרקריכן, דאָס ערשטע מאָל, מען זעט שוין כמעט נישט דאָס הויז, אין וועלכן איך האָב גענעכטיקט. גאָר ווייניק פייגל פליען אַרום. ס׳ווייזט אויס, אַז מערסטנס פון זיי האָבן שוין פאַרלאָזט זייערע נעסטן און זענען אַוועקגעפלויגן אויף זייערע דאַטשע־ערטער, קיין דרום, אין די וואַרעמע לענדער. אַ טייל פון זיי קיין ישראל, וווּ דער ווינטער איז גאָר נישט קיין קאַלטער, בלויז האַרבסטיקע רעגנס, אין ווינטער — אַ שטענדיקע וואַרעמקייט פון דער זון, כמעט אייביקער זומער. פאַר וואָס בין איך שטעקן געבליבן דאָ און נישט געלאָזט זיך, ווי די פייגל, אין מיין לאַנד אַריין, אין לאַנד פון מיינע אָבות? מיין שטראָף דערפאַר האָב איך שוין באַקומען, אַ שווערע שטראָף. און נאָך דעם, צי וועל איך נאָך דערלעבן

צו געניסן פון דער וואַרעמער מילדקייט, פון דער שטאָלצער זעלבסטשטענ־דיקייט אין מיין אייגן לאַנד ?...

צוריקקומענדיק צו דעם הויז האָט מיך באַגעגנט מיט איר ברייטן שמייכל אַן עלטערע פרוי. אַ מיטלוווקסיקע, ברייטע אַלטעטשקע אין אירע ווינטערדיקע קליידער, וואָס האָבן זי געמאַכט ברייטער, ווי זי איז געווען. לויטן אויסזען, איז זי געווען אין די זיבעציקער יאָרן. אַ סך דינע קנייטשן האָבן דורכגעשניטן איר פנים, איבערהויפּט דעם שטערן און ביים מויל, וואָס איז געווען פאַרזשמורעט, ווי איינגעשרומפּן.

— אַ גוטער מאָרגן אייך! — האָב איך דער ערשטער זי באַגריסט.

— אַ גוט יאָר! — האָט זי אָפּגעענטפערט מיט אַ שמייכל, דערביי אַרויסגעוויזן אירע פריש אויסגעוואַשענע קינסטלעכע ציין. — איך ווייס שוין, ווער איר זענט, דער בוכהאַלטער פון דער שול. דער דירעקטאָר האָט מיך באַצייטנס איבערגעגעבן וועגן דעם.

— יאָ, דער קומענדיקער בוכהאַלטער — האָב איך טרוקן געענט־פערט.

— עס פרייט מיך זייער. מיך רופט מען איוואַנאָווואַ. — זי האָט מיר אויסגעשטרעקט איר דיקלעכע, אָנגעדראָלעטע האַנט, וואָס האָט אויסגעזען, ווי אַ פּאָנטשקע. — זייער אָנגענעם. אַ גאַנצן טאָג בין איך דאָ איינע אַליין. איך בין שוין געוווינט דערצו, אָבער ס׳איז מיר אומעטיק. איצט וועט מיר שוין היימלעכער זיין. די רוימערין קאַטיע וווינט טאַקע דערנעבן, זי איז אָבער אַ גאַנצן טאָג דאָרטן אין שול. זי קלינגט מיטן גלאָק ביי די איבער־רייסן און ראַמט צו, ווו מען דאַרף. זי קומט אַהער בלויז שלאָפן. אפשר ווילט איר טרינקען אַ גלעזל הייסע טיי. ביי מיר זידט שוין דער טשייניק.

— אַ דאַנק! איך בין אָבער נישט קיין געוואַשענער. ווו איז דאָ דער ברונעם ?

— אַ ביסל ווייט פון דאַנען, אָבער אייך וועט מען באַזאָרגן מיט וואַ־סער. דערווייל קומט אַריין צו מיר און וואַשט זיך, דערנאָך וועט איר טרינ־קען טיי.

דאָס וואַשן זיך איז פאָרגעקומען אויף אַ פּרימיטיוון אופן: אין אַ בלעכן קעסעלע, וואָס איז געהאָנגען אויף דער וואַנט, איז געווען וואַסער.

מיטן אַרויפשטופּן דעם צאַפּן איז די וואַסער פּאַמעלעך געפלאָסן דורך די זייטן. עס האָט מיר דערמאָנט דאָס וואַשן זיך אין די לאַגערן.

דער צימער איז געווען גענוג גרויס פאַר איין מענטשן. דער אַריינגאַנג איז גלייך פון דער גאַס. די ווענט העל־ווייסע, אויסגעקאַלכטע. דאָס בעט איז געווען פון האָלץ, נאָך נישט פאַרבעט, צוויי פּערענעס, איינע אונטן, די צווייטע אויף צוצודעקן זיך; ביי דער זייט אַ קיכל. אין אַ קיישל זענען גע־לעגן שישקעס. מיט זיי ווערט דאָס קיכל געהייצט. שישקעס פעלן נישט אין וואַלד, האָלץ אויך נישט, אָבער די שישקעס איז לייכטער צו זאַמלען. זיי צעברענען זיך לייכט און פלאַמיק, אָבער זייער היץ וואַרעמט נישט לאַנג, מען מוז אַלע מאָל אונטערוואַרפן צום פייער, עס זאָל נישט פאַרלאָשן ווערן. דערביי קען מען אויפזידן אַ טשייניק מיט וואַסער, אויך אָפּקאָכן אַ לעפל געקעכטס. דער טשייניק האָט טאַקע געזאָטן. זיין דעקל האָט געטאַנצט פון דער פּאַרע און געלאָזט הערן אַ שטילן גערויש. די שטוב איז געווען אויס־געפּוצט מיט אַ פאָרהאַנג אויפן פענצטער און אַ טישטוך האָט פאַרדעקט דעם טיש. די עלטערע פרוי איוואַנאָוואַ האָט זיך פּאַמעלעך געפאָרעט, אָנ־געגאָסן אין אַ טעפּל טיי. אין דער צוקער־פּושקע איז געווען אָנגעדראָביעט ווייסע שטיקלעך צוקער.

— טרינקט די טיי און וואַרעמט אָן דעם אינגעווייד. ס׳איז אַ קאַלטע נאַכט געווען. קיין האַנט און דאָס פּנים האָב איך נישט אַרויסגעשטעלט פון אונטער דער פּערענע. זומער איז דאָ זייער גוט, אָבער ווינטער... מערסטנס ליג איך אין בעט. אויף דער עלטער — ווערט קעלטער.

איך האָב מיט פאַרגעניגן געזשלאָקעט די הייסע טיי.

— נעמט צוקער וויפל איר דאַרפט. מיינע זין באַזאָרגן מיך מיט צו־קער. און נישט נאָר מיט צוקער, נאָר מיט אַלץ, אין וואָס איך נויטיק זיך... מיין עלטערער זון איז דאָך דער באַלעבאָס פון וואָרזעל. מן־הסתם האָט איר וועגן אים שוין געהערט. ער איז שוין כמעט אין די פופציקער יאָרן. אַן אויסגעדינטער אָפיציר פון דער רויטער אַרמיי. דערצו פאַרמאָגט ער אַ רויט פּאַרטיי־ביכל אויך.

דער מיטלסטער וווינט אויך נישט ווייט — אין קיעוו. ער איז אויך נישט קיין קליינע שישקע. דער איז דער נאַטשאַלניק פון דער פּאָסט און

טעלעגראַף. דער דריטער איז ווייט, אין קיבישעוו. ער איז אַ דירעקטאָר פון אַ מיליטערישער פאַבריק. אַלע זיין מיינע זענען גערעאָטענע, מיט ווייבער און קינדער. אַלע געלערנטע און פאַרטיי־לייט. דער טאַטע זייערער, מיין מאַן, זאָל רויִק רוען אין גן־עדן, האָט נעבעך, נישט דערלעבט דעם נחת, ווי איך. שוין 23 יאָר זענען אַריבער זייט ער האָט אונדז פאַרלאָזט. אַלץ האָט ער איבערגעלעבט: די ערשטע וועלט־מלחמה מיט די דייטשן, די גרויסע רעוואָלוציע, דעם בירגערקריג און צום צוויי און דרייסיקסטן יאָר זיך פלוצים פאַרקילט ביי דער אַרבעט. ער איז געווען דער דיספעטשער ביי דער אייזנבאַן דאָ, אין וואָרזעל. ער האָט באַקומען אַ לונגען־אָנצינדונג און געשטאָרבן. די קינדער זענען נאָך קליין געווען — שילער. מיר האָבן נאָך געהאַט אַ טאָכטער, די עלטסטע, די ערשטע, זי איז אין די הונגער־יאָרן, נעבעך, פון דער וועלט געגאַנגען, פון טיפוס. גיסט זיך אָן נאָך אַ גלעזל טיי און טרינקט געזונטערהייט. בייסט אויך צו מיטן פיעראָג. ער איז שוין נישט אַזוי פריש געבאַקן, נאָר געשמאַק איז ער. —

איך האָב געפאָלגט און ווייטער געטרונקען. מיך האָט אינטערעסירט איר אויספירלעכע געשיכטע.

— איר מיינט, אַז ס'איז פאַראַן פאַר וועמען זיך אויסצורעדן דאָס האַרץ? בלויז פאַר די ביימער אין וואַלד און פאַר די וויעוויערקעס און די פייגל, וואָס פליען בלויז אַריבער. איך וווין שוין דאָ לאַנג, זייער לאַנג. אַן אַנדערן וואָלט מען פון דאַנען שוין פון לאַנג אַרויסגעשליידערט, אָבער נישט מיך — איוואַנאָווען. מיין זון...

— צי וואָלט נישט בעסער געווען פאַר אייך, אין אייער עלטער, צו וווינען ביי איינעם פון אייערע גערעאָטענע זין? — האָב איך פאָרט זיך גענומען דאָס וואָרט.

— ניין, נישט בעסער. איך האָב שוין געפרווט דאָס אויך. ביי אַ טאָכטער וואָלט אפשר בעסער געווען, אָבער מיט די שנורן, ביי דער בעסטער איז גאָרנישט אַזוי גוט. כאָטש איך האָב צו זיי גאָרנישט. ווילע שנורן, זיי זאָלן מיר געזונט זיין און עלטערן זיך מיט זייערע מענער און קינדער. אַ טוץ אייניקלעך האָבן זיי מיר געגעבן. גערעאָטענע אייניקלעך. זיי קומען צו מיר איין מאָל אין דער וואָך. דער זון פון קיבישעוו קומט אויך אַהער

זומערצייט, ווען ער האָט אורלאָב און די קינדער, ווען זיי האָבן די זומער־וואַקאַציעס. איך נויטיק זיך נישט אין קיינעמס הילף, איך באַקום אַ מלוכה־פענסיע. ס׳קלעקט מיר צום לעבן. ביי די קינדער איז רוישיק. מיר פעלט נישט דער ראַדיאָ, די טעלעוויזיע. איך בין אַ וואַלדישע חיה, איך האָב ליב דעם וואַלד, די שטילקייט פונעם אַרום. דאָ קאָן מען לאַנג לעבן און דערלעבן אוראייניקלעך אַ סך. דערצו ווילט זיך נישט זיין צו לאַסט, אפילו די אייגענע קינדער. איך בין שוין עטלעכע מאָל קראַנק געווען. נו, האָט מען מיך אין שפיטאָל גענומען. איך האָב געמיינט, אַז שוין. מער וועל איך שוין נישט זען דעם וואַלד. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז מיין גאָטזעליקער מאַן רופט מיך צו זיך. אָבער די היינטיקע מעדיצין לאָזט נישט אַזוי לייכט שטאַרבן. און ווען ווילט זיך שטאַרבן? דאָס פאַרשפעטיקט מען נישט. איך האָב אייך שוין צו שטאַרק באַלעסטיקט מיט מיינע רייד. זייט נישט ברוגז! געכאַפּט אַ פרעמדן מאַן און אָנגעדולד אים אַ מוח. אַנטשולדיקט!...

## מיר פאָרן קיין קיעוו

אָפאַנאַסיע סטעפּאַנאָוויטש האָט אין דעם טאָג אָפּגעגעבן אין דער שול זיינע צוויי לעקציעס פון געשיכטע. מער ווי צוויי לעקציעס אַ טאָג איז אים נישט דערלויבט געווען צו האָבן — העכסטנס, 12 שעה אַ וואָך, כדי ער זאָל קענען ווידמען זיין צייט אויף אַדמיניסטראַטיווער אַרבעט, דערצו איז ער מחויב געווען צו באַזוכן, במשך פון עטלעכע שעה, די לעקציעס פון אַנדערע לערער. די לעקציעס פון די לערער, וואָס אונטעררריכטן די רעאַלע קעגנשטאַנדן, פלעגט באַזוכן דער פעדאַגאָגישער פאַרטרעטער זיינער פיליפּ גאַוורילאָוויטש, ער — בלויז די הומאַניסטישע. פאַר זיינע באַזוכן האָבן די לערער גאָר ווייניק מורא געהאַט. ער איז חבריש אין זיין באַנעמונג און מעסיק אין זיינע פאָדערונגען. די לערער זענען געווען זיכער, אַז ער, דער דירעקטאָר, וועט קיינעם קיין שלעכטס נישט טאָן, זיי האָבן געוווּסט, אַז קיין כבוד זוכט ער נישט. דעריבער פלעגן די לערער פאַר אים נישט פאַרבאָרגן

זייערע שוואַכע זייטן, מיט אים פלעגן זיי זיך חבריש באַראַטן וועגן זייערע אַנגעוויטיקטע פּראָבלעמען און אויך פּאָלגן זיינע עצות. דערפאַר אָבער האָבן די לערער געציטערט פאַר די באַזוכן פון פיליפּ גאַווריליאָוויטשן. ער איז געווען סיי דער פּעדאַגאָגישער פאַרטרעטער פונעם דירעקטאָר און דער סעקרעטאַר פון דער פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. ער פלעגט קומען אויף די לעק־ציעס גאָר אומגעריכט. פאַרן סאַמע קלונג האָט ער געמאָלדן דעם לערער וועגן זיין באַזוך און געפאָדערט דעם קאָנספּעקט פון דער לעקציע. ער פלעגט זיך זעצן אויף דער לעצטער באַנק אין קלאַס און נישט אויפהערן צו פאַרצייכענען דעם גאַנג פון דער לעקציע, אומבאַמערקבאַר פלעגט ער אַ נעם טאָן ביי די שילער אַן העפט, אָדער צוויי און אַריינבליקן אין אים. די לערער פלעגן צווישן זיך שמועסן, אַז, אין זיין אָנוועזנהייט פאַלט אויס זייער לעקציע אַ סך ערגער, ווי געוויינטלעך, מחמת דער איבעריקער אָנ־שטרענגונג און פּחד, וואָס זיי פילן אין זיין אָנוועזנהייט.

נאָך דער לעקציע, באַלד אין דעם איבעררייס, שמועסט ער אַ לענ־גערע צייט מיטן לערער, אַנאַליזירט די לעקציע און צעברעקלט זי אויף פיצלעך. דער לערער מוז געהאָרכזאַם אים אויסהערן און שווייגן. דערצו זיך אָנערקענען שולדיק אין די פאָרווורפן און צוזאָגן אַלץ אויסבעסערן. ווי אַ קאָמוניסט האָט ער געהאַלטן, אַז בלויז זיין וואָרט איז וויכטיק און וואָגיק. קיין שום פאַרענטפערונגען, אָדער אָפּאָזיציאָנעלע באַמערקונגען האָט ער נישט אָנערקענט. פון צייט צו צייט גיט ער אָפּ אַ באַריכט וועגן די באַ־זוכטע לעקציעס, אין דער אָפּוועזנהייט פונעם לערער, אויף אַ זיצונג פון דער פאַרטיי־גרופּע, מערסטנס וועגן די לערער, די אומפּאַרטיייִשע. זיין וואָרט איז קרעפטיק און דעצידירנדיק. פון דעם איז אָפּהענגיק צי דער לע־רער וועט פאַרבלייבן ביי זיין אַרבעט אויפן קומענדיקן שוליאָר. דער אָרטי־קער פּראָפעסיאָנעלער קאָמיטעט, דער „מעסטקאָם״, די „שול פון קאָמוניזם״ וועט זיך נישט אַריינמישן און נישט פאַרטיידיקן דעם לערער. מען האָט געשמועסט, אַז זיין פרוי, די פאָרזיצערין פון „מעסטקאָם״, אינספּירירט איר מאַן, אין דער היים, וועגן די אַלע פראַגן, סיי פּעדאַגאָגישע, סיי פּראָפעסיאָ־נעלע און אפילו פאַרטייִישע.

אַרום 11 אין דער פרי האָט מיך אָפאַנאַסיע סטעפּאַנאָוויטש געשיקט רופן. איך האָב פאַרשטאַנען אַז די פראַגע וועגן צונעמען מיך, אַלס בוכ־האַלטער, איז שוין דעצידירט געוואָרן דורך אַלע דריי מאַכטהאָבער.

— אַ גוט מאָרגן!

— אַ גוט מאָרגן! האָט מיר אָפּגעענטפערט דער דירעקטאָר. — ווי איז אײַך געשלאָפן די נאַכט? קאַלט געווען, האַ!

— יאָ, קאַלט געווען, אַ דאַנק אײַך פאַר דער קאָלדרע און קישעלע. אָן זיי וואָלט נאָך קעלטער געווען. איך וועל זיך באַזאָרגן מיט אַ וואַטענער קאָלדרע פון דער היים.

— צי זענט איר גרייט אָנצונעמען בײַ אונדז אין שול די אַרבעט פון אַ בוכהאַלטער? עס איז אַ האַלבער פּאָסטן מיט אַ געהאַלט פון 200 רובל אַ חודש. אמת, קיין סך אַרבעט וועט איר נישט האָבן, אָבער מיט אַזאַ קליי־נעם פאַרדינסט איז שווער צו לעבן, אפילו פאַר איין מענטש. — אַזוי האָט מיט מיטלייד אַרויסגעזאָגט דער דירעקטאָר, ווי ער וואָלט גערעדט וועגן דעם מיט מיר צום ערשטן מאָל. ער איז, ווייזט אויס, נישט געווען זיכער, אַז מען הערט זיך נישט אונטער צו אונדזער געשפּרעך.

— איך בין מסכים. אַ ברירה האָב איך? איך קלער נאָך צו באַקומען הילף פון דער סאָציאַלער אָפּטיילונג, אַלס אינוואַליד פון דער צווייטער קאַ־טעגאָריע — האָב איך גאָר שטיל געענטפערט.

— אַן אינוואַליד? יאָוועל מאַרקאָוויטש, אַ יונג מיט ביינער, אַן אינ־וואַליד?

— איך מוז נישט אויף שטענדיק בלייבן אַן אינוואַליד. איך האָף, אַז דאָס לעבן אין וואַלד וועט מיך מאַכן פאַר אויס אינוואַליד.

— איך מיין אויך אַזוי.

— מיר וועלן פאָרן קיין קיעוו אין דער שול־אָפּטיילונג. וועגן אייער אַרבעט וועט דעצידירן דער הויפּט־בוכהאַלטער נאַטאַן באָריסאָוויטש. איר פלעגט זיך דאָך מיט אים חברן, בעת איר האָט געאַרבעט אין דער שול־אָפּטיילונג.

איך האָב נישט געענטפערט. איך האָב געוווּסט, אַז נאַטאַן באָריסאָ־וויטש איז אַ ייד, דערצו אַ פאַרטיימאַן, וואָס איז ביז גאָר פאָרזיכטיק, ווען

ס׳האַנדלט זיך וועגן איבעריקער גרייטקייט צו העלפן אַן יידן. דערצו איז שוין זאָיע סאַוויטשנע אַוועק אַרבעטן אין דעם רעפּובליקאַנישן פּראָפּע־סיאָנעלן פאַראיין. מיט איר פאַרטרעטערין יעווגעניע סילוועסטראָוונע איז ער דערווייל וויניקער פאַרטרוילעך.

פאַרנדיק אין דעם שלעפּצוג האָבן מיר בײדע געשוויגן, כאָטש מיר זענען געזעסן איינער אַנטקעגנאיבער דעם צווייטן ביים פענצטער און אַרויס־געקוקט אין דרויסן.

די באַן איז געפאָרן מיט אַ קליינער שנעלקייט, אויף יעדער סטאַנציע זיך אָפּגעשטעלט, ווי ס׳וואָלט איר פאַרפעלט אָטעם. אַ פייף געגעבן און ווייטער געפאָרן, מיט אַ סאַפּען, אַרויסאָטעמענדיק אַ שוואַרצן געדיכטן רויך. זייט עס איז אונטערגעקומען די נייע עלעקטרישע באַן, איז שוין די באַן געוואָרן אַן אַלטע, אַן אָפּגעלעבטע. אַזאַ אונטערשיד, האָב איך אַ טראַכט געטאָן איז אויך צווישן עלטערן און יינגערן דור...

קיין סך פּאַסאַזשירן זענען נישט געווען. די הויפּט־פּאַסאַזשירן, די פּויערים, וואָס פאָרן נאָך פּראָדוקטן אין שטאָט אַריין, פאָרן קאַיאָר, בלויז איינצלנע זענען געפאָרן מיט קיישלעך, אָדער געשטריקטע „אַ וואָסקעס״ אין די הענט, נאָך פּוסטע דערווייל.

אָפּאַנאַסיע האָט, ווייזט אויס, באַמערקט, אַז איך קוק אויף די קיישלעך און אויפגעכאַפּט מיין געדאַנק.

— ס׳איז לייכטער צו לעבן אין דער שטאָט. די שפּייז־באַזאָרגונג איז בעסער, ווי אין דאָרף. די פּראָווינץ איז נאָך אַלץ ביי אונדז אַ שטיף־קינד. מיט דער צייט וועט אַנדערש זיין. עס רופט זיך אָפּ אויף דער פּראָדוקטי־וויטעט פון דער אַרבעט אין קאָלכאָז און נישט נאָר אין קאָלכאָז. מען וועט זיך אומקוקן דערויף אויך — האָט דער דירעקטאָר, ווי פאַרענטפערט זיך פאַר מיר.

— איך בין זיכער אין דעם. אויך צו אייך וועט אָנהויבן צו גיין די עלעקטרישע באַן, באַקוועמער, שנעלער, פאַר דעם זעלבן אָפּצאָל. די טראַנס־פּאָרט־מיטלען וועלן זיך פאַרבעסערן. עס איז בלויז אַ פראַגע פון צייט. דער סאָוויעטישער מענטש איז געוווינט געדולדיק צו וואַרטן. עס ווערט דאָך פּאָרט מיט יעדן טאָג עפּעס בעסער. — האָב איך אונטערגעהאַלטן.

— אמת, אָבער ווי לאַנג וועט עס דויערן? אַ יאָר, אָדער צוויי. לויטן פּלאַן וואָלט מען שוין באַדאַרפט אָנהויבן צו בויען אין דעם איצטיקן יאָר. אָבער קיין סימן וועגן דעם זעט מען נישט. פריער, זאָגט מען, וועט מען דערציען די עלעקטרישע באַן ביז פּאַסטאָוו. ערשט שפּעטער וועט מען דאָ בויען.

מיר זענען אַריבער אויף דער באַנליניע פון פּאָסט־וואָלינסק. איצט איז שוין אויך אונדזער באַן געפאָרן מיט אַ שנעלערן געלויף, כדי נישט צו טאָרמאָזירן די באַוועגונג פון דער עלעקטרישער באַן. פאַר אונדזערע אויגן לויפן אַדורך פריש געפאַרבטע וואַגאָנעס, לאַנגע, מיט אויטאָמאַטישע טירן. די צאָל פּאַסאַזשירן איז דאָרט אַ גרעסערע, די באַוועגונג אַ גרויס־שטאָטישע. כאָטש אויך יענע פּאַסאַזשירן טראָגן כמעט אַלע ביליקע, קאָרטענע מלבושים און כמעט אַלע מיט קײשלעך פולע, מיט שוואַרצע ברויטן, די „קירפּיטשעקעס״ — די וויכטיקסטע שפּייז סיי פאַר די קינדער, סיי פאַר די עופות...

— איר געדענקט, יאָוועל מאַרקאָוויטש, דעם דירעקטאָר פון דער אייזנבאַן־שול אין בויאַרקע? — האָט מיך פּלוצים אָפּאַנאַסיע סטעפּאַנאָוויטש אַ פרעג געטאָן.

— אוודאי געדענק איך אים. לעוויטשענקאָ האָט מען אים גערופן, וואָס איז?

— זיין עלטערער זון האָט זיך דערשאָסן.

— אויף טויט? אַליין זיך דערשאָסן? פאַר וואָס? — האָט מיך אינטערעסירט צו וויסן.

— ער האָט זיך געשפּילט מיט זיין פאָטערס רעוואָלווער. ער האָט, ווייזט אויס, נישט געוווּסט, אַז ער איז אָנגעלאָדן. ער איז געווען פאַר דער מאַטורע. אַזאַ שאָד!

— אַן איין און איינציקער?

— ער האָט אַ זון, אַ ייִנגערן, פון דער צווייטער פרוי.

— אַ שאָד! קיינער איז נישט פאַרסטראַכירט פון אומגליקן. זיין אומגליק איז נאָך גרעסער פון מיינעם. יאָ, דער גורל פון יעדן איינעם איז אַ בלינדער...

מיר זענען אָנגעקומען אין דער אוקראַינישער הויפּטשטאָט, קיין קיעוו. דעם נײַעם וואָקזאַל בויט מען און מען בויט און מען קאָן אים נאָך אַלץ נישט פאַרענדיקן. מיר דוכט זיך, אַז זינט מײַן אַרעסט און פאַרשיקונג איז נאָך אַלץ ווי פאַרגליווערט שטיין געבליבן, אָן אַ באַמערקבאַרן רוק זיך פאָרויס. וועגן דעם טראַכט איך, אָבער איך וואַג נישט זיך אַרויסזאָגן. מיר פאָרן מיט אַ טראָלייבוס, כאָטש זײַן אָפּשטעל געפינט זיך ווײַטער, אין אַ זײַט. מיר פאָרן באַרג אַרויף, צו דעם באָטאַנישן גאָרטן, צו דער אָפּערע. עס דויערט נישט לאַנג און מיר שפּאַנען, דורך ליסענקאָ־גאַס, אין דער שול־אָפּטיילונג פון דער מיזרח־מערבדיקער אײַזנבאַן. דאָרטן האָבן מיר צוזאַמען געאַרבעט, אײדער איך בין אַריבער אַרבעטן אין שול. מיר פאַרקירצן זיך דעם וועג, דרייענדיק זיך איבער קאָרידאָרן.

די שול־אָפּטיילונג פון דער מיזרח־מערבדיקער אײַזנבאַן איז נישט פון אירע וויכטיקסטע אינסטיטוציעס, זי איז ווײַט נישט קיין מיוחסת. אַ סימן, אַז מען האָט זי פאַררוקט גאָר ווײַט, אויפן פינפטן שטאָק. איך האָב קיין מאָל נישט פאַרשטאַנען, הלמאי עקזיסטירן בכלל די אײַזנבאַן־שולן באַזונדער און געהערן נישט צו דער אַלגעמיינער שולנעץ פון ראַטנפאַרבאַנד, כאָטש די שילער זענען נישט בלויז פון די אײַזנבאַנער. פאַר וואָס האָבן, אפילו אין דער מלחמה־צײַט, די לערער, ווי אַלע איבעריקע אַרבעטער פון דעם באַנוועזן באַקומען „בראָן" און פּטור געוואָרן צו גיין אויפן פראָנט, גלײַך מיט אַנדערע ? ס'בלײַבט נאָך אַ קשיא פאַר משיחן צו פאַרענטפערן...

## דער הויפּט־בוכהאַלטער

דער סעקרעטאַרין פון דער שול־אָפּטיילונג ווערע וואַסיליעווונען האָב איך דער ערשטער דערטראָגן די נײַעס :

— מען האָט מיך כמעט צוגענומען פאַר אַ בוכהאַלטער פון דער פירצענטער־שול, אין וואָרזעל.

אויף אַ סעקונדע האָט איר העל־ווײַס פּנים אויפגעלויכטן מיט אַ שמייכל פון צופרידנהייט, ער איז אָבער גאָר שנעל פאַרלאָשן געוואָרן.

— איך ווינטש אייך, יאָוועל מאַרקאָוויטש, איר זאָלט אין גיכן זיין צוריק אַ לערער פון מאַטעמאַטיק. אַ גרויס גליק פאַר אייך צו זיין אַ בוכ־האַלטער פון אַ שול אין דער פראָווינץ, דערצו פאַר אַן האַלבער סטאַווקע. איר האַלט, אַז מען האָט אייך שוין צוגענומען. נו, און נאַטאַן באָריסאָוויטש? און יעווגעניאַ סילוועסטראָוונע? איר האָט נאָך נישקשהדיקע צוויי בערג אַריבערצוקומען.

ערשט איצט האָב איך פאַרשטאַנען, אַז זי איז גערעכט, אַז די פּוסקי אחרונים זענען טאַקע אָט די צוויי „בערג". אַז וויערע וואַסיליעוונע זאָגט — ווייסט זי. וואָס ווייסט זי דען נישט אין דער שול־אָפּטיילונג?

אָפּאַנאַסיע סטעפּאַנאָוויטש איז טאַקע אַליין אַריין צו זיי זיך איבער־צושמועסן.

איך האָב טאַקע גערעכנט, אַז נאַטאַן באָריסאָוויטש וועט לפנים זיין קעגן דעם. דאָך איז ער אַ ייד מיט אַן יידיש האַרץ, ער איז אָבער אַ מיט־גליד פון דער פּאַרטיי, אים וועט זיכער איינפאַלן, אַז אויב איך בין באַפרייט געוואָרן פונעם לאַגער, נישט קיין רעהאַביליטירטער, איז געוויס עפּעס פאַ־ראַן און ער דאַרף זיין פאָרזיכטיק. איך בין אַ ייד און ער איז אַ ייד. פאַר אַ קריסט וואָלט אים לייכטער געווען זיך אָנצונעמען. אַז אָך און ווי איז צו יואל מאַרקאָוויטשן, צו דעם בכבודיקן און באַליבטן לערער פון מאַטעמאַ־טיק, וואָס איז גרייט צו ווערן אַ שול־בוכהאַלטער, פאַר אַזוי ווייניק געהאַלט. צו וואָס מען האָט אים, נעבעך, דערפירט! — אַזוי טראַכט זיכער דער הויפּט־בוכהאַלטער, נאַטאַן באָריסאָוויטש.

ערגער איז זיכער מיט דער נייער אָנפירערין פון דער שול־אָפּטיילונג. איר איז זיכער נישט פאַרשטענדלעך, הלמאי איך קען נישט פאָרזעצן מיין אַרבעט, אַלס לערער. זי וועט מן־הסתם זיך אָנפרעגן אין דער מ.וו.ד., ביים סעקרעטאַר פון דער פאַרטיי־גרופּע. דער אויספאָרשער ליסענקע איז דאָך דער סעקרעטאַר. ער וועט זיך ווייטער אַריינמישן און דאַן וועט ער נישט דערלאָזן איך זאָל געפינען אַ תיקון, אויך נאָך דער באַפרייונג.

די געדאַנקען האָבן מיך שוין געמאַטערט, וואַרטנדיק אויף אַן ענד־גילטיקער תשובה. איך האַלט אָבער נישט פון פּאַניקאָרישע שטימונגען.

מיין מענטשלעכן שטאָלץ האָב איך ביז איצט נישט פאַרלוירן און מיין האָ־פענונג אַוודאי נישט.

פלוצים איז אַרויסגעקומען אַפּאַנאַסיע סטעפּאַנאָוויטש און אַ רוף געטאָן:

— קומט אַריין, יאָזעל מאַרקאָוויטש. זיי ווילן מיט אייך אַליין אַ שמועס טאָן.

ווי נאָר איך האָב זיך באַוויזן אויף דער שוועל פון דער טיר פונעם קאַבינעט פון דער אָנפירערין, איז זי מיר אַנטקעגן געגאַנגען מיט אַ ברייטן שמייכל אויף איר קיילעכדיק פנים:

— קומט אַריין, יאָזעל מאַרקאָוויטש, קומט אַריין! ראשית: „ברוך הבא!" צווייטנס, זעצט אייך צו און דערציילט, וואָס מאַכט איר אין געזונט? וואָס מאַכן אייער פרוי און זון?

— אַ דאַנק אייך, יעווגעניע סילוועסטראָוונע! איך פיל זיך נישט שלעכט נאָך אַזאַ „קוראָרט", וואָס איך האָב אַדורכגעמאַכט. איצט וועט שוין זיכער בעסער זיין. איך בין אויף דער פריי. איך מוז אָבער אַרבעטן און האָבן ערגעץ־ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן נאָך דער אַרבעט. ביי זיך אין דער היים לאָזט מען מיך דערווייל נישט וווינען און מען לאָזט מיך נישט אַר־בעטן אַלס לערער, ביז איך וועל באַקומען מיין רעהאַביליטאַציע — דער־פאַר בעט איך מיך לאָזן אַלס בוכהאַלטער פון דער שול.

— איר קענט דען די בוכהאַלטעריע־פירונג? האָט זיך אַריינגעמישט דער הויפּט־בוכהאַלטער. — מען קען זיין אַ גוטער מאַטעמאַטיקער און נישט קענען פירן קיין בוכהאַלטעריע. אוודאי איז פאַר אַ מאַטעמאַטיקער לייכטער זיך אויסצולערנען.

— איך ראַט אייך, יאָזעל מאַרקאָוויטש, אַריינצוטרעטן אויף די דריי חדשימדיקע קורסן, וואָס מיר האָבן איינגעאָרדנט פאַר אונדזערע בוכהאַל־טערן. די קורסן האָבן זיך ערשט נישט לאַנג אָנגעהויבן. איר וועט זיכער דעריאָגן. דאָרט וועט איר זיך פאַרפולקאָמען אַלס בוכהאַלטער און דאַן — כ׳ווייס? אפשר וועט איר ביז דאַן שוין באַקומען די רעהאַביליטאַציע, אָדער מיר וועלן אייך איינאָרדענען אין אונדזער „קוסט־בוכהאַלטעריע"

אין קיעוו. איר וועט קענען ווינען אין וואָרזעל און איינצייטיק פירן זייער בוכהאַלטעריע אויך.

אַזוי אַרום האָבן זיי באַשלאָסן אָפּצולייגן דאָס באַשטימען מיך אַלס בוכהאַלטער.

— איר וועט זיך געפינען אויף די קורסן, ווי אין אַ גן־עדן התחתון. אויף די קורסן וועט איר זיין איין בחור אין מאָסקווע. דאָרטן זענען בלויז פרויען פאַראַן. — אַזוי האָט זי פאַרענדיקט מיט אַ וויץ.

— יאָוועל מאַרקאָוויטש איז אַ געטרייער מאַן און האָט ליב זיין פרוי. קיין „זייטנשפרונגען" זוכט ער נישט — האָט אויך נאַטאַן באָריסאָוויטש זי אונטערגעהאַלטן.

איך האָב דערביי אַ טראַכט געטאָן וועגן זייביידע. זי איז אַ גרושה. זי האָט געוווינט צוזאַמען מיט איר מאַן, דעם מאַיאָר פון דער רויטער אַרמיי, אין „מיליטערישן שטעטל". ווען זי איז געוואָרן די פאַרטרעטערין פון דער אָנפירערין, פלעגט זי אָפּט פאַרבלייבן נעכטיקן אין קיעוו. איר מאַן האָט עס נישט געוואָלט ליידן, האָט ער געפאָדערט אַ גט. זי האָט דאַן צוגענומען מיין ווינונג אויף דעם באַטיעווער באַרג און באַשטימט אַלס דירעקטאָרין פונעם קינדערהיים איר נאָענטע חברטע, וואָס האָט באַזאָרגט סיי זי, סיי איר מוטער מיט אומזיסטיקער שפּייז. ער, נאַטאַן באָריסאָוויטש איז שוין אין די פערציקער יאָרן און איז נאָך אַלץ אַ בחור. אין דעם ענין פון „זייטנשפרונגען" איז ער גוט באַהאַוונט. ביי די בוכהאַלטערינס האָט ער דווקא דערפאָלג, אפילו ביי איין מעטאָדיסטין, וואָס האָט אַ מאַן אַ מאָ־לער, וואָס פאָרט אַרום און מאָלט...

מען האָט אפילו געשמועסט, אַז איר מאַן ווייסט וועגן דער צו נאָ־ענטקייט פון זיין פרוי מיט נאַטאַן באָריסאָוויטשן, אָבער עס אַרט אים נישט. זי האָט אים איבערצייגט, אַז זיינע פאַרדאַכטן זענען איבעריקע, ווייל חוץ אַ שפּאַציר, אַ קינאָ, אָדער טעאַטער־באַזוך — איז אַלץ בסדר, ווייל...

אויף דער פאַראינטערעסירונג מצד זיינע חברים, הלמאי ער האָט נישט חתונה, ענטפערט ער דיסקרעט: — „ווייבער זענען פאַראַן אַ סך, אָבער אַ מאַמע איז בלויז איינע". — אַלע האָבן פאַרשטאַנען זיין ענטפער,

וויסנדיק, אַז ער ווינט צוזאַמען מיט זיין אַלטער מוטער אין אַן ענגן צימער, בשכנות מיט אונדזער הויז.

בייזע צונגען האָבן אפילו באַאויפטעט, אַז נישט אַלע מענער דאַרפן חתונה האָבן. „אימפּאָטענץ" איז אַ געפערלעכע קרענק ביי אַ סך מענער. „דער גרעאָטנסטער זאַנג ווערט פאַרברענט, ווען ער ווערט איבערצייטיק". גיי ווייס דעם אמת, ווי מען זאָגט: — „דער פרעמדער גורל איז ווי אַ געדיכטער וואַלד, מען קען אין אים פאַרבלאָנדזשעט ווערן"...

דעם פאָרשלאַג וועגן באַזוכן די בוכהאַלטערן־קורסן האָב איך אָנגענומען, דערביי האָב איך געפּועלט ביי דער פאַרוואַלטערין פון דער שול־אָפּטיילונג, זי זאָל זיך פאַרשטענדיקן מיט דעם דירעקטאָר פון דער דריטער שול פּאַשטשענקאָ, ער זאָל מיר נישט שטערן, במשך פון די דריי חדשים צו נעכטיקן ביי מיר אין דער היים. דאָס איז מיר געווען אַמוויכטיקסטן, אין מיין לאַגע.

אויפן צווייטן טאָג האָב איך אָנגעהויבן צו באַזוכן די קורסן פאַר בוכהאַלטערן. זיי האָבן זיך געפונען הינטער קיעוו, אין סוויאַטאָשין, אין דער געביידע פון דער שול פאַר לאָקאָמאָטיוון־פירער. כאָטש איך האָב פאַרשפּעטיקט אויף צוויי וואָכן, האָבן די קורסאַנטקעס מיך אויפגענומען גערן, מיט נישט קיין באַהאַלטענער פרייד. אפילו דער איין און איינציקער זכר, וואָס איז געווען איינער צווישן 15 פרויען האָט זיך געפריידט, וואָס ס'איז צוגעקומען נאָך איינער. כמעט אַלע זענען געווען פון דאָרף, מיט אַ נידעריקער בילדונג פון 7 קלאַסן, אַלע אוקראַינער. זיי האָבן גערעדט צווישן זיך אויף אוקראַיִניש און מיט מיר אויף אַ שוואַכן רוסיש, מיט אַ סך גראַמאַטישע גרייזן. כאָטש איך האָב פאַר זיי זיך פאָרגעשטעלט אַלס בוכהאַלטער פון דער שול אין וואָרזעל, האָט אָבער מיין הויכער שטערן, די ליסינע אויפן קאָפּ און דאָס ציגן־בערדל מיך אויסגעגעבן. איך האָב מער אויסגעזען, ווי אַ פּראָפעסאָר און נישט ווי אַ בוכהאַלטער. ביי יעדער איבעררייס, אָדער נאָך די לעקציעס פלעגן זיי זינגען אוקראַיִנישע און רוסישע לידער, אפילו די נייעסטע. דער ראַדיאָ־פּונקט, וואָס געפינט זיך אין יעדן הויז, האַלט אין איין קלאַפּן און זינגען, אפילו בשעת דער אַרבעט.

קריכן די לידער פון זיך אַליין אַריין אין מוח, סיי די ווערטער, סיי די מעלאָדיע:

„אַזאַ, וואָס דו ביסט געווען
אַזאַ ביסטו פאַרבליבן...״

זאָל נאָר עמיצער אָנהויבן צו זינגען, זינגען שוין אַלע מיט מיט איטערקייט און חשק. מיר האָבן זיך געלערנט יעדן טאָג, פון 9 אין דער פרי ביז איינס פאַר מיטאָג. דערנאָך האָבן מיר געהאַט פרייע צייט צו מאַכן די פאָרגעבענע לעקציעס. ביי דער שול, אין אַ גרעסערן צימער, זענען געשלאָפן די פרויען, איך פלעג פאָרן צו זיך אַהיים, מיט צוויי טראַמווייען. מיט גרויס פאַרגעניגן פלעגן מיר פאַרנאַכט־צו עסן מיטאָג צוזאַמען, אַלע דריי. די שטוב איז געווען היימישלעך אויפגעראַמט און צוגעפוצט. דעם אויוון האָט מען געהייצט מיטן ברען־גאַז פון דאַשאַוואַ. ס׳איז געווען וואַרעם — אַ תענוג!

די קורסן זענען געשטאַנען אויף אַ נידעריקן ניוואָ, בלויז מיט פראַקטישע אַרבעטן האָבן מיר זיך פאַרנומען. די לערער זענען געווען נאַטאַן באָריסאָוויטש און זיין געהילף יעווסיי גאַווריליאָוויטש. פון צייט צו צייט פלעגן אויך האַלטן לעקציעס אַנדערע מיטאַרבעטער פון דער שול־אָפטיילונג, וועגן פלאַנירונג, וועגן פאָליטישער עקאָנאָמיע און וועגן דער געשיכטע פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז די קורסן האָבן באַדאַרפט דערגאַנצן די פאַרדינסטן פון די פרעלעגענטן, פאַר זייער צוגאָב־אַרבעט, אין דער צייט פון זייער שטענדיקער באַשעפטיקונג. ענלעכע קורסן זענען פלאַנירט געוואָרן אין אַנדערע אָפטיילונגען, מיט דעם זעלבן ציל. זיי האָבן אפשר אויך געבראַכט נוצן, אָבער דער הויפּטציל איז געווען אַ פערזענלעכער, אויפן חשבון פון דער מלוכה...

די קורסאַנטקעס זענען געווען מערסטנס יונגע שיקסעס. בלויז אַ דריטל, די שענערע פון זיי, האָבן געהאַט מענער אין דער היים, אויך קינדער. אַ צווייט דריטל האָט קיין סטאַבילע מענער נישט געהאַט, כאָטש מיט קינדער זענען זיי געווען באַזאָרגט. אין די דערפער איז געווען אַ מאַנגל אין מענער, נאָך דער מלחמה. חתונה האָבן איז געווען דער טרוים פון יעדער פרוי, אפילו פון די יונגע און שיינע. ס׳איז שווער געווען צו באַקומען

אַ מאַן, אפילו אויף דערווייל, ווייל דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט צאָלן אַלימענטן פאַר די געבוירענע קינדער. דערפאַר האָט די ראַטנמאַכט אַרויס־געגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלימענטן קען נאָר באַקומען די פרוי, וואָס איז פאַררעגיסטרירט אין „זאַגס״, דערפאַר וועלן אָבער די איינזאַמע מוטערס באַקומען געוויסע פריווילעגיעס, ווי די ערשטע רעכט צו באַזאָרגן די קינ־דער אין די יאַסלעס, אָדער יתומים־הייזער. דערצו האָבן זיי באַקומען אַ חודשלעכע שטיצע פאַר יעדן קינד באַזונדער. ס׳איז אַוועק אַ גאַנג: די צאָל קינדער אָן טאַטעס איז געוואַקסן ווי אויף הייוון. די בושה איז פאַרשוווּנדן...

## אין קעלער ביי דער אַרבעט

נישט נאָר איך אַליין בין געוואָרן באַשטראָפט, אָן שום שולד. אויך מיין פרוי מינדעלען איז אויסגעקומען נישט ווייניק צו ליידן. איר איז מער נישט דערלויבט געווען צו פאַרנעמען זיך מיט פּעדאַגאָגישער אַרבעט. במשך די חדשים פון דער אויספאָרשונג, פונעם געריכט, ביז דער פאַר־שיקונג אין די לאַגערן, האָט זי נישט אויפגעהערט צו טרוימען וועגן מיין באַפרייונג. זי האָט אפילו אָנגעשפאַרט אין די הויכע פענצטער, ביי די פּראָ־קוראָרן, אפילו אין מיניסטאָרן־ראַט, געבעטן, באַמיט זיך, אפילו געפאָדערט, אָבער אַלץ אומזיסט. ערשט נאָך מיין פאַרשיקונג האָט זי אָנגעהויבן זוכן אַרבעט. מיין קוזין אשר האָט געאַרבעט אין „קיעוומעסטפּראָמטאָרג״ ביים אָנסטראָיען די קינדערשע גאַרמאָשקעס, האָט ער געדינט פאַר אַ פּראָטעק־ציע, מען זאָל מינדעלען צונעמען צו גרייטן קאַרטאָנענע פּודעלעך פאַר די גאַרמאָשקעס.

„קיעוומעסטפּראָמטאָרג״, וואָס באַדייט „קיעווער, אָרטיקער סחורות־האַנדל״ איז געווען אַ ספּעציפיש־סאָוויעטישע אונטערנעמונג אויפן האַנדלס־געביט, וואָס האָט געליפערט דעם מאַרק וויכטיקע קליינִיקייטן, וואָס זענען ביז גאָר וויכטיק פאַר די נויטן פון דער באַפעלקערונג. די מלוכה האָט גע־זאָרגט וועגן דער גרויסער אינדוסטריע: מאַשינען, געווער, נאַפט, שטאָל

— אַלץ, וואָס איז נויטיק פאַר דער מלוכה. פאַר דער באַפעלקערונג זענען אויך וויכטיק „קליניקייטן", ווי קנעפּלעך, שפּילן פאַר קינדער, וואַליזעס און טויזנטער אַנדערע זאַכן. האָבן דעריבער די עלטערע מענטשן, מערסטנס יידן, אָרגאַניזירט קליינע קאָאָפּעראַטיוון־פאַבריקלעך, וואָס פלעגן אויסאַר־בעטן און צושטעלן פאַרן מאַרק די נויטיקסטע קלענערע זאַכן.

געוועזענע שניידערס, שוסטערס, גלעזערס, היטלמאַכערס, האָבן אַוועק־געגעבן זייערע וואַרשטאַטן מיט זייער אויסשטאַטונג, כדי צו געפינען פאַר זיך אַ באַשעפטיקונג.

קיין פּריוואַטע אונטערנעמונגען האָבן נישט געטאָרט עקזיסטירן, אָבער לעבן און אַרבעטן מוז מען — האָבן די קאָאָפּעראַציעס דאָך געגעבן די מעג־לעכקייטן פאַר אַן עקזיסטענץ.

פריער פלעגן די מיטגלידער פון דער קאָאָפּעראַציע אַליין אַרבעטן, שפּעטער האָבן זיי געמוזט באַשעפטיקן אויך אַנדערע. די אַמאָליקע סוטע־רינעס, די קעלערס האָבן פאַרנומען די קאָאָפּעראַציעס..

אין איינעם פון די קעלערס, אויף וולאַדימירסקע־גאַס, האָט געאַרבעט מיין פרוי. אַ קליינע גרופּע פרויען האָבן אויסגעאַרבעט די פּודעלעך פאַר די קינדערישע גאַרמאָשקעס. צום ערשטן מאָל נאָך מיין באַפרייונג, בין איך געגאַנגען זיך צו טרעפן מיט מיין פרוי אויפן אָרט פון איר אַרבעט. אומ־זיסט האָב איך געזוכט אַ שילדל, וואָס זאָל מיר אָנווייזן דאָס אָרט, ווו עס געפינט זיך דער צעך פון די גאַרמאָשקעס. דער וועגווייזער האָט באַדאַרפט זיין דער דענקמאָל פונעם גרויסן אוקראַיִנישן „העלד" — באָגדאַן כמיעל־ניצקי. אויף אַ הויכן פונדאַמענט זיצט ער אַ דיקלעכער, מיט שטרענגע שפּיזיקע אויגן, מיט לאַנגע וואָנסן, אָנגעפּעלצט אין אַ „זשופּאַן", אָנגע־זאָטלט אויף אַ פערד, וואָס רייסט זיך, אין אַ ווילדן גאַלאָפּ, אין דער וועלט אַריין.

איך דערמאָן זיך, ווי דער אויספאָרשער ליסענקאָ האָט מיר פאַרגע־וואָרפן, הלמאי איך האָב אויסבאַהאַלטן די „יידישע ענציקלאָפּעדיע", וואָס מאַכט אַ בלבול אויף דעם העלד פון אוקראַיִנע, אַז ער האָט אָנטייל גענומען אין די פּאָגראָמען אויף יידן אין די יאָרן ת"ח און ת"ט, כאָטש ער איז גע־ווען „גאָט די נשמה שולדיק".

איך האָב דאָך געטראָפן צום קעלער. איך האָב אַראָפּגעגענידערט אַ פיר טרעפּלעך אויף דער גאַס און זעקס טרעפּלעך פון אינעווייניק. אַ שאַרפער ריח פון נישט פרישן קלייסטער־קליי, געמישט מיט מענטשן־שווייס, איז אַריינגעדרונגען אין מיינע נאָזלעכער. די טונקעלע עלעקטרישע ליכט האָט ווי פאַרנעפּלט מיינע אויגן און ביז איך האָב זיך צוגעוווינט, האָב איך גאָר ווייניק געזען.

— וועמען דאַרפט איר? דערהער איך אַן האַרטע מענער־שטימע.

— דאָ אַרבעט מיין פרוי, פּערעל, זי דאַרף איך.

— מיננאַ, מיננאַ — האָבן מיט אַ מאָל אויסגעשריען עטלעכע פרויען.

— אַ יונגערמאַן רופט אייך!

איידער זי קומט אַרויס, דערזע איך גאַנצע בערג מיט פּאַרטיקע פּו־דעלעך, פון דער פּאָדלאָגע ביזן סופיט. די קליינע פענצטערלעך זענען הע־כער אַ העלפט אונטער דער ערד. בלויז איינס פון זיי איז אָפן. ביי לאַנגע טישן אַרבעטן בלויז פרויען, אָנגעטועגע אין שאַרע אַרבעט־קליידער, מיט פאַרשאַרצטע אַרבל, מיט טיכלעך אויף די האָר. זיי כאַפּן בלויז אַ שנעלן קוק אויף מיר, נישט אויפהערנדיק דערביי צו אַרבעטן מיט די הענט גאָר־שנעל, מיט אויטאָמאַטישע באַוועגונגען. יעדע איינע מאַכט אַ באַשטימטן פּראָצעס טויזנטער מאָל און גיט דעם דעטאַל איבער אַ צווייטער.

— אויף אַ פּאָר מינוט גיי איך אַרויס — האָט זי געמאָלדן איר מייס־טער ביים אַרויסגאַנג.

מיר האָבן אָפּגעשפּאַצירט אין דער ריכטונג צו קרעשטשאַטיק, באַרג אַראָפּ. איך האָב באַמערקט, אַז זי איז אומגעדולדיק. ס׳איז איצט איר אַר־בעטצייט און זי אַרבעט נישט אַליין.

אין געציילטע ווערטער האָב איך איר איבערגעגעבן וועגן מיינע קורסן פאַר בוכהאַלטערן, וואָס וועט מיר אפשר געבן אַ מעגלעכקייט צו נעכטיקן אין דער היים.

— דיין רעהאַביליטאַציע איז וויכטיקער פון אַלץ. וועגן דעם וועלן מיר שמועסן אין דער היים. זיי געזונט! איך און דער זון בענקען שוין נאָך דיר.

זי האָט זיך שנעל אַ קער געטאָן אויף צוריק און פאַרשוווּנדן פון מיינע אויגן.

— אַן עבד כנעני, נעבעך, — האָב איך אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ מיט באַדויערן. זיי האָבן געמאַכט פון אונדז אַ תכלית...

— יאָ, דער קאַמף פאַר מיין רעהאַביליטאַציע איז וויכטיקער פון אַלץ. איך האָב נאָך פריער באַשלאָסן צו גיין וועגן דעם צו קאָלפּאַקן, דעם לעגענ־דאַרישן אָנפירער פון די פּאַרטיזאַנער. ער איז איצט דער וויצע־פּאַרזיצער פונעם הויכן־סאָוויעט פון אוקראַינע. ער נעמט, זאָגט מען, אויף איין מאָל אין וואָך אינטערעסאַנטן. צי וועט מען אויך מיך צו אים צולאָזן? מילא, מען מוז פּרוּוון צו אים זיך דערשלאָגן. קעמפן פאַר דיינע רעכט איז אויך אַ דערגרייכונג...

נאָך צוועלף אין דער נאַכט בין איך שוין געווען ביי דער געביידע פונעם העכסטן סאָוויעט. פון דער וויטנס האָב איך באַמערקט, ווי איינציקע מענטשן, מערסטנס פּרויען, דרייען זיך אַרום דער געביידע, ביים דענקמאָל פון דעם געפאַלענעם העלד פון ראַטנפאַרבאַנד וואַטוטין. סודותפול גיט מען מיר איבער, אַז מען דאַרף זיך פאַרשרייבן אין דער ריי. אַ פרוי, וואָס טראָגט אויף זיך אַ פאַרטיזאַנער־פּעלצל, פאַרשרייבט מיך, שוין דעם צוויי און דרייסיקסטן. די קיעווער זענען, ווייזט אויס, געגאַנגען אַהיים, די אָנגע־קומענע פון אַנדערע שטעט און דערפער האָבן געפּראָוועט די „וסיענאַטש־נע" דאָ, ביי די ברעגעס פון דעם טייך דניעפּר. די נאַכט איז געווען אַ קאַלטע, פונעם נאָענטן דניעפּר האָבן געבלאָזן ווינטן. איך האָב געציטערט פון קעלט. מיט שנעלע טריט שפּרייזט מען אַהין און אַהער, כדי זיך צו דערוואַרעמען. דער מוח איז פול צו טראַכטן, דאָך טראַכט ער וועגן דעם גענעראַל קאָלפּאַק. וועגן אים האָב איך געלייענט און געהערט. איך דערמאָן זיך וואָס די יידישע פאַרטיזאַנער־פּאַרל פון סאַרנע האָבן מיר דערציילט וועגן זייערע שווערע איבערלעבונגען אין די רייען פון די אוקראַיִנישע פּאַרטיזאַנער, אונטער דער אָנפירונג פון קאָלפּאַקן. מען האָט זיי געשיקט, צוזאַמען מיט אַ גרעסערער גרופּע, אין טיל פון די דייטשן אויף אַ וויכ־טיקער אויפגאַבע. אין דער גרופּע זענען געווען אויך אַ פּאָר יידן. דער יונ־גער שגץ, וואָס איז געווען דער פירער פון דער גרופּע, האָט זיי געטריבן פון זיך, געזידלט, „פאַרשאָלטענע זשידעס" אָנגערופן. נישט נאָר ער אַליין, כמעט אַלע האָבן זיך צו זיי אַזוי באַצויגן. זיי אַליין האָבן מער פון אַלע

געלעכצט נאָך נקמה און גרייט געווען צו וואַרפן זיך אין פייער אַריין, אין שליחות פון די געפערלעכסטע טאַטן, אָבער וואָס האָבן זיי געקענט טאָן אין דער סביבה פון שונאים?

— הרגע אונדז בעסער, אָבער טרייב אונדז נישט! — האָבן זיך די יידן געבעטן.

צוריקקומענדיק בשלום אויף דער באַזע, האָבן אייניקע פון זיי זיך געקלאָגט פאַר קאַלפאַקן אויף דעם פירער. קאַלפאַק האָט באַפוילן דעם יונגן שגץ צו קומען. אויף אַלע זיינע פראַגן האָט יענער געשוויגן, ער האָט בלויז געקוקט מיט שפּיזיקע בליקן אויף די יידן.

— אין זייער העלדישקייט גלויב איך נישט, אָבער אין זייער שלימזל

— יאָ. — האָט ער בלויז אַרויסגעסיטשעט. — „נעכריסטי״ זענען זיי. איך האָס זיי, איך האָב זיי פיינט!

אַזוי גאָר! — האָט קאַלפאַק מיט פייערלעך אין זיינע קלוגע אויגן אויסגעשריגן.

— דו קענסט קיין פירער ניט זיין! איך נעם צו ביי דיר די אָנפי־רונג, כאָטש דו ביסט געקומען מיט ניצחון. אַ צווייט מאָל וועל איך דיך שטעלן פאַר אַ חברים־געריכט און דו וועסט אויף דיין קאָפּ פאַרלירן! גע־דענק אין דעם. שוין זאָלסטו מיר די יידן איבערבעטן!

— הייסט עס, האָב איך געטראַכט, אַז קאַלפאַק אין אַ יידן־פריינד. אפשר וועט ער אויך פאַר מיר זיך אָננעמען, פאַרן כבוד פון אַ סאָוויעטישן, געליטענעם לערער?!

די נאַכט האָט זיך געצויגן לאַנג, לאַנג. געדיכטע טונקעלע כמאַרעס, ווי אָנגעדראָלענע קלאָטשע האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין די וואַסערן פון דניעפּר, ווי צעצויגענע פלעקן.

— זאָל נאָר קיין רעגן נישט זיין! אומעטום זענען טיר און טויער פאַרמאַכט. די היטערס — די בייזע הינט וואָיען אין דער נאַכט, ווי די וועלף אין וואַלד...

ווי נאָר די ערשטע בלויע פרימאָרגן־שיין האָט אויפגעלויכטן, האָבן מיר זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צו דער געביידע פון העכסטן סאָוויעט. איצט זענען שוין געקומען אַהער כמעט אַלע פאַרשריבענע. איצט וועט מען

שוין נישט אַוועקטרייבן דעם עולם, ווי פריער. מיר האָבן זיך אויסגעזעצט לענג־אויס דער וואַנט, לויט די נומערן. אַרום און נעבן מיר — פאַרדאגהטע פּנימער, מיט אויגן, וואָס לעכצן נאָך אַ ביסל שלאָף, נישט געוואַשענע און ציטערנדיקע פון קעלט. עס זענען אויך פאַראַן פרויען אין אַנדערע אומ־שטענדן, פרויען מיט זויגקינדער אויף די הענט, מלחמה־אינוואַלידן, אָן פיס, אויף נידעריקע וועגעלעך, אויסגעצירטע מיט אָרדנס און מעדאַלן.

אַרום זיבן אין דער פרי האָט מען געעפנט די טיר. איינע פון די סעקרעטאַרינס האָט צוגענומען דאָס צעטל פון דער ריי. דאָך האָט זי גע־פאָדערט, אַז די אינוואַלידן, די פרויען מיט די קינדער אויף די הענט זאָלן גיין די ערשטע, אויסער דער ריי. עס דערהערט זיך אַ מרוקען פון די, וואָס האָבן דאָ געוואַרט די גאַנצע נאַכט, אָבער קיינער וואַגט נישט צו דער־ווידערן. מען לאָזט אַריין צו צען מיט אַ מאָל. יעדער איינער באַקומט זיין אָרדנטלעכן נומער. די סעקרעטאַרין פאַרשרייבט יעדן איינעם אין אַ בוך מיט פאַרשידענע רובריקעס: דער פאַמיליע־נאָמען, נאָמען, אַדרעס און אַ קורצן אינהאַלט פון זיין ביטע. ווען איך זאָג אַרויס דאָס וואָרט „רעהאַבילי־טאַציע״, באַמערק איך אַ לייכטן שמייכל אויפן פּנים פון דער סעקרעטאַרין. צי מיינט נישט דער שמייכל, אַז מיין קומען איז אומזיסט?

אַרום 10 אין דער פרי זיצן מיר שוין אַלע אין אַ גרויסן זאַל. אין דער טיף איז פאַראַן אַן העכער אָרט, ווי אַ בינע, וואָס איז אָפּגעטיילט מיט אַ באַריער. אַלע בליקן זענען אָנגעשטרענקט און געווענדעט צו דער זייטי־קער טיר, דורך וועלכער עס דאַרף זיך באַווייזן ער אַליין — דער גענעראַל קאָלפּאַק.

פלוצים לויפט אַדורך אַ ש... ש... ש... ווי אַן עלעקטרישער שטראָם וואָלט אַדורך איבער אַלעמענס קערפּערס. אַלע שטעלן זיך אויף, כדי מיט גרויס כבוד מקבל פּנים זיין דעם רעטער.

מיט שנעלע טריט קומט אַריין אַ נידעריקער, פולער מאַן מיט אַ באַלעבאַטיש בייכל. ער טראָגט אַ ציווילן אָנצוג, ווי פון דער נאָדל, ווי מען זאָגט. זיין בערדל איז שמאָל און שפּיציק, די באַוואַקסענע באַקן מאַכן בריי־טער זיין געזיכט און די אויגן שמייכלען מילד און קינדעריש. דער גאַנג איז אַ זשוואַווער מיט קליינע טריט. ער שפּרודלט מיט ענערגיע און גוט־

מוטיקייט. די סעקרעטאַרין זעצט זיך אין דער זייט. זי רופט אויס יעדן באַזונדער ביי זיין פאַמיליע־נאָמען און נאָמען, ער זאָל צוגיין נענטער צום טיש. דאָס האַרץ הייבט אָן צו קלאַפּן האַסטיקער, די אויגן פינטלען פון אָנ־רעגונג. דורכן מוח גייען אַדורך די צוגעגרייטע ווערטער, וואָס בעטן, וואָס דאַרפן באַווירקן צום גוטן...

## דער גענעראַל קאָלפּאַק

איך האָב זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז דאָס אינטימסטע אויסגיסן דאָס אָנגעווייטיקטע האַרץ פון אומגליקלעכע מענטשן זאָל זיך פאַרוואַנדלען אין אַ פאָרשטעלונג, אַז סיי זיינע פראַגן און תשובות, גאָר אָפּט אין אַ שפּאָטישן און סאַטירישן טאָן, זאָלן געהערט ווערן בפרהסיה דורך אַלע, אַלע, ווי פון דער בינע. ס׳האָט בלויז געפעלט דער גערהילך פון אַפּלאָדיסמענטן און גע־לעכטער פון פובליקום. איך דערמאָן זיך אין אינטימען מורמלען ביי דער וידוי פאַרן קסיאָדז אָדער, להבדיל, ווי אַ ייד אַ בעל־חטא פלעגט זיך מת־וודה זיין פאַרן רבין. די אומשטענדן, די סביבה האָבן געפאָדערט אויפריכ־טיקייט, אויסלאָדונג און דאָ... ס׳איז אָפן, טיאַטיע! אַן אומזיסטע פאָרשטע־לונג פאַר פאַרביטערטע מענטשן. צוליב וואָס?

צי דערפאַר, ווייל אין דער אָנוועזנהייט פון אַנדערע וועסטו זיך פילן געפּענטעט, נישט וואַגן צו זאָגן איבעריקס און פאַרשווייגן דאָס אינטימסטע?

צי דערפאַר, כדי אַרויסצווייזן די סאָוועטישע דעמאָקראַטיע, די דערבאַרעמהאַרציקייט פון אירע מנהיגים, דאָס פאַרווירקלעכן פון דער סטאַ־ליניסטישער קאָנסטיטוציע?

דער ערשטער איז געווען דער אינוואַליד, אָן ביידע פיס. מיט שנעלע באַוועגונגען איז ער צוגעפאָרן אויף זיין נידעריק וועגעלע צום טיש. ער איז גאָר שנעל אַרויפגעקראָכן אויפן בענקל. איידער קאָלפּאַק האָט אים געשטעלט אַ פראַגע, האָט ער דער ערשטער אויסגעשיט:

— קיין בלוט נישט געקאַרגט אין קאַמף מיטן פאַשיזם. יעדע פיס אַוועקגעגעבן. אַ שורה מיט אָרדנס באַקומען. מען האָט מיך געקרוינט אַלס העלד פון ראַטנפאַרבאַנד. אָבער לעבן לאָזט מען נישט. די פענסיע איז קליין, ס׳קלעקט נישט אויפן עסן, נישט נאָר אויף בראָנפן...

— אויף בראָנפן?! — האָט אויסגעשאָסן קאָלפּאַק אין אַ געלעכטער.

— יאָ, יאָ! אויף בראָנפן. אָן בראָנפן קען איך נישט לעבן. די ווייטיקן אין די קנאָכן פון די פיס, די צעשרויפטע נערוון מוז מען שטילן מיט בראָנפן. אין שפּיטאָל פלעגט מען מיך שטילן מיט אָפּיום. און בעטלען לאָזט מען נישט. ס׳פּאַסט נישט פאַר די טוריסטן. אַ פערד, וואָס האָט פאַרלוירן אַ פוס — פלעגן מיר שיסן. איך האָב פאַרלוירן ביידע פיס — פאַר וואָס שיסט מען מיך נישט?! אויפן פערד האָט מען געהאַט רחמנות — פאַר וואָס האָט מען אויף מיר נישט קיין רחמנות? פריער פלעגט מען כאָטש צאָלן פאַר די אָרדנס. די אַרבעטער פון פּוטילאָווער זאַוואָד האָבן געהאַלטן, אַז ס׳איז איבעריק אויסצאָלן פאַר אָרדנס. צי האָט מען אונדז געפרעגט?

— פאַר וואָס לערנט איר זיך נישט אויס קיין פאַסיקן פאַך. איר וואָלט גוט פאַרדינט.

— אַ פאַך! שוין דאָס אויך געפּרוּווט — נישט געגאַנגען. צו אַ פאַך מוז מען האָבן אַ קאָפּ. ווער קען אַרבעטן, ווען ס׳ווייטיקט יעדער אבר. ווער זאָל מיך פאַרשטיין, אויב נישט איר?!

— נו, אָט האָסטו אַ קוויטל אין „סאָבעז״ (סאָציאַלע פאַרזיכערונג) פון דיין ראַיאָן. דו וועסט באַקומען אָן איינמאָליקן צוגאָב צו דיין פענסיע.

דער אינוואַליד האָט פאַרשטאַנען, אַז אַלע ווייטערדיקע רייד זענען איבעריק. מען דאַרף אָפּטרעטן דאָס אָרט פאַר אַ צווייטן, פאַר אַ מוטער מיט אַ זויגענדיק קינד אויף די הענט. ער איז בליץ־שנעל אַראָפּגעקראָכן פונעם בענקל, ער איז ווי אַריינגעפאַלן אין זיין וועגעלע און אָן אַ „זייט געזונט״ פאַרלאָזט דעם זאַל.

זיין אָרט האָט פאַרנומען אַ יונגע פרוי, מיט אַ בלאַס געזיכט און פאַרוויינטע אויגן. דאָס קינד אויף אירע הענט האָט געציטערט פאַר שרעק. ער האָט נישט אויפגעהערט צו וויינען און שרייען:

— נאַ, אָט האָסטו אַ צוקערל — האָט אים געפּרוּווט קאָלפּאַק באַרויִקן.

— אַ צוקערל! דאָ טאָר מען נישט וויינען. פֿאַר וואָס האָסטו אים מיטגע־נומען אַהער? וואָס ווילסטו, מאַמע?

— קערט מיר אום מײַן מאַן און די קינדער דעם טאַטן זייערן. אָט דער האָט נאָך זײַן פֿאָטער קיין מאָל נישט געזען.

— ווי לאַנג זיצט ער אײַער מאַן און פֿאַרוואָס?

— שוין העכער אַ יאָר צײַט. ער האָט געפֿירט מילך פֿון דער מילך־פֿערמע און אויפֿן וועג פֿאַרקויפֿט אַ פּאָר פֿלעשלעך די באַלעבאָסטעס. מען האָט אים פֿאַרמישפּט אויף דרײַ יאָר.

— פֿאַרקויפֿט געגנבעטע מילך? מען האָט אים געפּאַקט און פֿאַר־מישפּט — זייער גלײַך!

— נישט אויף בראָנפֿן, נאָר אויף ברויט פֿאַר די קינדער, פֿאָטערל, האָט ער עס געטאָן. אין זכות פֿון די קינדער — באַפֿרײַט אים!

— צוויי דריטל פֿון זײַן שטראָף וועט ער אָפּקומען און באַפֿרײַט ווערן פֿאַר דער צײַט!

אַ געשטיקט געוויין פֿון דער מוטער, צוזאַמען מיט אַן הילכיק געוויין פֿון קינד, האָט זיי באַגלייט ביים אַרויסגאַנג.

נאָך איר איז געווען אַ פֿרוי, אין די מיטעלע יאָרן, מיט מידע אויגן און אַ פּנים, וואָס איז שטאַרק געעלטערט געווען.

— אַן איין און איינציקע טאָכטער האָט מיר מײַן אומגעקומענער מאַן איבערגעלאָזט. ביי ראָסטאָוו איז ער געפֿאַלן. מיט גרויס מי האָב איך זי אויסגעהאָדעוועט אין די סטעפּעס פֿון קאַזאַכסטאַן, במשך פֿון דער מלחמה. נאָך דער מלחמה האָבן מיר זיך אומגעקערט קיין קיעוו. איין צימער באַקו־מען, אויף פֿאָדאָל, כאָטש אונדזער דירה איז גאַנץ פֿאַרבליבן. אַ געראָטענע טאָכטער! זיך גוט געלערנט און פֿאַרענדיקט דעם פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. נאָך דעם האָט מען זי אַוועקגעשיקט ערגעץ ווייט אַרבעטן אויף דרײַ יאָר. איצט וויל מען זי צוריק נישט פֿאַרמעלדן אין קיעוו. מען פֿאָדערט פֿאַר איר נאָך דרײַצן מיט אַן האַלבן מעטער וווינונגס־שטח. צו מיר אין צימער טאָר איך זי נישט אַרייננעמען.

— צוליב וואָס ווילט איר דווקא וווינען אין קיעוו? פאָרט צו איר און ווינט צוזאַמען.

— וואָס הייסט? דאָ ווין איך אַלע מיינע יאָרן. מיין טאָכטער איז דאָ געבוירן געוואָרן. איך אַרבעט דאָ און האָב אַ דירה. נישט אייביק וועט זי וווינען צוזאַמען מיט מיר. צוליב וואָס זיך צעברעכן און ערגעץ־ווו אַרויס־וואַנדערן?

— איר פאַרשטייט, בירגערין. קיעוו איז איבערפולט. ס'פעלן דירות, אַרבעט־פלעצער. און אונדזער מדינה איז גרויס, ווילט איר דווקא קיעוו.

זי האָט מיט רעזיגנאַציע אַראָפּגעלאָזט איר קאָפּ, מען זאָל נישט זען, ווי זי וויינט. ביים אַרויסגאַנג האָב איך באַמערקט אויף איר טיפּישע, יידי־שע שטריכן. איצט איז מיר קלאָרער געוואָרן איר ווייטיק און זיין גלייכ־גילטיקער ענטפער. זי איז ווי איינגעשרומפּן געוואָרן פון אַנטוישונג.

איך האָב נאָך אַלץ געוואַרט אויף מיין ריי מיט גאָר שוואַכן גלויבן אין מיין לייזונג. מיין ביטחון איז פאַרמינערט געוואָרן. בכלל האָב איך נישט געהערט מען זאָל באַהאַנדלען פּאָליטישע פראַגן. מיט אויפמערקזאַמקייט האָב איך זיך צוגעהערט צו צענדליקער אָנגעווייטיקטע פראַגן פון רוסן, אוקראַינער, יידן — אַ יריד פון מענטשן, וואָס לײדן...

אויף דער שטול זעצט זיך אַ יונגערמאַן אין די דרייסיקער יאָרן, מיט איינגעפאַלענע באַקן, טיפע, שוואַרצע אויגן, מיט אַ קרענקלעכן אויסזען. ער דערלאַנגט קאָלפּאַקן אַ בריוו, וועלכן ער לייענט מיט אַ געמאַכטן אינטע־רעס, מיט אַ ביטול־שמייכעלע אויף די ליפּן. ענדלעך ווענדעט ער זיך צום יונגנמאַן:

— אייער שוועסטער שרייבט צו מיר פון פּאַלעסטינע. וויפל יאָר האָט איר זיך מיט איר נישט געזען?

— שוין פערצן יאָר, חבר גענעראַל!

— זי און אייערע צוויי ברידער האָבן זיך געראַטעוועט פון היטלערן, ביי אונדז. ערשט אין יאָר 1946 זענען זיי אַרויסגעפאָרן, לויט אונדזער אָפּ־מאַך, אין פרייען פּוילן, פאַר וואָס האָט איר זיך נישט געזען מיט זיי?

— אין יאָר 1941 בין איך, צו זיבעצן יאָר, אַוועק פרייוויליק אין דער רויטער אַרמיי, געקעמפט אויף אַלע פראָנטן, צוויי מאָל געווען שווער פאַר־

ווונדעט. איך האָב נאָך ביז היינט עטלעכע שפּליטערס אין קערפּער. איך האָב געהאַלטן, אַז אויך זיי זענען אומגעקומען, צוזאַמען מיט מיינע עלטערן און די ייִנגערע צוויי שוועסטערס. צופעליק האָבן זיי מיך געפונען דורך די ביוראָען פון בוגורוסלאַן, ערשט איצט, ווען זיי זענען אין ישראל.

— ווילט איר מיר זאָלן אייך שיקן קיין ישראל? איר האָט דאָך דאָ אַ פרוי מיט אַ טאָכטער. איר האָט אַרבעט, אייגענע פאַמיליע־אינטערעסן. איר זענט אַן אויסגעדינטער מיליטערמאַן. איך מיין, אַז עס איז נישט נוי־טיק, איר זאָלט פאָרן קיין פּאַלעסטינע.

— איך וויל, אַז מיין זעקס־יאָריקע טאָכטער זאָל זיך באַקענען מיט איר משפחה, זי זאָל אויך זיך אויסלערנען איר אייגענע שפּראַך און גע־שיכטע. זאָל זי כאָטש וויסן פון אַ ייִדיש לעבן!

— דערווייל טראַכטן מיר אַנדערש, נישט ווי איר. איר קענט שוין גיין!

מיר איז דווקא געפעלן די שטאָלצע רייד פון אַן ייִדישן פאָטער. זיין גורל איז אַזוי ענלעך צו מיינעם. איך האָב דאָך אויך אַן איבערבלייב פון מיין אומגעקומענער פאַמיליע אין ישראל. עס בענקט זיך נאָך זיי. צי וועלן מיר זיך נאָך זען?

ענדלעך איז געקומען מיין ריי.

— וואָס? רעהאַביליטאַציע? — פרעגט דער גענעראַל, ווי פאַרוווּנ־דערט. — איר האָט, בירגער, פאַרבלאָנדזשעט און נישט געטראָפן אויפן ריכטיקן אַדרעס. דער הויכער סאָוויעט רעהאַביליטירט נישט, נאָר איז מוחל, פאַרקלענערט די שטראָף, ווען מען איז זיך מודה אין די זינד. איר דאַרפט זיך ווענדן, אויף קרעשטשאַטיק 2, אין דער רעפּובליקאַנישער פּראָקוראַטור.

— איך האָב זיך שוין געווענדעט, אויך אין מאָסקווע בין איך געווען. זיי איילן זיך נישט. דערלויבט מיר צו זיין אַ לערער, ווי פריער, און לאָזט מיך וווינען אין קיעוו, צוזאַמען מיט מיין פרוי און זון.

— איר וועט באַקומען די רעהאַביליטאַציע וועט איר האָבן אַלע רעכט. איך וועל אָנקלינגען צו אַ פרוי — פּראָקוראָר טשייקאָווסקאַ. צו איר ווענדעט זיך!

— אַ דאַנק! איך בין אַרויס אַ צופרידענער. ערגעץ־ווו אין מיין באַ־וווסטזיין האָט געטליעט אַן האָפענונג. אויף דער גאַס, האָב איך אפילו אויפ־געזונגען דאָס ליד פון פרצן וועגן האָפענונג:

...קומען וועט די צייט!
זי איז גאָרנישט ווייט...

## געשטערטע רו

די וואַנדערנאַכט, אין ווינט און קעלט, דער אויסטערלישער ספעק־טאַקל פון קאָלפאַקן, די וויי־געשרייען פון די פאַרביטענע נשמות, האָבן מיך דערשיטערט. דער גוף און די נשמה האָבן געלעכצט נאָך רו. דאָס האָט נאָר געקענט געשען אין מיין אייגענער נעסט, צווישן מיינע בעסטע: פרוי און זון. אַהין טאַקע האָבן מיך געצויגן מיינע טריט. מיט זיי האָב איך גע־שטרעבט זיך צו טיילן מיט מיין לאַגע.

אין דער נאַכט האָב איך טאַקע גענעכטיקט ביי זיך אין דער היים. מיר אַלע דריי זענען געזעסן ביי איין טיש, ביים אָונטברויט. נאָכן קורצן באַריכט וועגן מיינע איינדרוקן און „דערפאָלגן", האָבן מיר אַלע געשוויגן און יעדער האָט אין זיך געטראַכט. איך האָב געקוקט אויף מיין פרוי, אויף איר מידן געזיכט, האַלב פאַרמאַכטע אויגן, אויף אירע אויסגעמאַטערטע הענט, אויף אונדזער גערעטענעם, העלדישן זון, אויף דעם גוטמוטיקדיקן בליק פון זיינע אויגן און געטראַכט: די שווערע איבערלעבונגען, די אויטאָ־מאַטישע אַרבעט אין דעם טוכלען קעלער — האָבן פאָרט נישט פאַרלאָשן איר שטאָלצן בליק, איר האָפענונג. אונדזער זון איז אַזוי מענערישער גע־וואָרן, ער — אַן אַטלעט מיט זיינע דערגרייכונגען ביים לערנען — איך קען מיט זיי ביידע שטאָלץ זיין.

די נאַכט איז אָנגעקומען. די לאָדנס זענען געווען צוגעמאַכט פון אינע־ווייניק. מען האָט בכלל נישט געזען, ווי דער טאָג איז אַוועק. עס ציט אַזוי צום בעט. די אָפגעשוואַכטע אברים לעכצן נאָך רו אין דיין אייגענעם בעט,

ביי דער זייט פון דיין געליבטער פרוי. דאָס איז דאָך געווען אונדזערביידנס טרוים, במשך פון די גרויזאַמע יאָרן. איצט איז דער טרוים פאַרווירקלעכט געוואָרן, ער איז געוואָרן וואָר. עס ווילט זיך נישט טראַכטן, אַז די וואָר איז נאָך פול מיט סכנות. אפילו די אָנפירערין האָט שוין אָנגעקלונגען צום דירעקטאָר, כאָטש איך צווייפל אין דעם, איז נאָך פאַראַן אין דער זייט דער פּראָוואָקאַטאָר גרופּין. דער „אוטשאַסקאָווי״ סעווערין, מיט „זיינע פליכטן״ איז נאָך אויך נישט באַרויִקט, די פּראָקוראָרין טשייקאָווסקאַ האָט צוגע־זאָגט, אַז זי וועט מיך אַרויסרופן — ווען ?!

די פרוי און דער זון האָבן שוין צוגעגרייט פאַר מיר צוויי באַהעל־טענישן: אין קעלער און אין דער שאַפע. איך מאַך זיך, אַז איך באַמערק עס נישט, נאָר ס׳אַרט מיר, הלמאי איך בין געקומען זיי שטערן זייער רו. איך ליג אין בעט, מיט פאַרמאַכטע אויגן, איך קען אָבער נישט איינשלאָפן. ערשט ווען איך דערפיל די נאָענטקייט פון מינדעלעס וואַרעמען קערפּער, פאַרגעס איך אין אַלץ און ווער אַנטשלאָפן מיט אַ שטאַרקן, בערנשלאָף.

ווי לאַנג איך בין אַזוי געשלאָפן — ווייס איך נישט. פלוצים דערהער איך אַ שעפּטשען מיר אין אויער אַריין:

— טאַטע, שטיי אויף, מען קלינגט!

— ו... ו... וואָס ? ווער קלינגט ?

— ש... ש... מן־הסתם ער, סעווערין, דער „אוטשאַסטקאָווי. ש... נאָר שרעק זיך נישט, טאַטע!

איך קוק מיט פאַרגלעזערטע אויגן אין פינצטערן אַרום. צו מיינע אויערן דערגייען די קלאַנגען פונעם קלינגען. איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, כאָטש דער מוח שלאָפט נאָך. איך קען נאָך אַלץ נישט פאַרנעמען, וואָס דאָ קומט פאָר. מיין פרוי און זון לייגן מיך אַריין אין דער אויפגעפּראַלטער שאַפע אַריין, וואַרפן אויף מיר אַרויף די קליידער, וואָס זענען געהאָנגען, פאַרשליסן די טיר.

— איך קלינג און קלינג — ווי אויף אַ בית־עולם. — כאַפּ איך אויף די הויכע רייד פון דעם „אוטשאַסטקאָווי״.

— ביי נאַכט שלאָפט מען, נישט מען גייט צו גאַסט. — ענטפערט אים מיט בייזקייט מיין זון.

— נישט אַלע קענען שלאָפן ביי נאַכט. איך האָב היינט דיזשור, שפּאַציר איך מיר אַרום איבער מיין אוטשאַסטאָק און וואַך, כדי אַנדערע זאָלן קענען רויִק שלאָפן.

— איך זע, ווי איר זאָרגט פאַר אַנדערע. איך זע! מיין מוטער האָרעוועט שווער אַ גאַנצן טאָג אין קעלער־פאַבריק, איך — אין אַקאַדעמיע, און איר לאָזט אונדז נישט שלאָפן.

— דו פאַרשטייִ, בחורל. דער טאַטע דיינער — מען האָט אים געזען היינט אין קיעוו, אויף אונדזער גאַס. וועגן אַלץ דערטראַגט מען מיר — דעם אוטשאַסטקאָווי.

— וואָס איז? דער טאַטע איז דאָ היינט געווען. ער לערנט זיך אויף די בוכהאַלטעריע־קורסן, אין סוויאַטאָשין. ער איז אויך היינט געווען ביים גענעראַל קאָלפּאַקן, אין העכסטן סאָוויעט. נו, איז ער געקומען זיך טיילן מיט אונדז. ער איז אָבער באַלד אַוועקגעפאָרן אויף זיין ווינאָרט. ביי אונדז נעכטיקט ער נישט.

— ביים גענעראַל איז ער געווען? או־וואַ! ער איז אַ גרויסע שישקע. ער קען עפּעס אויפטאָן. אדרבה, איך האָב נישט דערקענט. איך ווייס, אַז אייער פאָטער איז אַ פיינער מענטש.

— חבר סעווערין! וויפל איז איצט דער זייגער? — לאָזט מיין פרוי זיך הערן.

— ס׳איז שוין אַרום 2, מאַמע, — ענטפערט מיין זון. — מיר האָבן אַ גאַסט אין מיטן דער נאַכט.

— אַזוי! אַזוי! ס׳איז ווייט נישט סאָוויעטיש, חבר סעווערין. נישט קיין מאָן, נישט קיין רו. דער דירעקטאָר קאָן נאָך אַלץ אין אונדז נישט פאַרגעסן, און גרופּין אוודאי נישט! אויף צעפּיקעניש זיי, וועט מיין מאַן ווינען דאָ מיט אונדז צוזאַמען!

— זייט נישט ברוגז! פאַרשאָלטענע פליכטן, בירגערין! — פאַרענטפערט זיך סעווערין. איך בין אייך געקומען מעלדן, אַז מען האָט אָפּגעזאָגט די ביטע פון אייער מאַן צו האָבן רעכט זיך צו פאַרמעלדן אין קיעוו.

— אַ פּאַסיקע צייט האָט איר געפונען מיר וועגן דעם צו מעלדן. די פּראָקוראַטור וועט זיך אויך אין דעם זין אָננעמען פאַר אונדז. דערווייל לאָזט אונדז שלאָפן!

— איר זענט טאַקע גערעכט, איך גיי שוין אַוועק. זאָגט איר, אַז אייער פאָטער איז געווען און באַלד אַוועקגעפאָרן. אַנטשולדיקט! אַ גוטע נאַכט!

ער איז אַוועק. מיין זון האָט צוגעשלאָסן די טיר, צוגעוואַרט אַ ביסל אין דער פינצטער און זיך צוגעהערט צו די טריט, וואָס דערווייטערן זיך. דערנאָך איז ער פאָרזיכטיק צוגעגאַנגען צו דער שאַפע, גענומען ביי דער מוטער דעם שליסל און אויפגעעפנט איין טיר.

— טאַטע! קום אַרויס. ער איז שוין אַוועק, אין דער ערד אַריין.

ער הערט זיך צו. ס׳איז שטיל. קיינער באַוועגט זיך נישט. ער האָט צעפּראַלט ביידע טירן און מיט אַן אומרויִקייט גערופן: — טאַטע, טאַטע! — און גענומען אַרויסוואַרפן די קליידער אויף דער ערד.

— טאַטע! וואָס איז מיט דיר?

מינדעלע איז שוין אַראָפּ פונעם בעט און ביידע וועקן מיך.

— וואָס איז געשען? כאַפּ איך זיך אויף מיט שרעק. ס׳ווייזט אויס, אַז די מידקייט האָט גובר געווען. זייענדיק איינגעטוליעט אונטער די ווייכע קליידער, בין איך ווייטער אַנטשלאָפן געוואָרן. און אפשר איז גאָר קיין שלאָף נישט געווען, נאָר אַ חלשות. ערשט ווען מען האָט מיר געגעבן צו שמעקן אַמאָניאַק, האָב איך זיך אויפגעכאַפּט.

ביידע האָבן מיר ווי אַריבערגעטראָגן אין בעט אַריין. ווען איך האָב זיך אַ ביסל באַרויִקט, האָב איך אויפגעכאַפּט דעם ציטער פון מינדעלעס קערפּער, וואָס האָט זיך אַזוי מילד־מאַמיש געטוליעט צו מיר.

איך בין שפּעט אַנטשלאָפן געוואָרן מיט אַ קאָשמאַרן־שלאָף. עס האָט זיך מיר געחלומט דאָס ייִנגעלע נאָטעלע פון דער פּאָעמע „החוטפים״, וועמען די עלטערן האָבן געמאַכט פאַר אַ בר־מינן, ווערלנדיק אַזוי אַרום אים ראַטעווען פון די הענט פון די כאַפּונעס, זיי זאָלן אים נישט אויסכאַפּן און אַוועקשלעפּן אין מיליטער, פון די ניקאָלאַיעווסקי סאָלדאַטן, אויף 25 יאָר, אויף פּיין און שמד. אָט ליגט ער אַ דאַרינקער הויט און ביין, מיט אַ וואַקסן פּנים און אַ שפּיציקער נאָז אויף דער ערד, מיט אַ טלית צוגעדעקט. צו־

קאָפּנס ברענען צוויי ליכט, וואָס דער וואַקס זייערער טריפּט אויף דער פּאָ־דלאָגע. די מוטער זיצט נעבן אים אויף אַ נידעריק בענקעלע, אָן שיך און רייסט איין די הימלען מיט איר יאָמערלעך געוויין. דער טאַטע זיצט אויך נעבן איר, ווי אַ שטיין און קוקט אַלץ אויף דער טיר.

— פאַר וואָס קומען זיי נישט — די כאַפּונעס?

נישט ער, נישט זיין פרוי ווייסן נאָך נישט, אַז אָנשטאָט די „כאַפּונעס" איז געקומען דער מלאך המות און צוגענומען די נשמה פון זייער קינד...

## אַן אינוואַליד

די אויסטערלישע נאַכט האָט מיך איבערצייגט, אַז איך טאָר נישט נעכטיקן אין דער היים. צו טייער איז פאַר מיר געווען די רו פון מיין פרוי און זון, איך זאָל קאָנען זי ביי זיי באַרויבן. איך האָב דאָך אַן אויסוועג: איך קאָן דאָך נעכטיקן אין וואָרזעל. אמת, איך אַרבעט נאָך נישט אַלס בוכהאַל־טער פון דער שול, דער דירעקטאָר וועט דאָך נישט האָבן דערקעגן, איך זאָל נעכטיקן אין דעם צימער פאַר דער בוכהאַלטעריע.

מינדעלע אַרבעט אַזוי שווער אין דעם טוכלען קעלער, כאָטש זי פאַר־דינט נישט קיין סך, דער זון האַלט ביים ענדיקן די אַקאַדעמיע, ער גרייט שוין די לעצטע דיסערטאַציע, ביידע מוזן זיך אויסרוען ביי נאַכט. צי האָב איך רעכט צו רויבן זייער שלאָף?

פאַר וואָס קומט אויס מיין פרוי צו אַרבעטן אַזוי שווער? זי און אירע מיטאַרבעטערינס פלעגן אויספולן די נאָרמע פון די פודעלעך, וואָס איז גע־ווען באַשטימט דורך דער נאָרמירונגס־קאָמיסיע, שוין צוריק מיט עטלעכע יאָר. מען האָט זיי צוגעזאָגט צו באַצאָלן, ווי פאַר איבער־שעהען, אויב זיי וועלן אויסאַרבעטן אַ גרעסערע צאָל איבער דער נאָרמע. ווילנדיק מער פאַרדינען, האָבן זיי געאַרבעט אָן אויפהער, אין דער צייט פון זייער מיטאָג, אָפּט פאַרבליבן נאָך אַ פּאָר שעה נאָך דער אַרבעט. אין רעזולטאַט דערפון איז טאַקע די צאָל פודעלעך פאַרטאָפּלט געוואָרן. אַ צוויי חדשים פלעגן זיי

טאָקע באַקומען כמעט טאָפּלט פאַר זייער אָנגעשטרענגטער אַרבעט. וואָס קומט אָבער אַרויס, אַז די נאָרמירונגס־קאָמיסיע האָט זיך אַרומגעקוקט, אַז די נאָרמע איז אַ קליינע און באַשלאָסן צו העכערן די נאָרמע, אַזוי אַרום זענען זייערע פאַרדינסטן נישט גרעסער געוואָרן, כאָטש די צאָל פּודעלעך, וואָס זיי פלעגן אויסאַרבעטן, איז פאַרטאָפּלט געוואָרן, ווי דאָס פאָלקס־ווערטל זאָגט: „אָנגעשמיסן און פון באָד אַרויסגעטריבן". יעדער איינער, איבער דער גאָרער וועלט, פאַרשטייט, אָבער נישט אין לאַנד פון קאָמוניזם, אַז ענדערן די נאָרמע קאָן מען, ווען עס פאַרבעסערן זיך די אַרבעטס־מע־טאָדן, ווען ס׳ווערט איינגעפירט די אויטאָמאַציע, אָדער פאַרפולקאָמטע מאַ־שינען, אָבער נישט אויפן חשבון פון די אַרבעטערינס בלוט און שווייס. גיי שריי „חי וקיים", ווען דער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין איז בלויז „די שול פון קאָמוניזם", וואָס פאַרנעמט זיך נישט מיט אַזעלכע „קלייניקייטן".

אונדזער זון מאַרקס האָט באַקומען אַ סטיפּענדיע, אָבער נאָכן אַראָפּ־רעכענען פון איר די אָבליגאַטאָרישע מלוכה־הלוואה און שטייערן, האָט זי קוים געקלעקט אויף חיונה. ער איז אָבער שוין אויסגעוואָקסן און זיין אָנצוג איז קוים אויף אים אַרויף. אפילו דער פּשוטסטער, קאָרטענער אָנצוג האָט באַטראָפן מער פון אַ דריי־חדשימדיקע סטיפּענדיע.

זינט איך בין צוריקגעקומען פונעם לאַגער האָב איך נאָך קיין איין גראָשן נישט פאַרדינט. וויפל מען האָט געקאַרגט, האָבן פאָרט די איינקונפטן נישט געקלעקט.

ווי נאָר מען האָט מיך פאַרמאָלדן אין דאָרף וואָסילקאָוו, האָב איך זיך באַלד געווענדעט צו דער סאָציאַלער אָפּטיילונג, אין שטאָט וואָסילקאָוו, און געבעטן מיר צוטיילן מאַטעריעלע הילף, אַלס אינוואַליד. אַזוי איז גע־ווען אָנגעגעבן אין מיין באַפרייונגס־דאָקומענט פונעם לאַגער.

אומגעריכט האָב איך דערהאַלטן פון דער סאָציאַלער הילף אַן אַרויס־רוף צו אַ מעדיצין־קאָמיסיע אין וואָסילקאָוו.

שוין ביים אַריינגאַנג אין דער סאָציאַלער אָפּטיילונג, האָב איך גע־טראָפן אַ מענגע מיט קאַליקעס, מענער און פרויען, אָן הענט און אָן פיס, אויף וועגעלעך און קוליעס, אַן אָפּפאַל פון מענטשן אומגליקלעכע, מיט פאַרעלטערטע פנימער, מיט אומעטיקע, אויסגעלאָשענע אויגן, מיט גערונ־

צלטע פּנימער, אַדורכגעשניטענע מיט קנייטשן. דער אויסערלעכער אויסזען אין די צעפּליקטע, אָדער פּאַרלאַטעטע מלבושים — האָבן עדות געזאָגט, אַז זיי לײַדן פון נויט און הונגער. זיי מוזן, נעבעך, אַלע האַלבע יאָר אַדורכגיין דעם עקזאַמען פון דער אויספאָרשונג־קאָמיסיע. צי קענען זיי אויסוואַקסן במשך פון 6 חדשים נײַע פּיס, אָדער הענט?

דער טאָג איז פאַר אַ סך פון זיי אַן אויסמאַטערניש. אמת, יעדער איינער פון זיי איז שוין בקי אין דער גאַנצער פּראָצעדור, ווי אַ ייִד אין אשרי. אַזאַ, ווי מיך, אַ פרישן קרבן, זענען זיי גרייט צו אינפאָרמירן וועגן אַלץ, וואָס מען דאַרף טאָן. יעדן דאָקטאָר באַזונדער פון דער קאָמיסיע קענען זיי, ווי זייערע פינגער, וואָס זיי פאַרמאָגן.

— אָט דער נערוון־דאָקטאָר, לאָכמאַטאָוו, איז אַ כלב שבכלבים! ער גיט דיך אַ קלאַפּ מיט זײַן האַמערל אין קני, מעגסט די קני אָפּשפּרינגען ווי הויך — גלויבט ער אַלץ נישט און קלאַפּט...

— דער אויגן־דאָקטאָר בייט די גלעזלעך אין די ברילן, ווי קאָרטן: אַראָפּ־אַרויף. ער ווײַזט אָן אויף די טאַבעלן די אותיות, גרעסערע און קלענערע. „דו זעסט?״ — קרומען זיי אים נאָך. דערבײַ שמאָרעט ער מיט דער נאָז, ווי אַ שפּירהונט.

זעלטן ווען זיי באַשטימען די ערשטע קאַטעגאָריע, העכסטנס — די צווייטע, אָדער די דריטע. אַזעלכע קאַרגע זענען זיי, פּונקט ווי זיי וואָלטן באַדאַרפט צאָלן פון זייער אייגענער קעשענע — דאָס וואָרפט צו איר קנייטל אַ פרוי מיט אַן אָפּגעברענט פּנים, מיט רויטע, פליישיקע פאַלדן, מיט די אײַנגעשרומפּענע אייגלעך.

איך בין ווי אַרײַנגעפאַלן אויף אַ יריד פון קאַליקעס. יעדער איינער וויל דווקא אין דעם טאָג אויסזען מער נעבעכדיקער, מען זאָל אויף אים רחמנות האָבן. אַ סך פון זיי דערמאָנען מיר אין דעם אינוואַלידן־לאַגער אין ראַקפּאַסט.

די קאָמיסיע האָט מיך נישט געהאַלטן לאַנג. צי דערפאַר, וואָס זיי זענען שוין געווען מיד פון אַ גאַנצן טאָג אַרבעט, צי דערפאַר, וואָס זיי האָבן אַלץ געוווסט פון מײַן געזונט־קאַרטע, וואָס זיי האָבן דערהאַלטן פונעם שפּיטאָל אין קיעוו. מען האָט מיר געמאָסטן דעם בלוט־דרוק. ער איז, ווײַזט

אויס, נאָך געווען אַ הויכער. און אפשר האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז דער לאַ־גער אַקטירט נישט סתם אַזוי, נאָר בלויז געפערלעך קראַנקע — מען האָט מיך אָנערקענט אַלס אינוואַליד פון דער צווייטער גרופּע, אויף 6 חדשים.

עס האָט מיך געפרייט, וואָס איך וועל שוין וויניקער זיין צו לאַסט מיין פרוי. עס האָט מיר אָבער געאַרט, וואָס נישט דער שפּיטאָל, נישט די פריי האָבן מיר פאַרבעסערט מיין געזונט־צושטאַנד.

איך האָפענונג האָט געטליעט אין מיין באַוווסטזיין: דער וואַלד, דער סאָסנאָווער וואַלד אין וואָרזעל, די רויִקע סביבה — זיי וועלן זיכער משפּיע זיין אויף מיר צום גוטן.

פון דאָרטן בין איך געפאָרן קיין וואָרזעל. די האַרבסטיקע רעגנס האָבן פאַרפולט די לוזשעס אויפן וועג צו דער שול. די געלע בלעטער, וואָס דיביימער האָבן פון זיך אַראָפּגעשיט, האָבן ווי בר־מיננס געוויגט זיך, די פייגל האָבן פאַרלאָזט זייערע נעסטן און אָפּגעפלויגן ערגעץ ווייט. עלטערע מענטשן האָבן שוין געטראָגן די וואַרעמע פאַלטנס, אָדער די וואַטנע הויזן און רעקלעך, אויף די שיך קאַלאָשן, אָדער גומענע שטיוול און געשליאַפּעט אין זיי איבער די בלאָטעס.

אַלע דריי, סיי באָריסוק, זיין געהילף און זיין פרוי האָבן מיך אויפגענומען מיט שמייכלדיקע פּנימער. זיי איז נישט געפעלן דער פּלאַן פון די דריי־חדשימדיקע בוכהאַלטעריע־קורסן. זיי האָבן אפילו געפּועלט, איך זאָל זיי באַזוכן בלויז דריי מאָל אין דער וואָך, די אַנדערע דריי טעג זאָל איך אַרבעטן אין דער שול, אַלס בוכהאַלטער. דער הויפּט־בוכהאַלטער נאַטאַן באָריסאָוויטש האָט אויך געהאַלטן, אַז די גרויסע חכמות, וואָס מען לערנט אויף די קורסן, וועל איך באַווייזן זיך אויסצולערנען אין די דריי טעג.

אַזוי אַרום בין איך שוין באַשטימט געוואָרן, לויט אַ שול־פאַראָרדענונג, אַלס בוכהאַלטער מיט אַ געהאַלט פון צוויי־הונדערט רובל אַ מאָנאַט. צוזאַמען מיט מיין באַשטימטער אינוואַלידן־פּענסיע, וועט מיר קלעקן צו לעבן.

דער דירעקטאָר האָט שוין באַפוילן דער רוימערין, זי זאָל הייצן מיין שטוב יעדן טאָג און אויפרוימען דעם צימער.

מער פון אַלע האָט זיך געפרייט די עלטערע פרוי איוואַנאָווא. זי האָט זיך געפרייט וואָס די שווערע ווינטער־חדשים וועט זי נישט בלייבן איינע אַליין אין וואַלד.

אויפן צווייטן טאָג, פאַרנדיק פון די קורסן, האָב איך מיטגענומען מיט זיך פון דער היים אַ וואַטענע קאָלדרע, אַ ליילעך און אייניקע כּלים, וואָס זענען מיר נויטיק אין דער ווירטשאַפט. איך האָב אויך פאַרבעטן מײַן פרוי צו קומען צו מיר אויף שבת און זונטיק. זי האָט גערן אָנגענומען מײַן איינלאַדונג. איצט האָב איך שוין אויף וועמען צו וואַרטן. עס איז עכט ראָמאַנטיש, אין אונדזערע יאָרן.

עס דערמאָנט אין דעם לידעלע, וואָס מיר פלעגן גערן זינגען:

— אין אַ קליין שטיבעלע
מירן שפּילן אַ ליבעלע...

## צוזאַמען אין וואַלד

אין גרויסער דערוואַרטונג אויף מינדעלעס קומען צו מיר שבת נאָך מיטאָגצייט, האָב איך נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן איר און וועגן אַלץ, וואָס איז פאַרבונדן מיט אונדזער איצטיקן לעבן. איך האָב געוווּסט, אַז זי פאַרענדיקט די אַרבעט אין דעם פאַרן רו־טאָג פריער, זי וועט זיך נאָך אַרײַנכאַפּן צו זיך אַהיים. געוויס האָט זי נאָך באַצייטנס, ביז שפּעט אין דער נאַכט, צוגעגרייט פון מיינע באַטעמטסטע מאכלים, אויך באַזאָרגט, אַז אונדזער זון זאָל אויך פון זיי טועם זיין און ביי דער ערשטער מעגלעכקייט וועט זי זיך יאָגן צו מיר, אויף דער אָפּגעשמועסטער זעונג.

דער ווינטער האָט זיך צוגעיאָגט און פאַרפּראַשעט דעם אַרום מיט זײַן ערשטן, בלאַנקענדיקן שניי. די טעמפּעראַטור האָט קוים דערגרייכט צו דער גרענעץ צווישן וואַרעם און קאַלט, אָבער דער שניי, ווי זילבערנע שטערנדלעך, איז געפאַלן אין ריטמישן גאַנג, פאַרשיט די קרוינען פון די סאָסנע־ביימער, דעם פויל־גרינעם מאָך אויף דער ערד, די דעכער פון די

הייזער. אָבער אַלץ האָט אויסגעזעען אַזוי דעקאָראַטיוו שיין, וואָס האָט ווי פאַרבלענדעט די אויגן און אַרויסגערופן פרייד. מינדעלען וועט דער ערש־טער שניי זיכער געפעלן, ווי מיר. מיר וועלן זיך דערמאָנען אין דעם אימ־געריכטן שניי, וואָס איז אויסגעפאַלן גאָר פלוצים, אין מיטן פון חודש מאַי אין אָטוואָצק, וואָס האָט אונדז ממש באַגייסטערט, סיי מיט זיין אויסטער־לישקייט, מיט דער פרייד פון די קינדערשע הערצעלעך, צוזאַמען מיטן אָנ־קלאַפן אין מינדעלעס בויך פון אונדזער זון, וואָס האָט זיך שוין געריסן אויף דער ליכטיקער וועלט...

דער חדר איז ריין אויפגערעאַמט, דאָס אייוועלע פלאַקערט און וואַ־רעמט דעם אַרום מיט היימלעכער וואַרעמקייט. איך האַלט אין איין קוקן אויף מיין זייגער און מיר דוכט זיך אַלץ, אַז ער רוקט זיינע ווייזערס צו פּאַמעלעך. איך וויל נישט ציען ווייטער די קייט פון די דערינערונגען, זיי זענען מסוגל מיך אַריינטרייבן אין אַ מרה־שחורה. פאַרלאָז איך דעם צימער אין כאַפּ זיך אַריבער צו דער אַלטיטשקער. זאָל זי פלאַפּלען, וויפל יי וויל — איך וועל זי קוים אויסהערן, ווייל מיינע געדאַנקען וועלן שוין זיין דאָרט, ביי דער באַן, כאָטש איך פאַרשטיי, אַז מינדעלע דאַרף אָנקומען ערשט שפּעטער...

די אַלטע האָט, ווי איר שטייגער איז, מיך מכבד געווען מיט הייסער טיי, מיט האַרטן צוקער, אויף „פּריקוסקע" און דערביי דערציילט:

— ווען איר זענט אַוועקגעפאָרן, האָב איך געקרענקט. די אַסטמע האָט מיר קיין רו נישט געגעבן. איך האָב שוין געהאַלטן, אַז מיין אַלטער, עליו השלום, רופט מיך שוין צו זיך; אַלע דריי זין מיינע זענען זיך צוזאַ־מענגעפאָרן, אפילו אָט דער פון קויבישעוו. זיי האָבן געמיינט: — שוין אַ סוף צו זייער מוטער. אַ נעכטיקער טאָג! אַ צעבראָכענער שאַרבן לעבט איבער אַ גאַנצן טאָפּ... כע־כע־כע... ס'איז אמת! אָט האָט איר אַ סימן! איך לעב און בין אפילו אַראָפּ פונעם בעט אָנצוקוקן דעם בריליאַנטענעם שניי. עס האָט געלוינט צו בלייבן לעבן. ווען ווילט זיך נישט לעבן? מיינער האָט געוואַרט אַזוי פיל, זאָל ער נאָך צווואַרטן, ווי מען ווינטשט: „ביז הונ־דערט און צוואַנציק"... ער האָט נישט קיין סך צו וואַרטן. כע...

איך האָב אויף ס'ניי אַ קוק געטאָן אויפן זייגער און באַשלאָסן באַ־צייטנס זיך אַרויסכאַפּן צו דער באַן, אויפצונעמען מיין טייערן גאַסט. מיינע פיס האָבן געטראָטן דעם פריש אָנגעשנייעטן וועג. די בלאָטעס זענען אויס־געטריקנט געוואָרן און באַדעקט זיך מיט אַ דינער שיכט פון גלאַנציקן אייז. אַ לייכט ווינטל האָט געבלאָזן. עס האָט זיך גאָרנישט געפילט קיין קעלט. אַ שאָד, וואָס די זינג־פייגעלעך זענען זיך צעפלויגן. נישטאָ ווער עס זאָל שירה זינגען, כאָטש אין זיך הער איך זייער געזאַנג.

— אַ מענטש אין די פופציקער זאָל אַזוי זיין פאַרליבט — גיב איך אַ טראַכט. ווי גוט איז, וואָס קיינער ווייסט נישט וועגן דעם און זעט נישט מיין יונגן וואַרעמען שמייכל אויף די ליפּן. — מען וואָלט זיך געוויצלט און געלאַכט. צי איז זיך דען פאַראַן פאַר וואָס צו שעמען?

אַן היפּש ביסל צייט איז אַריבער, ביז ס'האָט זיך דערהערט דער היל־כיקער פייף פון דעם אָנגעקומענעם באַן.

— מינדעלע! שריי איך אויס אויף אַ קול, ווען זי באַווייזט זיך אויפן הייבערשטן טרעפּל. זי איז אַזוי צעפלאַמט, די אויגן בלישטשען מיט אָפּערדיקייט און פרייד.

נאָך איידער איך נעם צו פון אירע הענט די פּעקעלעך, שטעמפּל איך שוין אָפּ אויף אירע ליפּן אַ פלאַמעדיקן קוש. אַ געשמאַקע זיסקייט פּיל איך אויף מיינע ליפּן. אונדזער באַגעגעניש איז, ווי מיר וואָלטן זיך שוין לאַנג, לאַנג נישט געזען.

— אַ שניי? ס'איז וווּנדערבאַר! אין קיעוו איז גאָר קיין שניי נישט געווען!

— לכבוד דיין קומען, מינדעלע! אפילו די נאַטור פרייט זיך.

דער וועג איז אַ קורצער, דער גאַנג איז אַ שנעלער, אַ טאַנצנדיקער. מיר וועלן נאָך האָבן צייט צו שמועסן. איצט דאַרף מען בלויז אָטעמען מיט דער וווּנדערלעכער לופט, באַוווּנדערן דעם אַרום און פילן זיך יונג און גליקלעך, ווי אויף אַ געגאַרטער דאַטשע. איז וואָס איז, אַז די פרוי איז געקומען צו איר מאַן און נישט, ווי עס פירט זיך, אַז דער מאַן קומט צו דער פרוי. מיר לעבן דאָך אין אויסטערלישע באַדינגונגען...

סקריפּ... סקריפּ... טאָפּטשען אונדזערעביידנס פּיס איבערן בלאַנקן שניי. גייענדיק צווישן די ביימער דערפילן מיר אויף זיך דעם פּאַל פון אַ גרעסערער קאַפּטע שניי. דאָס שליידערן אויף אונדז די פלינקע וויִעזויער־קעלעך, שפּרינגענדיק פון צווייג צו צווייג. איך פיל זיי מיט אין זייער פרייד.

— אַ האַרץ פילט אַ האַרץ! — טראַכט איך דערביי.

מיין חדר האָט אונדז אויפגענומען מיט ריינקייט און וואַרעמקייט. אַראָפּוואַרפנדיק פון זיך די וואַרעמע מלבושים, האָט אונדז, ווי מיט אַ מאַג־נעט־כוח, צוגעצויגן איינעם צום אַנדערן, אַרומגענומען זיך און געשוויגן...

— אָט דער מאַגנעטישער כוח האָט אונדז אויפגעהאַלטן ביז איצט

— האָב איך אַ טראַכט געטאָן. נאָך אַזוי פיל איבערקומעענישן, נאָך אַזוי פיל פּרוּוונגען — און האַלט נאָך אָן, דער כוח!

— דו געדענקסט, יואל, דעם שניי אין אָטוואָצק, אין מיטן פרילינג?

— אוודאי! איך האָב שוין היינט געטראַכט וועגן דעם, מינדעלע! און וועגן אונדזער זון, וואָס האָט געטאַנצט אין דיר, כאָטש ער האָט דעם מאַ־יאָזון שניי נישט געזען.

— טראַכטן מיר ביידע פון איינס און דעם זעלבן, יואליק.

— ווי קען דען אַנדערש זיין, אַז מיר זענען אַזוי געקניפּט און גע־בונדן, ווי דער סיאַמער צווילינג. און ער, אונדזער געראָטענער זון אין דער מיט, ווי דער צעמענט.

מיר האָבן זיך גענומען צום אָוונטברויט. מינדעלע איז געווען הונגע־ריק. געאַרבעט האָט זי היינט אַ סך, נאָר געגעסן האָט זי ווייניק. דערצו דער שפּאַציר איבערן שנייִקן וואַלד. אַלע מאכלים האָבן געררייצט דעם אַפּעטיט. מיר האָבן בלויז געבליקט איינער אויפן אַנדערן מיט נישט קיין באַהאַלטענער פרייד און געשמאַק געגעסן.

— אַ נישקשהדיקער צימער!

— אין דער היים איז זיכער בעסער. דערצו אַלע דריי צוזאַמען. און פאַר וואָס קומט אונדז צו זיין צעשיידט — האָט זיך ביי מיר אַרויסגעכאַפּט, כאָטש כ'האָב דערויף חרטה געהאַט.

— מילא! אויך דאָס וועט זיך ענדערן. פאַרגעס נאָר נישט אין דיין רעהאַביליטאַציע. און אפשר איז דאָס אויך לטובה. דער וואַלד איז פאַר דיר

אַ היילונג. אויך איך וועל פון אים געניסן. נאָך אַ גאַנצער וואָך פון מיין אַרבעט אין טוכלען קעלער, וועט דער וואַלד אויך מיר נוצן ברענגען. דער־צו וועל איך זיך אויסהונגערן נאָך דיר במשך פון דער וואָך, וועל איך קו־מען צו דיר אַ פאַרבענקטע... כ׳ווייס ? אפשר ווען מען צאָלט אונדז אָפּ פאַר דער דירה, וואָלטן מיר בכלל אַהער אַריבערגעפאָרן. קיין פריינד האָבן מיר כמעט נישט אין קיעוו. אונדזער זון פאַרענדיקט אין גיכן די אַקאַדעמיע. איב וועט מען אַרויסשיקן, אויף עטלעכע יאָר, ערגעץ ווייט אויף אַרבעט. מיר דאַרפן זיין צוזאַמען. אין אַ יאָר אַרום וועל איך אַרויסגיין אויף פענסיע, מילא, וועל איך פאָרן צו דער אַרבעט פון דאַנען. דער דירעקטאָר, דער הונט, וועט אָבער נישט דערלאָזן דערצו, מען זאָל אונדז אַרויסצאָלן.

— מען זאָגט: „אָדער דער פריץ וועט פלאַצן, אָדער דער הונט וועט פגרן״, מירן אים איבערלעבן, אין דעם בין איך זיכער.

וויפל איך האָב זיך באַמיט אויסצומיידן שמועסן וועגן תכלית, וועגן די שונאים און שטערער פון אונדזער געמיינזאַמען לעבן — איז מיר נישט געלונגען. די איבערגעלעבטע יסורים זענען ווי צונויפגעפלאָכטן געוואָרן מיט אונדזער דענקען און פסיכיק.

כדי דאָך איבערצורייסן זיי, האָב איך פאַרגעלייגט מינדעלען מאַכן אַ נישט וויטן נאַכט־שפּאַציר איבערן וואַלד. זי איז גערן איינגעגאַנגען דער־אויף. אַרויסגייענדיק האָבן מיר דערהערט אַ שאַרפן פייף פונעם אַדורכ־פאָרנדיקן באַן, ווי אַ באַגריסונג. דער שניי האָט געפינקלט מיט פּיאַלעט, אין דער שיין פון דער לבנה. די ריחות פונעם טריפנדיקן אָן אויפהער קאַ־ניפאָל פון דיביימער האָבן געריייניקט די לופט־וועגן, דער גאַנג איז גע־ווען ווי אונטער די קלאַנגען פון מוזיק. מיר האָבן ווי געשוועבט אין דער לופטן. מיר האָבן זיך געפילט שלימותדיק און יונג, ווי אַמאָל, אויף די שנייבערג אויפן מעראַן, אין אָטוואָצק. אונדז האָט געוואָרט אַ נאַכט, אָן מורא פאַר סעוועריגען, אָן בייזע חלומות. אַ כישוף־נאַכט...

# אַנטוישונגען

אין דער ראַם פון אונדזער דרייעק: איך, מיין פרוי און זון, האָט גע־הערשט אַ פולע האַרמאָניע. דאָ האָט געגעסטיקט ליבע, פאַרהערונג, גע־טריישאַפט, אפילו אָפּפערוויליקייט. אָבער ביי יעדער באַרירונג מיט דער ווירקלעכקייט, מיט דער אָרדענונג, מיט דער געזעלשאַפט האָבן מיר, ליי־דער, געליטן אַנטוישונגען, פאַרביטערונג און אויסזיכטלאָזיקייט. נישט נאָר איך, דער אויסגעפרוּווטער דורך אַלע מינים פורעניותן, נאָר אויך מיין פרוי און זון.

„וואָס גרעסער דער גלויבן, אַלץ שטאַרקער איז די אַנטוישונג״ — שטעלט פעסט אַ יידיש פאָלקסווערטל, אין דער ריכטיקייט פון דער פאָלקס־חכמה האָבן מיר זיך איבערצייגט. יעדער נייע אַנטוישונג האָט פאַרמינערט אונדזער גלויבן אין דעם „גן־עדן־לאַנד״, אין דער „העכסטער דעמאָקראַ־טיע״, אין דעם שטענדיקן איבערחזרן „היינט איז גוט, מאָרגן וועט זיכער בעסער זיין״. מיר האָבן אַרויסגעקוקט אויף אַ נס, וואָס זאָל אונדז געבן די מעגלעכקייט צו פטור ווערן פון די „גליקן״, וועגן עולה צו זיין צו זיך אין אייגן לאַנד.

אויסרעכענען קאָנקרעט די אַנטוישונגען איז גאָר שווער, ווייל זיי זע־נען אַלגעמיינע, סיי ביי נישט־יידן, סיי ביי יידן, וועל איך בלויז דערמאָנען אייניקע, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות מיט אונדז אַליין.

איך האָב באַזוכט די פּראָקוראָרין טשייקאָווסקאַ עטלעכע מאָל. זי האָט מיך געהאָדעוועט מיט צוזאָגן, אָט מאָרגן, איבערמאָרגן וועט מען מיך רעהאַביליטירן און געדויערט האָט עס יאָרן, ביז איך האָב אויפגעהערט צו גלויבן אין אירע צוזאָגעכצן...

מיין פרוי האָט שווער און אָרנטלעך געאַרבעט אין האַלב־פינצטערן קעלער און פאַרדינט גראָשנס. צוליב דער געהעכערטער נאָרמע, איז איר נישט געלונגען אויסצואַרבעטן מער פון איין נאָרמע. נישט איין מאָל פלעגט זי אַרויסזאָגן איר פאַרביטערונג וועגן דער עוולה, וואָס איז געטאָן געוואָרן דורך דער נאָרמירונגס־קאָמיסיע, אָבער אַלץ אין דער שטיל, צווישן די אייגענע מיטאַרבעטער. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז זי וועט אין גיכן אַרויסגיין

אויף פענסיע, לויט איר עלטער. מילא, מוז זי צושווייגן. אומגעריכט האָט מען זי אָפּגעזאָגט פון איר אַרבעט, מאָטיווירנדיק עס דערמיט, אַז דער צעך פון די פודעלעך־מאַכער ווערט ליקווידירט, דערצו איז איר מאַן צוריקגעקומען, ער אַרבעט און קען זי אויסהאַלטן.

זי האָט זיך געקלאָגט צו דער היימישער פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע: — סטייטש? ווי זאָגט מען עס אָפּ אַן אַרבעטער אַ פּאָר חדשים פאַרן אַוועקגיין אויף פענסיע, זי קען דאָך פאַרלירן די פענסיע. אַלע, אַלע, אפילו דער סעקרעטאַר פון דער צענטראַלע פון אַלאוקראַיִנישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבן זי באַרעכטיקט, אָבער קיינער האָט אפילו נישט געפרוווט צו פּראָטעסטירן, אָדער העלפן מען זאָל אַזאַ שוידערלעכע עוולה נישט טאָן. די אַרביטראַזש־קאָמיסיע האָט באַשלאָסן — מן־הסתם האָט זי רעכט דערצו...

אונדזער זון איז אַ מאָל געקומען פון דער אַקאַדעמיע, פול מיט פרייד:

— ביי אונדז אין דער אַקאַדעמיע פילט מען שוין דעם אָטעם פונעם קאָמוניסטישן מאָרגן. שטעל זיך פאָר: עס שטייען טישן פון כל טוב: בוטערבראָדן, לימאָנאַד, מילך, פאַרציעס ווורשט — אַלץ, וואָס דאָס האַרץ גלוסט. נעם און עס!

— אָן באַצאָלט, אָן געלט? — האָט געפרעגט די מוטער.

— ניין! פאַר געלט. עס זענען אַרויסגעשטעלט די פרייזן, אָבער יעדער איינער דאַרף נישט שטיין אין דער ריי, נישט צום פאַרקויפער, נישט צו דער קאַסע. צוויי קאַסעס שטייען אין מיטן טיש און יעדער איינער וואַרפט אַליין אַריין, וויפל עס קומט פון אים. אמת, אייניקע פון די סטודענטן, מערסטנס פונעם דאָרף, האָבן צו זיך אַליין קיין צוטרוי נישט, מען זאָל זיי נישט חושד זיין און בעטן אַ צווייטן, ער זאָל פאַר זיי נעמען...

אַ פּאָר טעג זענען פאַריבער און מען האָט זיך אומגעקערט צום אַלטן. ס'איז נישט געווען ווער עס זאָל דעקן די היזקות. און געווען זענען זיי היפּשע. מען זוכט אַרום די שולדיקע און מען געפינט זיי נישט...

אַלס פאָרזיצנדעריין פון דעם צענטראַלן פּראָפעסיאָנעלן פאַרבאַנד האָט געאַרבעט מיין געוועזענע פאַרוואַלטעריין פון דער שול־אָפּטיילונג זאָיע סאַוויטשנע ניעטשיפּאָרוק, זי האָט געמאַכט אַ קאַריערע: פון אַ לערערין

אין דאָרף איז זי דערגאַנגען צו אַן אָנפירערין פון דער שול־אָפּטיילונג, איצט איז זי אַ דעפּוטאַטין אין העכסטן סאָוויעט פון דער אוקראַיִנישער רעפּובליק און פאָרזיצנדערין פונעם צענטראַל־קאָמיטעט וו.צ.ס.פּ.ס. צו דער הויכער מדרגה איז זי דערגאַנגען, אַ דאַנק אירע יידישע געהילפן, די אינ־ספּעקטאָרן, וואָס האָבן פאַר איר די רעדעס געגרייט, דער הויפּט־בוכהאַל־טער, וואָס האָט די בוכפירונג געפירט; איך, מיטן באַזאָרגן די קינדער־אַנשטאַלטן מיט בוי־מאַטעריאַלן, ביכער, העפטן און אַנדערע מאַטעריאַלן, אין די שווערסטע צייטן פון נאָך דער מלחמה. מיט דעם קאַנאַדער פּעניצי־לין האָב איך אויך אָפּגעראַטעוועט איר זון פון טויט, און אַלץ פאַר מיינע געלטער. איצט בין איך געקומען צו איר, זי זאָל זאָגן איר וואָגיק וואָרט וועגן מיר און העלפן צו באַקומען די רעהאַביליטאַציע. איך האָב מיט זיך מיטגעבראַכט די פּיעסע „עס איז צוריק שוין פרילינג", וואָס איך האָב אָנ־געשריבן אין דעם לאַגער. זי איז דאָך די הויפּט־העלדין, די אויפטועריןביים צוריק אויפבויען דאָס שולוועזן, די חרובע אוקראַיִנע.

זי האָט זיך געמאַכט, ווי זי דערקענט מיך נישט „צוליב מיין באָרד" און דאָך געפרעגט, ווי יעדן אינטערעסאַנט, צוליב וואָס איך בין צו איר געקומען. מיינע טענות האָט זי אויסגעהערט גלייכגילטיק און באַהויפּטעט, אַז דאָס געהערט נישט צו אירע קאָמפּעטענצן און שוין... איך האָב באַ־דאַרפט אָפּטרעטן מיין אָרט אַ צווייטן...

בסוד־סודות האָט מען דערציילט דעם אַנעקדאָט: בעת דער שלום־קאָנפערענץ אין טעהעראַן האָט רוזוועלט אויסגעלויבט פאַר סטאַלינען די דעמאָקראַטיע אין אַמעריקע, די פרייע וואַלן צו די פּאַרלאַמענטן און פּרע־זידענט.

— אויך מיר אַ דעמאָקראַטיע, — האָט סטאַלין געענטפערט מיט אַ כיטרען שמייכעלע, — ווען איר ווייסט אפילו נישט ווער ס׳וועט אויסגע־קליבן ווערן, פאַר די וואַלן, ווי ביי אונדז...

כאָטש אַן אַנעקדאָט, אָבער אַ כאַראַקטעריסטישער און אַ ריכטיקער.

די „וואַלן" אין ראַטנפאַרבאַנד זענען טאַקע אויסטערלישע. צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי געהערן ווייניקער פון 10 % פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. די אינסטאַנצן פון דער פּאַרטיי שטעלן אַרויס איין קאַנדי־

דאָט אין יעדן וואַלקרייז אונטערן נאָמען: „דער בלאָק פון די קאָמוניסטן און אומפּאַרטייִשע״. אויף יעדע 10 ביז 15 וויילער איז באַשטימט אַן אומ־זיסטיקער אַגיטאַטאָר, וואָס „באַאַרבעט״ זיינע וויילער, באַקענט זיי מיט „זייער״ קאַנדידאַט און מוז זאָרגן, אַז זיינע מענטשן זאָלן שטימען אַלע, ווי איינער, דערצו נישט שפּעטער ביז 9 אַ זייגער אין דער פרי (כאָטש די וואַלן דאַרפן זיך ענדיקן ערשט 12 ביי נאַכט). אויף יעדן וואַלבאַצירק שפּילט אַ גאַנצע נאַכט אַן אָרקעסטער און דער עולם טאַנצט. דער בופעט איז דאָס מאָל באַזאָרגט בעסער, ווי אַלע מאָל. אין דער נאַכט קאָנען די וויילער זיך באַזאָרגן מיט דעפיציטע פּראָדוקטן, ווי מיט צוקערלעך־קישעלעך, אָנגע־פולטע מיט פּאָווידלע, מיט פּאָנטשקעס, פּיעראָזשקעס, אָנגעפולטע מיט גע־מאָלענעם פלייש און מיט לעמאָנאַד. די אַגיטאַטאָרן האָבן געמוזט וואַכן אַ גאַנצע נאַכט, כדי צו באַגעגענען זייערע וויילער מיט דער ברכה „ס׳פּראַז־דניקאָם״ — אַ „גוט יום־טוב״ און אָפּצייכענען ביי זיך, ווער פון זייניקע האָבן שוין געשטימט. אַרום 7 אין דער פרי האָבן זיי זיך געלאָזט צו גאַסט, צו זייערע ווילער אַהיים, געקלונגען צו זיי און געבעטן שוין קומען צו די וואַלן. נאָך דער שווערער אַרבעטס־וואָך האָבן די אַרבעטער געוואָלט שלאָפן אַ ביסל לענגער, אָבער ווער לאָזט שלאָפן?

זענען דעריבער מיין פרוי און זון אויפגעשטאַנען קאַיאָר און געלאָפן אָפּשטימען. אונדזער וואַלבאַצירק איז געווען אין דער שול־געביידע, די מוזיק האָט בכלל נישט געלאָזט שלאָפן, דערצו האָב איך געגעכטיקט אין דער היים. מיר אַלע האָבן געקענט די „פּורים־שפּיל״, וואָס רופט זיך „וואַלן״, אָבער געגאַנגען שטימען זענען זיי אָן מיר. אויף מיר איז דאָך גילטיק געווען דער פּאַראַגראַף, וואָס האָט צוגענומען ביי מיר די בירגער־רעכט, אויף דריי יאָר, נאָך דער באַפרייונג. מיט זייער אַוועקגיין האָט ווי אַ מויז מיך געגריזעט אין האַרץ: — פּאַר וואָס קומט עס מיר, איך זאָל נישט זיין גלייך מיט אַלע? — „צי בין איך פון אַ שטיין געבוירן?״ — האָט אין מיר געגרילצט דאָס באַקאַנטע לידל.

צוריקקומענדיק האָט מינדעלע באַמערקט מיין אומרו, מיינע „אומ־זיסטע״ ליידן.

— שוין אַריינגעוואָרפן מיין שטימע, אפילו אין דער קאַבינע נישט אַריינגעגאַנגען. ווער עס גייט אַריין, דערוועקט אין זיך דעם חשד, אַז ער האָט אויסגעמעקט דעם נאָמען און געפּסלט זיין שטים. דו האָסט נישט וואָס צו קימערן זיך. ס׳איז אַן עקלהאַפטע און פּוסטע מאַכערייקע, נישט מער! מעגסט אפילו זיין צופרידן, וואָס דו האָסט עס אויסגעמיטן.

איך בין געווען איבערצייגט, אַז זי איז גערעכט, דאָך... איז מיין אַנ־טוישונג געווען גרויס, ווי פון איינעם, וואָס האָט באַקומען אַ פּאַטש אין פּנים, אָן אַ פאַרוואָס...

נאָך אַ גרעסערע אַנטוישונג האָב איך געהאַט, און נישט בלויז איך, ווען דער פּאַרטיי־סעקרעטאַר פון דער שול האָט געשיקט מיך עקסטרע רופן אויף אַ דרינגנדיקער פאַרזאַמלונג פון די פּאַרטיי־לייט און אומפּאַר־טייִשע. איך האָב זיך פאַרענטפערט מיט דעם, וואָס אויף מיר איז חל דער באַרימטער פּאַראַגראַף וועגן צונעמען מיינע בירגער־רעכט.

— איך בין פאַראַנטוואָרטלעך, נישט איר. איך ווייס, וואָס איך טו — האָט דער סעקרעטאַר מיך באַרויִקט. — עס איז אַן עקסטרע פאַרזאַמלונג פאַר אַלע מיטאַרבעטער.

דער לערער־צימער איז געווען איבערפולט. אַרום זיך האָב איך באַ־מערקט אומרויִקע, פאַרוווּנדערטע פּנימער. אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז די סיבה איז ביז גאָר אַ וויכטיקע, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך איז געווען אַ סוד.

אין אָנהויב האָט דער סעקרעטאַר באַגריסט דעם פּאַרטיי־צוזאַמענ־פאָר, וואָס קומט איצט פאָר אין קרעמל. ער דענקט, אַז אַלע לייענען מיט אינטערעס די רעדעס פון אונדזערע פירער, אָדער הערן דורך ראַדיאָ. עס זענען אָבער פאַראַן אַזעלכע אַרויסטרעטונגען, ביי פאַרמאַכטע טירן. וועגן זיי מעגן בלויז וויסן אונדזערע אַרבעטער־מאַסן און נישט די פרעמדע פיינטלעכע עלעמענטן. אָבער — „איך וואָרן אייך, אַז אַלץ, וואָס איר וועט איצט הערן מוז בלייבן אַ סוד. פּלאַפּלען איז אַ מיאוסע מידה, עס קען ברענ־גען שאָדן די אינטערעסן פון אונדזער מלוכה פון די אַרבעטער, דעריבער זייט אַלע געהיט! פאַרשטאַנען ?!״

אַ טויטע שטילקייט, ווי אין שול פאַר „כל נדרי", האָט אַרומגענומען דעם אַרום. סאָפיע גריגאָריעווגע, די אָנפירערין פונעם פראָפּפאַראיין, „דער שולע פון קאָמוניזם", האָט געהאַלטן אין דער האַנט אַ קליין ביכעלע, אין אַ טונקעלער הילע און מיט אַ קלאָרער, ציטעריקער שטים אַרויסגעלייענט: זי האָט געלייענט די רעדע פונעם סעקרעטאַר פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער אַלפאַרבאַנדישער קאָמוניסטישער פאַרטיי, ניקיטאַ סערגייעוויטש כרוש־טשאָוו...

מיר האָבן געמיינט, אַז דער כלל „אחרי מות — קדושים" איז חל אויך אויף דעם „גאָט", דעם פאָטער פון אַלע פעלקער, אויף דעם פירער צום זיג איבערן פאַשיזם, אויף דעם, וואָס מיט זיין נאָמען אויף די ליפן האָבן זיך די קעמפער געריסן אין קאַמף און אומגעקומען, וועגן וועמען מיר זע־נען געוווינט געווען צו הערן בלויז חניפה, לויב־געזאַנגען פון די גרעסטע גייסט־מענטשן... פּלוצים: ט ר אַ ך! אַראָפּ נידעריקער פון דער ערד:

— ער איז געווען דער שאַפער פון „פערזאָנען־קולט", ער האָט אומ־געבראַכט אכזריותדיק די בעסטע, וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט, די באַגאַבט־סטע פון אַלע פעלקער, ער האָט פלאַנירט דאָס אויסראָטן, פאַרטרייבן דאָס גאַנצע אוקראַיִנישע פאָלק, ער פאַרפעסטעט די לופט אין מאַוזאָלעום, ווו עס רוט דער געניאַלער לענין, ער...

עס האָט פאַרכאַפּט דעם אָטעם. די גאַנצע לופט איז געוואָרן פאַר־פעסטעט. עס האָט זיך געגלוסט וויינען, שרייען, אָדער גאָר פרייען זיך מיט דער נייער אַנטפּלעקונג. צי האָבן זיי זיך, די מיטאַרבעטער זיינע גאָר ערשט דערוווּסט וועגן דעם? צי האָבן זיי געוווּסט און געשוויגן, מיטשפּילנדיק מיט אים די ווילדע שפּיל און מיטגעטאַנצט דעם שדימדיקן טאַנץ?! ווי ס'זאָל נישט זיין: דער „על דאטפת אטפוך וסוף מטיפיך יטופון" — (ווייל דו האָסט דערטרונקען — וועסטו אויך דערטרונקען ווערן און דיינע דער־טרינקער וועלן האָבן דיין סוף) איז גילטיק. דער בזיון איז גרויס און די אַנטוישונג נאָך גרעסער... ווי ריכטיק, האָב איך געטראַכט, איז דאָס פאָלקס־ווערטל: — פון ליבע צו האַס — איז בלויז איין שפּאַן!"

דער סטאַטיסטישער אַמט פירט פון צייט צו צייט אַדורך פאָלקס־ציי־לונגען. טויזנטער אומזיסטיקע ציילערס, מערסטנס לערער און אַנדערע אַנ־

געשטעלטע מיט בילדונג, באַזוכן די באַשטימטע ראַיאָנען מיט פּרעג־בויגנס, וואָס באַרירן ביז גאָר וויכטיקע פראַגן. די אויספירער פון די בויגנס זענען זיי אַליין. מיט די אָנגעגעבענע ענטפערס רעכענען זיך די אָנפירנדיקע אָרגאַנען.

איין מאָל האָב איך געטראָפן אַרויסגיין פון אונדזער הויז אַ באַקאַנטע, יידישע לערערין. איך האָב זי באַגריסט און געפרעגט, וועגן וועלכע אָנגע־לעגנהייטן זי איז צו אונדז געקומען.

— איך האָב שוין אויסגעפולט די אַנקעטע, לויט די ענטפערס פון אייער זון — האָט זי צו מיר זיך געווענדעט.

איך בין אַ בעלן געווען צו באַקענען זיך מיט די פראַגן און ענטפערס. די ענטפערס זענען מיר נישט געפעלן.

— זייט אויף אַזוי פיל גוט און קומט מיט מיר אַריין אין שטוב אַריין

— האָב איך זי פאַרבעטן.

— מאַרקס,— ווענדע איך זיך צום זון — מילא, פאַר זיך האָסטו רעכט אָנצוגעבן, אַז דיין מוטערשפּראַך איז רוסיש, אָבער נישט פאַר אונדז.

דער זון איז ווי מבולבל געוואָרן, ווי ער וואָלט זיך געפילט שולדיק:

— מיין מוטערשפּראַך איז אויך יידיש, נישט רוסיש. איך האָב פּשוט נישט קאָנטראָלירט, וואָס די חברטע האָט געשריבן.

די לערערין איז געשטאַנען אין דער זייט, ווי פאַרשעמט. זי האָט זיך פאַרענטפערט:

— איר זענט גערעכט! איך בין שולדיק. כ׳ווייס? אַזאַ אינסטרוקציע האָב איך באַקומען: אַלע רעדן אויף רוסיש — איז די מוטערשפּראַך רוסיש.

— אַזוי האָב איך אויך געטראַכט.

— איר טראַכט פאַלש, חברטע. אַן יידישע לערערין דאַרף אַנדערש טראַכטן. קיין יידישע שולן זענען נישטאָ, קיין יידישע פּרעסע, קיין טעאַטער — אָבער די יידישע שפּראַך און יידישע קולטור לעבן. מיר דענקען און פילן אויף יידיש. אויך איר אַליין טראַכט אויף יידיש...

— און די קינדער פון געמישטע פּאָרלעך פאַרשרייבט איר מן־הסתם אויך, אַלס רוסן, אָדער אוקראַינער — פון דאַנען נעמט זיך, וואָס דאָס יידי־שע פאָלק אין ראַטנפאַרבאַנד ווערט פון מאָל צו מאָל איינגעשרומפן, ווי

ס׳וואָלט גאָר קיין צוווּקס נישט געווען. געַנוג האָבן די היטלעריסטן און זייערע געהילפן פאַרניכטעט יידן, זעקס מיליאָן, אַ דריטל פונעם פאָלק, דאַרפן מיר יידן שאַנעווען די איבערגעבליבענע, נישט פאַרקלענערן זייער צאָל...

צי האָב איך דען געקענט דורך דעם איינעם פאַל אויסבעסערן די שעדלעכע לאַגע? די לערערין איז אַרויס פון אונדזער הויז אַ שווייגנדיקע און אַן אַנטוישטע פון אירע אייגענע טאָטן...

## די מורא פאַר אויסלאַנד

די אויפשריפט אויף דער בראָשור וועגן סטאַלינען, וואָס האָט אויפגערודערט גרויסע מאַסן, האָט געלויטעט: „פאַרניכטן נאָכן איבערלייענען", האָט אויף מיר געווירקט, ווי אַ קאָמישער שפּאַס. אין אַ וועלט פון ראַדיאָ, טעלעוויזיע, פאַרשפּרייטן שפּיאָנאַזש, פאַרבאָרגענע אונטערהערערס און טייפּרעקאָרדערס זאָל מעגלעך זיין, אַז אַזאַ אויפרייס, ווי אַן אַטאָם־באָמבע פון טויזנטער מעגאַטאָנען־קראַפט, זאָל קענען בלייבן הינטערן אייזערנעם פאָרהאַנג, פאַרבאָרגן פאַר דער גרויסער וועלט? צי האָבן טאַקע די סאָוועטישע פירערס געמיינט, אַז קעגן דער ווירקונג פון אַן אַטאָם־באָמבע איז גענוג צו פאַרבאַהאַלטן זיך אונטערן בעט און דערצו זיך צודעקן מיט אַ צייטונג?

אַזאַ נאַיִווע אויפשריפט איז זיכער געקומען, אין רעזולטאַט פון דער שרעק פאַר אויסלאַנד, פאַר דער מורא, אַז דער שאָדנפרייד פון די „אימפּעריאַליסטן" וועט זיין גרויס. וואָלטן זיי בעסער מיטגעגעבן די גרויזאַמע סודות פונעם אכזר אין קבר אַריין. דאַן וואָלטן זיי נישט דערפירט דערצו, אַז די יוגנט, און נישט נאָר די יוגנט, זאָלן זיך אַנטוישן אין די אידעאַלן, אין די פירערס פון דער פּאַרטיי, וואָלט מען אפשר נישט פאַרלוירן זייער גלויבן די הונדערטער מיליאָנען „יינגערע ברידער", די קאָמוניסטן פון כינע. דער שאָדן איז געווען גרויס, אַ סך גרעסער, ווי עס האָבן געמיינט די איניציאַטאָרן פון דעם. אַז זיי וועלן אַ מאָל באַצאָלן פאַר זייער „אויפטו" אַ גרויסן פּרייז — אין דעם בין איך זיכער געווען.

אמת, די פּילאַמפּנדיקע ראַדיאָ־אַפּאַראַטן, וואָס זענען בכוח אויפֿצו־נעמען אַנצאָליקע סטאַנציעס פֿון גאָר דער וועלט, זענען פֿאַרביטן געוואָרן מיט ראַדיאָ־פּונקטן אין יעדן הויז, די איינצלנע, וואָס האָבן געוואַגט צו הערן אויסלענדישע אוידיציעס, ווי בי.בי.סי. אָדער „קול ישראל" זענען פֿאַרפּיי־ניקט געוואָרן אין די לאַגערן. די קאָרעספּאָנדענץ פֿון אויסלאַנד איז שטרענג צענזורירט געוואָרן און זעלטן, אַז זי איז אָנגעקומען אויפֿן אָנגעוויזענעם אַדרעס, יעדנפֿאַלס איז דער אָפּנעמער געגומען געוואָרן „אויפֿן צינגל", און די בריוו זענען פֿאָטאָגראַפֿירט געוואָרן. ביי דער אויספֿאָרשונג האָט מען מיר געוויזן די קאָפּיעס פֿון די בריוו, וואָס איך האָב באַקומען פֿון מיין שוועסטער אין ישראל. קומענדיק פֿון דער עוואַקואַציע קיין קיעוו, האָבן מיר דערהאַלטן אַ פּעקל פֿון גאָר־ווייטע קרובים אין ישראל. אַ פּעטער האָט פֿאַרשטאַנען אונדזער מצב און נויט און צוגעשיקט שוין גענוצטע קליידער און וועש פֿון דער פֿאַרשטאָרבענער פֿרוי. דער אָפּצאָל פֿאַר דער מלוכה איז געווען גרויס, מיר האָבן זיך אָבער אין די זאַכן גענויטיקט און מיר האָבן זיי אויסגעקויפֿט. ווי גרויס איז געווען מיין פֿאַרווּנדערונג, ווען אין 9 יאָר אַרום, אין דער אויספֿאָרשונג, האָט מען מיר געוויזן דאָס צעטל פֿון די זאַכן און צוגעצויגן מיך צו פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט. במשך פֿון 8 יאָר האָבן מיר קיין בריוו נישט געשריבן, ווייל אַזוי האָבן מיר געראָטן יידן, מער דערפֿאַ־רענע. דאָך האָבן מיין שוועסטער און שוואָגער צוגעשיקט פֿאַר אונדז אַן אַרויספֿאָדערונג פֿון ישראל, צוזאַמען מיט אַ קאָפּיע פֿון זייער דראַמאַטישער ווענדונג צו וואָראָשילאָוון. עס זענען דאַן אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז די רעפּאַטריאַציע פֿון די געוועזענע בירגער פֿון פּוילן, וועט פֿאַרלענגערט ווערן. איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז די פֿאָדערונג פֿון מיין שוועסטער איז מסוגל פֿאַרמאַכן פֿאַר אונדז די טויערן פֿון פּוילן אַפֿילו. האָב איך דאַן, אויף אַן אָפֿיציעלן אופֿן אָפּגעשיקט צוריק די אַרויספֿאָדערונג מיט אַן אָפּזאָג צו פֿאָרן, ווען עס איז נישט קיין ישראל, צוליב מיינע „איבערצייגונגען".

עס איז געווען אַ שווער פּראָבלעם אַרויסצופֿאָרן אַפֿילו אויף אַן אויס־פֿלוג אין די שכנישע פֿריינטלעכע מדינות, ווי פּוילן, טשעכיע, אָדער אונ־גאַרן. אַזאַ מין אויספֿלוג, פֿאַר פּאַרטיי־לייט, וואָס פֿאַרנעמען פֿאַראַנטוואָרט־לעכע פּאָסטנס איז דאָך פּלאַנירט געוואָרן קיין טשעכיע און אונגאַרן. מיין

דירעקטאָר האָט געדאַרפט זיין איינער פון די גליקלעכע קאַנדידאַטן. אַלע האָבן אויסגעפולט צענדליקער אַנקעטעס, מען האָט געזיפּט דורך געדיכטע זיפּן, דאָס דערליידיקן די פאָרמאַליטעטן האָט געדויערט לאַנגע וואָכן, מען האָט געהאַלטן פאַר זיי לעקציעס, ווי אַזוי מען דאַרף זיך אויפפירן, אפילו ווי אַזוי צו עסן מיט לעפל־גאָפּל־מעסער, ווי אַזוי אויסצומיידן געשפּרעכן מיט פרעמדע, ווי צו האַלטן דאָס מויל אויפן שלאָס א.אַ.וו.

ענדלעך זענען זיי אין אַ גוטער שעה אַרויסגעפאָרן, קיין פּראָג, אין טשעכאָסלאָוואַקיי. קיין שום פּריוואַטע שפּאַצירן זענען נישט דערלויבט געווען, בלויז גרופּנווייז מיט אַ באַשטימטן אָנפירער. זיי האָבן באַזוכט מוזייען, די אָפּערע, אפילו אין דער פּאַרלאַמענט־געביידע. דער אויספלוג האָט געדויערט בלויז 9 טעג, כאָטש ער איז באַשטימט געווען אויף 15 טעג. פּונקט אין דער צייט איז פאָרגעקומען דער אויפשטאַנד אין אונגאַרן. מען האָט דאָך נישט געקענט זיי פירן גלייך אין פייער אַריין. בחפזון האָט מען זיי אָנגעלאָדן אין די ספּעציעלע וואַגאָנעס און צוריקגעפירט אַהיים.

— וועגן אַלץ האָט מען אונדז אָנגעזאָגט פאַרן אַרויספאָרן, נאָר איין זאַך האָט מען פאַרגעסן. — האָט דער דערציילער פאַרענדיקט מיט אַ שפּאָטישן געלעכטער.

— ווען מיר האָבן באַזוכט איינעם פון די שענסטע פּאַלאַצן פון די אַמאָליקע פירשטן, זענען מיר אַנציקט געוואָרן פון די קרישטאָלענע כלים און אויסטערלישע געשניצטע פיגורן, וואָס זענען שוין באַרימט געווען הונדערטער יאָרן, נאָר די עקסקורסאַנטן האָבן נישט באַוויזן אויסצורויכערן די פּאַפּיראָסן, האָבן זיי אומבאַמערקבאַר אַריינגעשליידערט די איבערבלייבן אין אייניקע פון די אויסגעשטעלטע כלים. עס איז גוט, וואָס די לערערינס, וואָס זענען געגאַנגען די לעצטע, האָבן עס באַמערקט. מורא האָבנדיק פאַר אַ קאָמפּראָמיטאַציע, האָבן זיי שנעל אַרויסגענומען די פּאַפּיראָסן פון די כלים און פאַרבאַהאַלטן אין אַ אָרט פאַר זיי.

די סאָוויעטישע קאָנסטיטוציע, וואָס האָט במשך פון יאָרן געטראָגן דעם נאָמען „סטאַלינס קאָנסטיטוציע", האָט גאַראַנטירט די פרייהייט פון די בירגער, ווען זיי ווילן, צו פאַרלאָזן דעם ראַטנפאַרבאַנד און אַרויספאָרן

אין אַן אַנדער לאַנד, בפרט נאָך בירגער, וואָס ווילן זיך פּאַראייניקן מיט זייערע משפּחות, אפילו באַזונדערע רעפּובליקן האָבן רעכט זיך אָפּצוזונ־דערן, אָבער דאָס אַלץ איז געבליבן בלויז אויפן פּאַפּיר. דאָס אַדורכפירן איז געבליבן בלויז אַ חלום. יעדער איינער, וואָס קלערט אפילו וועגן דעם איז באַדראָט מיט אַ געריכט־אורטייל אויף לאַנגע יאָרן, לויט אַ פּשוטן באַ־שלוס פון דער „טרויקע״. דער פּחד איז גרויס, דער קלעם איז נאָך גרע־סער. דאָך פאַרלירן נישט די יידן זייער האָפענונג, אַז זיי וועלן פאָרט זיך באַגעגענען מיט די אייגענע, וואָס זענען צעוואָרפן איבער דער גאָרער וועלט. דער יידישער ביטחון האָט זיך נישט איין מאָל אַרויסגעוויזן אַלץ שטאַרקער געווער אין זייער קאַמף פאַר אַ בעסערן מאָרגן. דער יידישער ביטחון האָט פאָרט דערפירט דאָס פאָלק צום זיג, צו דער אַנטשטייונג, נאָך טויזנטער יאָרן, פון אַ יידישער מדינה. איינער פון די מיליטאַריסטן האָט אַ מאָל אָנערקענט, אַז „מיט דער פּיקע קען מען דורכשטעכן אַ מענטש, אָבער צו לאַנג האַלטן אים אויף איר איז אוממעגלעך״.

## „גם זו לטובה!״

דאָס יאָר 1957 האָט אויפגעלויכטן פאַר מיר, פאַר מיין פרוי און זון מיט נייע האָפענונגען און פּערספּעקטיוון. דער טראַדיציאָנעלער „גם זו לטו־בה״ האָט באַקומען נייע באַווייזן פון זיין ריכטיקייט. דאָס שלעכטע, וואָס האָט אונדז אַזוי געקוועלט און פאַרביטערט דאָס לעבן במשך פון יאָרן, איז אַריין אין שאָטן און עס האָט אויפגעשיינט דאָס גוטע.

מען האָט מיך נישט דערלויבט צו וווינען אין קיעוו, ביי זיך אין דער היים, צוזאַמען מיט מיין פרוי און זון, בין איך געווען געצוווּנגען צו וווינען אין וואָרזעל, אין דעם שטענדיק גרינעם, שמעקעדיקן סאָסנע־וואַלד, גע־אָטעמט מיט פרישער לופט, וואָס איז פול געווען מיט זויערשטאָף, דער־ווייטערט פון דער גרויסער שטאָט מיט אירע גערוישן און שטיקנדיקע גאַזן פון דער מאָטאָריזאַציע. בין איך טאַקע געזונטער געוואָרן פון טאָג צו טאָג.

אויף אַנדערטהאַלבן טעג, אויף שבת און זונטיק, פלעגט מינדעלע קומען צו פֿאָרן צו מיר. אונדזערע שפּאַצירן אין וואַלד, אירע מונטערע געזאַנגען, צוזאַמען מיטן פּישטשען פֿון די וואַלד־פֿייגעלעך, האָבן דער־הויבן די געפֿילן און שטימונג. אַלדאָס ביז איז ווי פֿאַרגעסן געוואָרן. דער מאָרגן האָט זיך צעהעלט מיט נייע אויסזיכטן און זיכערקייט, אַז אין גיכן, גאָר אין גיכן וועט אַלץ זיך ענדערן צום גוטן...

מען האָט מינדעלען אָפּגעזאָגט פֿון דער אַרבעט אַ פּאָר חדשים פֿאַר איר אַוועקגיין אויף פּענסיע, האָט זי אין די ערשטע חדשים פֿון פּרילינג באַקומען אַרבעט אין וואָרזועל, אַלס דערציערין אויף אַ קינדער־קאָלאָניע. זי האָט זיך אומגעקערט צו איר באַליבטער אַרבעט מיט די קינדער, צו וועלכער זי האָט געשטרעבט אַזוי פֿיל יאָרן, זינט מען האָט זי מיט געוואַלד פֿון איר אָפּגעריסן. איצט איז זי שוין אין גאַנצן אַריבער צו מיר. זי האָט באַדאַרפֿט אָפּפּרישן איר זכרון, זיך דערמאָנען און זינגען די קינדער־ליד־לעך, וועלכע זי האָט נישט אויפֿגעהערט צו זינגען, אויך באַרייכערן אירע זאַפּאַסן מיט נייע לידער, וועלכע מען האָט געזונגען אין שול.

במשך פֿונעם זומער איז אויך די שול אין וואָרזועל פֿאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין אַ פּיאָנערן־לאַגער. מיין אַרבעט, אַלס בוכהאַלטער, האָט זיך פֿאַר־טאָפּלט, אויך מיין געהאַלט, דערצו האָט מען מיך באַזאָרגט מיט געשמאַקע שפּייזן, אפֿילו געבראַכט צו מיר אין דירה אַריין. מעגלעך, אַז דאָס איז גע־טאָן געוואָרן, כּדי איך זאָל וואָס ווייניקער אַריינשמעקן אין דעם אַלגעמיי־נעם קעסל אַריין, אָבער מיר האָט דאָס דווקא געשמעקט.

די אַרבעט האָט ביי מיר גאָר ווייניק צייט פֿאַרנומען, האָב איך אָנ־געהויבן שרייבן מיינע זכרונות וועגן טורמע און לאַגער־לעבן, אויך איבער־זעצן אויף יידיש דאָס, וואָס איך האָב אָנגעשריבן אין די לאַגערן, אויף דער רוסישער שפּראַך.

אונדזער זון מאַרקס האָט שוין געאַרבעט איבער זיין דיפּלאָם־אַרבעט. מיט דער אַרבעט איז ער געווען שטאַרק פֿאַרנומען. צו אונדז איז ער גאָר זעלטן געקומען. דאָך איז ער געקומען אומגעריכט אונדז איבערגעבן אַ וויכטיקע בשׂורה: דער דירעקטאָר פּאַשטשענקאָ וועט אונדז מער נישט דערגיין די יאָרן — ער איז אַוועק צו די אָבות. די גריפּע־מיקראָבן האָבן

אים אויפגעפּרעסן, ווי זיין אייגענע רשעות און אַנטיסעמיטיזם. אויף זיין אָרט איז אָנגעקומען אַ נייע דירעקטאָרין, אַ פרוי, מיט זייער אַ סימפּאַטישן אויסזען.

אומגעריכט האָבן מיר דערהאַלטן פון פּוילן אַזש צוויי אַרויספאָדע־רונגען: פון אונדזער בעסטן פריינד דוד ספאַרד און מיין אומבאַקאַנטן „ברודער״, מיין קוזין מאָטל קאָפּיט, פאַר זיין עולה זיין קיין ישראל.

זיי האָבן זיך פריער פון אונדז דערוווּסט, אַז די רעפּאַטריאַציע פון די געוועזענע פּוילישע בירגער פון ראַטנפאַרבאַנד קיין פּוילן איז פאַרלענ־גערט געוואָרן — האָבן זיי דעריבער שוין אין דער הייסער מינוט געשיקט אונדז די אויפפאָדערונגען. די פאָדערונגען האָבן באַדאַרפט אונדז אָנווייזן דעם ריכטיקן וועג צו אַ בעסערן מאָרגן.

מיין מאַמעס „גם זו לטובה״ איז מיר אויך דאָ צו נוץ געקומען. מען האָט מיך נישט געוואָלט פאַרמעלדן אין קיעוו, בין איך געוועזן פאַרמאָלדן אין וואַסילקאָוו, איצט האָב איך אָנגעגעבן מיין ביטע וועגן רעפּאַטריאַציע קיין פּוילן אין „אָוויר״ פון קיעווער קרייז. דאָ בין איך געוועזן כמעט דער איינציקער ייד, וואָס האָט פּרעטענדירט אַרויסצופאָרן קיין פּוילן.

דערצו איז די אָנפירערין פון „אָוויר״ געוועזן אַ יונגע פרוי, אין די דרייסיקער יאָרן, אַ סיביריאַטשקע, מיט פולן רוסישן חן. איר האָב איך פאַרטרויט מיין גורל, ביי איר האָב איך געפונען מיטגעפיל און האַרץ. זי האָט מיך פאַרשטאַנען, אַז איך דאַרף אַרויספאָרן, נאָך אַזוי פיל אומזיסטיקע ליידן. זי האָט באמת געטאָן אַלץ פאַר אונדז, אָן דער קלענסטער פּערזענ־לעכער פאַראינטערעסירונג. זי האָט טאַקע דערמעגלעכט סיי מיר, סיי מיין פרוי, און דער עיקר מיין זון, וואָס האָט מיט גרויס דערפאָלג פאַרענדיקט זיין לערע און באַקומען אַ דיפּלאָם, מיט אַן אויסצייכענונג, פון אַן אינזשי־ניער.

מיט דער נייער דירעקטאָרין פון דער גימנאַזיע זענען מיר, אָן ספּע־ציעלע שוועריקייטן, דורכגעקומען אין דעם געריכט פון קאַגאַנאָוויטשעס ראַיאָן. מען האָט אונדז צוגעפּסקנט די אָנטשעדיקונג, וואָס איז אונדז אַרויס־געקומען לויטן אָפּמאַך מיט דער שול־אָפּטיילונג, וואָס האָט באַטראָפן אַ געוואַלדיקע סומע, מיר זאָלן נישט באַדאַרפן אַרויספאָרן מיט ליידיקע הענט קיין פּוילן.

צום לעצטן מאָל האָב איך אויסגעשריבן אַן אומזיסטן באַן־בילעט קיין ריגע דורך מאָסקווע. ווי יעדן אייזנבאַן־אַרבעטער, איז ער מיר אויך געקומען. אין מאָסקווע האָבן מיר אַ סך גוטע פריינד, מיט וועלכע מיר דאַרפן זיך געזעגענען, אויך אין ריגע וווינט מיין חבר פון די געמיינזאַמע יסורים אין וויטשעגאָדסקער לאַגער, יעקב פון דער קיפּיאַטילקע, אָט דער קרבן פוןביידע: פון דעם מערדער מענגעלע, פאַר וועמען ער האָט געדינט אַלס קראָליק פאַר זיינע עקספּערימענטן און פון דער סאָוויעטישער יוסטיץ, וואָס האָט אים, נאָך דער באַפרייונג צוגעגעבן 10 יאָר פון פּיין אין די סאָוויעטישע לאַגערן. אין ריגע זענען מיר קיין מאָל נישט געווען און מיט יעקבן מוז איך זיך געזעגענען.

אַלעס שלעכטס איז שוין פאַרביי. די ניינצן יאָר, וואָס מיר זענען געווען אין ראַטנפאַרבאַנד, ענדיקן זיך. זיי וועלן דאָך פאַרבלייבן אין אונדזער זכרון ווי אַ קאָשמאַר, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס נישט ווייניק פריילעכע טעג האָבן מיר איבערגעלעבט. שוין דאָס בלייבן לעבן אַליין, ווען די היטלעריסטישע האַק איז געהאָנגען איבער אונדזערע קעפּ, מיין שעפערישע אַרבעט אין שולוועזן, דאָס דערגרייכן פון מיין זון פון דער אָנפאַנגס־שול ביזן פאַרענדיקן די אַקאַדעמיע. די געפילן זענען, ליידער, פאַרטושט געוואָרן מיט די אייגענע איבערלעבונגען און פון אַנדערע יידן און נישט נאָר יידן, אין די טורמעס און לאַגערן. און דאָס אַלץ: אָז אַ באַרעכטיקונג, אָן אַ פאַרוואָס.

דאָס נייעס, וואָס האָט געוואַרט אויף אונדז האָט געלאָזט פאַרגעסן דערווייל אין דעם איבערגעלעבטן. מיר זענען געפאָרן קיין מאָסקווע.

## די צעשיידונג

יעדעס מאָל, וואָס איך בין געפאָרן קיין מאָסקווע, איז געווען פאַרבונדן מיט זאָרג, מיט פליכטן, מיט פאַראַנטוואָרטלעכקייטן. איצט, צום לעצטן מאָל, איז אונדזער פאָרן געווען אַ שפּאַציר, אין אַ פריילעכן געמיט, ווי מען פאָרט אויף אַ חתונה. די אויגן לייכטן מיט פרייד, דער שמייכל

גייט נישט אַראָפּ פונעם פּנים. דיר דוכט זיך, אַז אַלע מענטשן שמייכלען צו דיר, ווי זיי וואָלטן דיך באַגריסט מיט אַ וואַרעמען „פאָרט געזונט!". עס ווילט זיך זינגען. אין אַזעלכע מינוטן איז מיין מינדעלע אַ זינגענדיקע. די שטימע אירע קלינגט, ווי גלעקלעך אויף דער „טראָיקע", וואָס רייסט דעם שליטן אויפן שנייִיקן ווינטער־שפּאַציר. ווי שטאַרק איך ליב זי אַזאַ זינגענדיקע!

מיר פאָרן אין עקספּרעס־צוג, אין אַ באַזונדער קופּע. קיינער שטערט אונדז נישט. פאַרקערט — אין די דערנעבנדיקע קופּעען הערט מען זיך צו צום געזאַנג, זיי האָבן זיכער הנאה פון דעם אומזיסטיקן קאָנצערט, וואָס באַגלייט זיי אין וועג קיין מאָסקווע.

מיר פירן מיט זיך צוויי ביכעלעך מיט זינג־לידער. איין ביכל איז שוין גאָר אַן אַלטס און דאָס צווייטע האָבן מיר ערשט נישט לאַנג געקויפט. מיר קלייבן אויס מערסטנס לידער וועגן מאָסקווע. אַלע זענען אַזעלכע מונ־טערע, פול מיט פרייד און אָפּטימיזם. אין דעם אַלטן לידער־ביכל זענען אָבער אַלע לידער וועגן מאָסקווע דורכגעפלאָכטן מיט לויב־געזאַנגען צו סטאַלינען, דעם „פירער פון אַלע פעלקער", דעם „העלדישן זיגער", דעם „איבערמענטש". מיר ווילן אין אים פאַרגעסן. מיר קאָנען אים שוין פאַר אַן אַנדערן. פאַר אונדז איז ער גאָר דער מערדער פון דער יידישער קולטור, פון די יידישע שרייבער און קינסטלער, די אַנטוישונג אַליין. ניין, די לי־דער וועלן מיר נישט זינגען. אין דעם נייעם לידער־ביכל איז ער שוין נישטאָ, ווי ער וואָלט גאָר קיין מאָל אויף דער וועלט נישט געווען. נישט קיין שלעכטס און נישט קיין גוטס, נאָר פאַרשוויגן איז ער...

זינגען מיר די מונטערע מעלאָדיעס וועגן מאָסקווע פון דעם קאָמפּאָ־זיטאָר סאָלאָוויאָוו־סיעדוי, פון שאָסטאַקאָוויטשן, פון דונאַיעווסקין, מיט די ווערטער פון איסאַקאָווסקין, פון לעבעדיעוו־קומאַטשן, פון מאַטוסאָווסקין. וויפל שרייבער יידן, וויפל יידישע קאָמפּאָזיטאָרס האָבן פאַראייביקט אין זייערע לידער די וועלטשטאָט מ אָ ס ק ו ו אַ. וויפל האַרץ און נשמה זיי האָבן די לידער געשענקט, וויפל מוט און דערקוויקונג זייערע לידער האָבן גע־געבן דעם מענטש אין לאַנד פון די סאָוויעטן. וויפל פון זיי האָבן באַקומען

זייער לוין מיט קוילנבליי, כאָטש זייער ברוסט איז אַ מאָל געווען באַצירט מיט פאַרדינטע אָרדנס און מעדאַלן?

צי ווען זיי, די נייע הערשער, כאָטש דערמאָנען זיי צום גוטן? איך בין אין דעם נישט זיכער. וויפל פון זיי האָט מען אפילו נישט רעהאַבילי־טירט נאָך זייער טויט? צי איז שוין געקומען דער סוף פון די ליידן פון זייערע פרויען און קינדער?

מיר שטעלן זיך אָפּ אין ניעזשין. די פויערטעס־קאָלכאָזניצעס לייגן פאַר דורכן פענצטער די ניעזשינער אוגערקעס, סיי פרישע גרינע, סיי גע־זויערטע אין סלאָיִקעס. אַזעלכע פיצעלעך, איינס קלענער פונעם אַנדערן, ווי די פיסלעך פון די פרויען־כינעזער, וואָס זענען געצוימט געוואָרן אין זייער וווקס — זענען זיי פאַרבליבן פיצלעך, גאָר נישט פּראָפּאָרציאָנעל צום גרייס פון זייער קערפּער. עס דערמאָנט זיך דערביי דאָס פּאָפּולערע, אין סטאַלינס צייטן, ליד „מאָסקוואַ־פּעקין״:

— דער רוס און כינעזער־ברידער אויף תמיד,

— סטאַלין און מאַאָ — אַ גאַראַנטיע דערצו! —

ווי ווייט די ווערטער זענען וואָר. בלוטיקע שונאים זענען זיי. מאָס־קווע און פּעקין זענען שוין גאָר ווייט איינע פון דער אַנדערער, נישט אין קילאָמעטערס צו מעסטן...

עס ווילט זיך נישט טראַכטן וועגן אַזעלכע זאַכן און עס טראַכט זיך. בעסער זאָל מינדעלע זינגען, זאָל זיין ווערטינסקיס ראָמאַנסן, ציגיינער־לי־דער וועגן ליבע אין פאַרראַט, אַבי נישט אַזעלכע, וואָס דערמאָנען אין פּאָליטיק.

די צייט לויפט און מיט איר די באַן, וואָס יאָגט זיך קיין מאָסקווע. בלויז איין מעת לעת דאַרף מען פאָרן. די נאַכט לויפט שנעל אַריבער אויפן ווייכן, זויבערן געלעגער. עס באַגעגנט אונדז מאָסקווע מיט איר פרימאָרגנ־דיקן בלוי, אַן אָנגעטרונקענע מיט איר מאָרגנטוי און מיט איר פרימאָרגן ראַדיאָ־סיגנאַל:

— ברייט איז מיין לאַנד, מיין אייגן לאַנד...

נייִן! דו ביסט נישט מיין אייגן לאַנד. ניינצן יאָר און גענוג! אייגן לאַנד איז דאָרט, אויף מיזרח, דאָס לאַנד פון אונדזערע אָבות. אַהין שטרעבן מיר, אַהין פאָרן מיר.

דערווייל זענען מיר געקומען אַהער קיין מאָסקווע זיך געזעגענען מיט איר, מיט אונדזערע אַלטע פריינד, פּטרן אַ טייל פון אונדזער געלט אויף איינקויפן אייניקע נוצלעכע זאַכן, ווייל אַרויספירן געלט לאָזט מען נישט. ווי רעפּאַטריאַנטן פאַרפאָרן מיר מיט אַ טעקסי צום גרויסן האָטעל „אינ־טוריסט". דאָרט באַקומען מיר אַ באַזונדער צימער, מיט רעכט צו פאַר־שליסן אים, אויב מיר ווילן. דער צימער איז נישט צו גרויס, מיט טאָפּעלע בעטן, אפילו מיט באַקוועמלעכקייטן, ווי אין אַן אייראָפּעיִשן האָטעל. מיר וואַשן זיך אַרום, טוען זיך איבער און לאָזן זיך אין האָטעל־רעסטאָראַן עפּעס איבערכאַפּן. מיר פילן זיך שוין, ווי אייראָפּעער, ווי די אַלע, וואָס זיצן אַרום אונדז. מיר קוקן דאָך אויף זיי מיט נייגער: די פרויען אין מאָדנער קליידונג, די „קעפּלעך", ווי אויסגעטאָקט, אפילו די באַוועגונגען זענען אַזוי גראַציעז. מען קען זיי דערקענען פון דער ווייטנס.

עס הערן זיך קלאַנגען פון פאַרשידענע שפּראַכן. עס טיילט זיך אויס דער פּוילישער „ס", מיט זיין שיפּענדיקן קלאַנג. כדי מיר זאָלן אויך אויס־זען, ווי אויסלענדער, שמועסן מיר צווישן זיך אויף פּויליש. נאָך אַזוי פיל יאָרן קומט אונדז נישט אָן שווער. דאָ וועקן מיר נישט אויף זיך קיין אויפמערקזאַמקייט, ווייל אַלע רעדן אויף פאַרשידענע שפּראַכן. אויך די קעלנער קענען דאָ אַ סך שפּראַכן.

דאָס עסן שמעקט אונדז גוט. מיר האָבן זיך טאַקע אויסגעהונגערט במשך פון דעם פאָרן אין באַן. פאַר די טוריסטן גרייט מען צו ספּעציעלע מאכלים; יעדן לויט זיין געשמאַק. די בעסטע קוכערס אַרבעטן דאָ. אויך די קעלנער, אין שוואַרצן געקליידט, זענען זייער העפלעך, אפילו הכנעהדיק. דאָ באַקומען זיי פון די געסט דעם געהעריקן „טיפּ".

מיר איילן זיך נישט. נישט בלויז דאָס עסן אינטערעסירט אונדז, צום מערסטנס — די געסט. וועגן אַלץ רעדן זיי, אָבער נישט וועגן פּאָליטיק. די אָנגעקומענע ווייסן, אַז דאָ האָט מען עס נישט ליב, אַז די סאָוויעטישע „דעמאָקראַטיע" איז גאָר אַן אַנדערע. דער פּרט איז דאָ געצווימט אין זיין

פרייהייט, אויף יעדן איז דאָ אַ חשד — איז טאַקע געזונטער בלויז טראַכטן און ווייניקער רעדן. מיר ווייסן זיכער וועגן דעם, מיר זענען שוין אָנגעלערנט דורך דער ביטערער פּראַקטיק.

במשך פונעם טאָג מאַכן מיר לענגערע שפּאַצירן צו פוס. מאָסקווע איז פּאַרט פּרעכטיק: רחבותדיק זענען דאָ די פּלעצער, בילדעריש שיין זענען די ברוקן איבערן טייך „מאָסקוואַ"; צום שענסטן זענען די סטאַנציעס פון דער אונטערערדישער באַן — מעטראָ. איצט טראָגט זי שוין נישט דעם נאָמען „קאַגאַנאָוויטשעס מעטראָ", נאָר דעם נאָמען „לעניך". לאַזאַר מאָיסייעוויטש האָט שוין זיינס אָפּגעטאָן, איצט קאָן ער בלויז ערגעץ ווו זיך דערמאָנען, וואָס איז געווען אַמאָל... אַזוי ער — אַזוי מאַלאָטאָוו, אַזוי מאַלענקאָוו. זאָלן זיי דאַנקבאַר זיין די נייע מושלים, וואָס זיי איז געשענקט געוואָרן דאָס לעבן, וואָס זייער גורל איז אַן אַנדערער פונעם גורל פון זייערע מיטאַרבעטער, וואָס סטאַלין האָט, מיט זייער הילף, פאַרניכטעט.

אויפן „רויטן פּלאַץ" ציט זיך אַ פּאָר קילאָמעטערדיקע ריי פון אַ פּאַרשידנאַרטיקן עולם, וואָס איז געקומען באַזוכן דעם מאַוזאָליי. ער הייסט שוין ווידער „לענינס מאַוזאָליי". ס'איז אים, ווייזט אויס, געווען ענג און נישט בכבודיק צו ליגן מיט סטאַלינען ביינאַנד — האָט מען זיין שכן געבעטן מחילה און אים דערווייטערט. פאַר אים איז גענוג, אפילו איבערגענוג, צו ליגן ביי דער וואַנט פון די קרעמלווענט. מיר שטעלן זיך אויך אין דער ריי. זי רוקט זיך גאָר שנעל פאָרויס. איך בין שוין דאָ געווען אַ מאָל. עס איז אָבער אינטערעסאַנט צו אָבסערווירן דעם עולם. אַ סך פון זיי טראָגן זייערע נאַציאָנאַלע טראַכטן, אויסגעצערטע, אויסגעהאָרעוועטע פּנימער, גאָר ווייניק שמייכלדיקע. אַלע כמעט זענען גאָר ערנסט, אַדורכגענומענע דורך דער ערנסטקייט פונעם מאָמענט. מיר שפּאַצירן שט״ל, בלויז מיט אַ שעפּטשען אויף די ליפּן. די הויכע שפּיציקע ווענט פונעם קרעמל, ווו עס ווערט דעצידירט דער גורל, נישט בלויז פונעם ראַטנפאַרבאַנד, רופן אַרויס ערנסטקייט. פון צייט צו צייט לאָזן זיך הערן די קלאַנגען פונעם אויסטערלישן זייגער אויפן קרעמל־טורעם. אויטאָמאַטיש כאַפּט יעדערער אַ קוק אויף זיין האַנטזייגער און קאָנטראָלירט די ריכטיקע צ״יט. אונטן, אין מאַוזאָליי, פּילסטו אַרום זיך פאַרדעכטיקע בליקן פון די, וואָס

האַלטן דיך אונטער, ווען דו גייסט אַראָפּ פונעם לעצטן טרעפּל. דאָס זעלבע געל־בלאַסע געזיכט פונעם באַליבטן פירער, ווי ער וואָלט פּאַרטייעט אין זיך אַ קרעכץ. יעדער איינער טראַכט דערביי: עך, ווי נויטיק ער וואָלט געווען, ווען ער וואָלט לעבן!... און וועך ווייסט, צי מען וואָלט אים געלאָזט לעבן?...

שפּעטער האָבן מיר געשפּאַצירט איבער דער גאָרקי־גאַס, אין שאָטן פון די גרינע ביימער, גאָר נישט קיין יונגע, כאָטש מען האָט זיי ערשט נישט לאַנג איבערגעפּלאַנצט אַהער. מיטן מעטראָ זענען מיר אַרויפגעפאָרן אויף די לענין־בערג. דאָרט האָבן מיר באַטראַכט די גרויסע אוניווערסי־טעט־געביידעס — אַ גאַנצע שטאָט. פון דער הייך קאָנען מיר זען מאָסקווע גאָר ווייט: די שמאָלע, אַמאָליקע געסלעך מיט די אומצאָליקע נידעריקע הייזלעך, צווישן וועלכע עס ציען זיך אַדורך די אַלטע טראַמווייען. צו ביס־לעך ווערן זיי אַרויסגעטריבן דורך די הויכע, נייע מויערן, ווי די יונגע טרייבן אַרויס די עלטערע און פאַרנעמען זייער אָרט.

מיר זענען אַדורכגעגאַנגען דורך די ברייטע, רוישיקע גאַסן, מיט טראָלייבוסן און אויטאָבוסן, מיט אומצאָליקע „מאָסקוויטשן" און „פּאָביע־דעס". אַ געיעג פון מענטשן־מאַסן. דאָס לעבן טרייבט, די אַרבעט פאָדערט, דער מענטשנשטראָם לאָזט נישט שטיין אויף אַן אָרט.

מיר זענען שוין מיד. מיר לאָזן זיך צוריק אין „אינטוריסט", אויף מיטאָג. פון דאָרט קלינגען מיר אָן צו אַלטע, גוטע פריינד. מיר שטעלן אָפּ באַגעגענישן מיט זיי אין די אָוונטן. דורכן טעלעפאָן מעלדן מיר, אַז מיר קלינגען פונעם האָטעל „אינטוריסט" — דאָס אַליין דערהויבט זייער שטימונג, זיי פאַרשטייען, אַז מיר פאָרן אַרויס, ווי רעפּאַטריאַנטן, און מיר זענען געקומען זיך געזעגענען.

געווען זענען מיר ביי חברים, אויף אַ סך ערטער. יעדן אָוונט אויף אַן אַנדער אָרט. איך וועל נישט אויסרעכענען געענוי, ביי וועמען, אָבער די אויפנאַמעס זענען געווען אויסטערלישע: מיט אַ „לחיים", מיט געזאַנגען און מיט האַרציקע אָפענע מיינונגס־אויסטוישן.

מיר זענען געווען ממש צערודערט דערהערנדיק אַזעלכע רייד, וועלכע מיר האָבן זיך נישט געריכט צו הערן. עס איז ווי געמינערט געוואָרן דער

פריערדיקער פחד, זיי זענען ווי אַנדערע געוואָרן. עס איז געקומען די צייט פון דער ראַדיאָ־אוידיציִע, אויף דער רוסישער שפּראַך, אויך אויף דער יידישער, פון ירושלים — האָט מען כמעט עפּנטלעך אָנגעשטעלט דעם ראַדיאָ אויף דער פּאַסיקער כוואַליע און זיך איינגעהערט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט און אינטערעס. ערשט מיט דריי יאָר צוריק זענען געווען בלויז ראַדיאָ־פּונקטן, מיט צוגעפּאַסטע פּראָגראַמען פון די סאָוויעטישע ראַדיאָ־סטאַנציעס. אפילו די, וואָס האָבן פאַרמאָגט אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט, האָבן אים פאַרבאַהאַלטן און געהערט זייער זעלטן „דאָס קול פון ישראל", מיט דער הילף פון ראַדיאָ־הערערס, בלויז איינער פון דער משפּחה. די שרעק איז מער פאַרבליבן ביי די עלטערע, די יונגע זענען געווען מער דרייסט און אָן פּחד. די אַסימילאַטאָרישע טענדענצן זענען אויך פאַרבליבן מערסטנס ביי די עלטערע, די יונגע האָבן מער געגאַרט צו יידישקייט, צו אויסלעבן זיך נאַציאָנאַל, אָבער נישט רעליגיעז, ווי די אַלטע. די זיגערישע מלחמות וועלכע ישראל, די זעלבסטשטענדיקע יידישע מלוכה האָט געפירט, האָבן דערוועקט אין זיי יידישן שטאָלץ, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס דער ראַטנפאַרבאַנד איז געוואָרן אַ קעגנער פון דער יידישער מלוכה און געשיקט צו די אַראַבער געווער און אינסטרוקטאָרן, קעגן דעם „אַגרעסאָר".

אָן איבעריקע רייד האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז מיר רעפּאַטרייִרן זיך קיין פּוילן, כדי פון דאָרטן עולה זיין, ווי אַמשנעלסטן, קיין ישראל. וואָס פּוילן ?! פּוילן איז רוסלאַנד, נאָך מיט אַ גרעסערן אַנטיסעמיטישן סטאַזש. אָבער פון דאָרטן קאָן מען פאָרן קיין ישראל און פון ראַטנפאַרבאַנד — נישט. דאָך פאַרלירן זיי נישט די האָפענונג, אַז אויך צו זיי וועט קומען דער פרילינג. דער שטראָם ווערט שטאַרקער און אימפּעדיקער, ער וועט די „טאַמע" צעשמעטערן. דער עיקר — זיין גרייט אויף דעם היסטאָרישן מאָמענט, נישט שווייגן. און וואָס מער די יידישע וועלט וועט ליאַרעמען, אַלץ שנעלער וועט די גאולה קומען.

מיר האָבן געזונגען אויף בראָדערזאָנס ליד:

— מענטשן, נעבעך, בלינדע. אין דער פינצטער טאַפּן

דאַרף מען זיין אַ שמידער, פּאָדקאָוועס אָנקלאַפּן...

— יאָ, האָב איך געטראַכט, נאָכן ליקווידירן די יידישע קולטור, נאָכן ליקווידירן די יידישע פרעסע, שולן און טעאַטערס דאַרפן זיי, פאַר יעדן פרייז, זיך באַקענען מיט דער יידישער געשיכטע, מיט די שפּראַכן פון דעם פאָלק, מיטן יידישן פאָלק. אָבער ווי אַזוי? דער ווילן אַליין איז נישט אַלץ, מען מוז האָבן לערער און ביכער.

כמעט אַלע האָבן באַקומען מיטעלע און העכערע בילדונג. זיי זענען פעיק אויפצונעמען. אַ ווילן פאַרמאָגן זיי — ווען זיי צוקומען צו אַלץ, ביי אַלע שוועריקייטן.

— אויך די יידישע אינטעלעקטואַלן, וואָס זענען גענוג אַסימילירט און קעמפן פאַר פרייהייט פונעם וואָרט, פאַר אמתער דעמאָקראַטיע דאָ אויפן אָרט, דערוועקן צו זיך מיטגעפיל, אָבער די פאַרגאַנגענהייט האָט אָפּגעלייקנט זייער וועג. בלויז ביי זיך אין לאַנד וועלן יידן קאָנען זיך אויס־לעבן פריי. — אַזוי האָבן די יונגע געטענהט מיט יידישן ברען.

אין די פרימאָרגנס פלעגן מיר באַזוכן די גרויסע מאַגאַזינען, די אוני־ווערמאַגן און איינגעקויפט, וואָס עס האָט זיך געלאָזט. נישט איין מאָל איז אויסגעקומען אויסצוקויפן זייער ריי ביי פאַרמיטלערס, ביי אינוואַלידן — אַזוי אַרום זענען מיר צו עפּעס צוגעקומען. מיר האָבן געקויפט אַ גרויסן טעלעוויזאָר, אַ טייפּרעקאָרדער, צוזאַמען מיט אַ פּאַטעפאָן, אַ פּופּציק גרויסע פּלאַטן מיט מוזיק פון די גרעסטע קאָמפּאָזיטאָרן. קיין פריזשידער „זיל־מאָסקוואַ" האָבן מיר נישט געקאָנט באַקומען, אויך נישט קיין מאָטאָציקל. יאָרן וואָלט מען געדאַרפט וואַרטן אויף זיי, רעגיסטרירנדיק זיך כמעט יעדן טאָג. דער צימער אין האָטעל איז פאַרפולט געוואָרן מיט אַ גרויסן באַגאַזש, — וועלכן מיר האָבן באַדאַרפט אָפּשיקן קיין קיעוו און פון דאָרט ווייטער — קיין פוילן.

עס האָט געוואַרט אויף אונדז דאָס פאָרן קיין לעטלאַנד — ריגע. מעגלעך, אַז דאָרט וועט אונדז אונדזער פריינד יעקב העלפן צו באַקומען די נויטיקע זאַכן.

אונדז איז אויך געלונגען צו באַזוכן די „טרעטיאַקאָווסקע גאַלעריע" מיט אירע טויזנטער פּרעכטיקע מאָלערייען פון די גרעסטע קינסטלער פון אַלע צייטן. מר זענען געווען אַנטציקט, אָבער אויסרעכענען מיט וועלכע

קונסטוועדק — איז כמעט אוממעגלעך. מיר האָבן אויך באַזוכט דעם באַ־לעט „דער רויטער מאָן" איז דעם גרויסן אָפּערע־טעאַטער. אַ מענגע פאַרבן, פּרעכטיקע אויספירונג פון די באַרימטסטע טענצער, אויגנפאַרכאַפּנדיקע דעקאָראַציעס. אַ תענוג!

פון דאָרטן האָבן מיר געמאַכט אַ נאַכט־שפּאַציר איבער די גאַסן. אַ לייכט ווינטל האָט צעטראָגן אַ מילדע קילקייט. ס'איז אָנגעקומען די טיפע נאַכט מיט אַ ים פון שטערן אויפן טונקל־בלויען הימל. מאַסן פאַרלעך שפּאַנען אַהיים פון די טעאַטערס, קינאָס און פאַרקן. פון ערגעץ דערטראָגט זיך אַ געזאַנג:

„סטראַנאַ מאַיאַ (לאַנד דו מיינס)
מאָסקוואַ מאַיאַ (מאָסקווע מיינע)
ווי קען מען דיך נישט ליב האָבן?!"

נישט לייכט איז און ס'וועט נישט זיין זיך צו געזעגענען מיט מאָס־קווע. אַ שטאָט — אַ גיגאַנט! די נאַכטליכט, ווי ביי טאָג. מען וואָלט דאָ געקאָנט לעבן און גוט לעבן, נאָר די, וואָס פירן אָן מיטן לאַנד — זיי לאָזן נישט. אמת, נישט אַלעמען לאָזן זיי נישט, אָבער אַ גרויסע צאָל, מערסטנס די יידן. פאַר זיי איז דאָ קיין אָרט נישטאָ. פאַר וואָס זשע לאָזן זיי די יידן פון דאַנען נישט אַרויס? די גאַנצע וועלט איז פריי, פאָר וווהין דו ווילסט. און דאָ איז פאַראַן אַן אייזערנער פאָרהאַנג, וואָס טיילט אָפּ, אפילו פון די נאָענטסטע, אַזוי וויניק פאַרבליבענע...

## דער מאָרגנשטערן שיינט שוין ווידער

שוין אָוועקגעשיקט אַן היפשן באַגאַזש קיין קיעוו, שוין געזעגנט זיך מיט אונדזערע פריינד אין מאָסקווע, אויך מיט מאָסקווע זיך געזעגנט. מונ־טערע, פריילעכע, כאָטש מידע, פאָרן מיר קיין ריגע. מיין חבר פון די געמיינזאַמע איבערלעבונגען אין דעם וויטשעגאָדסקער לאַגער, יעקבן, פון דער „קיפּיאַטילקע", האָבן מיר צו וויסן געגעבן, אַז מיר קומען. ער האָט

ווירקלעך אונדז אָפּגעוואַרט אויפֿן ריגער וואָקזאַל. מיר האָבן באַמערקט אַ יונגן מענטשן, עלעגאַנט געקליידעט, אויך ער האָט געקוקט אויף מיר מיט פֿרעגנדיקע בליקן און געצווייפֿלט, צי דער איז מאַרקאָוויטש. מיט קיין באָרד האָט ער מיך נישט געזען. ווען מען האָט אים אַרויסגעטריבן פֿונעם לאַגער, האָב איך נאָך קיין באָרד נישט געהאַט, דאָך האָבן מיר בײדע אינטויִטיוו דערקענט איינער דעם אַנדערן. די הערצער האָבן האַסטיקער געקלאַפּט, אין גאָרגל האָט זיך עפּעס האַרטס געשטעלט, עס איז שווער געווען אַרויס־צוזאָגן אַ וואָרט. גאָר אין גיכן האָבן מיר זיך באַרויִקט, ווען מינדעלע האָט באַמערקט:

— פֿע, מענער זאָלן אַזוי פּילבאַר זײַן... און ווער — געוועזענע לאַ־גערניקעס !...

מיר זענען געפֿאָרן אין אַ טאַקסי צו אים אַהיים. מיר בײדע האָבן זיך אַרומגענומען, געקוקט אין די אויגן און געשוויגן. וויפֿל זכרונות, ווי אין חלום, האָבן מיר אין די געציילטע מינוטן זיך דערמאָנט, געזען און אַדורכ־געלעבט. דאָס לאַגער־לעבן איז אונדז ווי אַרײַן אין בלוט, אין די מוחות — נישט צו פֿאַרגעסן.

סײַ זײַן פֿרוי, סײַ זײַערע צוויי יונגע זונדלעך האָבן אונדז אויפֿגענומען ווי מען נעמט אויף אייגענע. מיר האָבן זיך באַלד דערפֿילט היימיש, ווי מיר וואָלטן דאָ געווען נישט צום ערשטן מאָל.

עס איז געווען אַ גרויסער אונטערשייד אין אונדזער עלטער, בפֿרט נאָך, אַז מײַן באָרד האָט מיך נאָך עלטער געמאַכט, אָבער די געמיינזאַמע איבערלעבונגען האָבן אונדז פֿאַרבונדן און פֿאַרקניפּט, ווי די נאָענטסטע חברים.

עס וואָלט אפֿשר כדאַי געווען צו דערמאָנען וועגן יעקבן, וואָס האָט אין די צײַטן פֿון היטלערס אָקופּאַציע פֿון לעטלאַנד געדינט מענגעלען און זײַנס גלײַכן אַלס קראָליק צו געפֿערלעכע מעדיצינישע עקספּערימענטן, דער טויט איז אים אָפֿטער נענטער געווען ווי דאָס לעבן. דאָך באַפֿרײַט געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי, זיך געטראָפֿן מיט זײַן ווײַב, וואָס האָט באַוויזן זיך רעפּאַטריִרן. זיי האָט שוין אָפּגעגליקט צו זײַן געבענטשט מיט צוויי ייִנגעלעך. דאָך האָט זיי די מ.ג.ב., די סאָוויעטישע יוסטיץ צעשיידט,

צוליב אַ מסירה, אַז ער זאָל האָבן „געדינט ביי די דייטשן", און צווישן זיינס גלייכן פאַרשפּרייט פּאַניקיאַרישע מיינונגען און געצווייפלט אינעם זיג פון די סאָוויעטן. נאָך אַ פּאָר יאָר זיין אין די לאַגערן, איז ער כמעט אַרויסגעטריבן געוואָרן, אין די צייטן פון כרושטשאָוון. מען האָט אים אפילו רעהאַביליטירט. איצט אַרבעט ער ביי זיין פאַך, ער פּאַרטיקט אויס פּיל־סענע מענער־הוטן און האַלט אויס בכבודיק די פאַמיליע.

אין אָוונט איז פול געוועזן זיין הויז מיט חברים און פריינד. ווי חסי־דים צו אַ רבן זענען זיי געקומען, ווען זיי האָבן זיך דערוווסט, אַז איך פאָר קיין ישראל. זיי האָבן געוואָלט זיך טרעפן מיט מיר, ווי מיט זייערן אַ שליח אין דעם אויסגעטרוימטן לאַנד. זיי האָבן דרייסט אַרויסגעזאָגט וועגן זייער בענקשאַפט און טרוים. דאָ פאַרבלייבן קאָנען זיי נישט. דאָ איז פאַר יעדן איינעם פון זיי אַ בית־הקברות, דאָ האָט מען זיי פּיינט, דאָ קענען זיי זיך נישט אויסלעבן, ווי יידן, דאָ ווערן זייערע קינדער פאַרסמט מיט גוייש־קייט און זיי ווילן, אַז די אַזוי ווייניק פאַרבליבענע, זאָלן בלייבן יידן און פאַרזעצן די קייט פון די שפּראַכן פון יידן און פון דער יידישער קולטור.

דאָס איז נאָר מעגלעך דאָרט, אין יידישן לאַנד. גליקלעך איז דער ייד, וואָס קען שוין אַהין עולה זיין. זיי ווילן האָפן, אַז אויך פאַר זיי וועט קומען אַזאַ מעגלעכקייט. אויף אַלץ זענען זיי גרייט, כדי צו דערגרייכן צום ציל. קיין שום טורמעס און לאַגערן וועלן זיי נישט אָפּהאַלטן. נישט אַלע קאָן מען פאַרמישפּטן...

איך בין געוועזן געניג פאַרזיכטיק און בלויז אויסגעהערט זיי. אין האַרצן האָב איך געפילט אַ גרויסע פרייד און אַ גלויבן אין זייער זיג.

בלויז מיט יעקבן בין איך געוועזן אין גאַנצן אויפריכטיק. אויך אים האָט אינטערעסירט מיין מיינונג וועגן פאַרשידענע פראַגן וועגן ישראל: פאַר וואָס האָט זיך די סיני־קאַמפּאַניע, וואָס האָט זיך אַזוי זיגרייך אָנגע־הויבן, אַזוי שלעכט זיך פאַרענדיקט? צי האָט נישט געקלעקט קיין אויס־דויער, אָדער כוחות?

מיינע ענטפערס האָבן אים נישט באַפרידיקט. — מילא, זענען די ענג־לענדער און די פראַנצויזן צוריקגעטראָטן, אונטער דער דראָונג פון רוס־לאַנד און אויך פון אַמעריקע, אָבער ישראל וואָלט זיך באַדאַרפט איינ־

שפּאַרן און נישט אָפּטרעטן. רוסלאַנד וואָלט קיין מיליטערישע שריט נישט אָנגעווענדעט, אפשר וואָלט זי געשיקט מאָדערן געווער קיין מצרים, אַמע־ריקע וואָלט בכלל געשטאַנען אין אַ זייט און מ י ר וואָלטן זיי אַ טובה גע־טאָן מיטן פאַרנעמען דעם סועץ־קאַנאַל.

— צי האָט איס דען נאַצער געבויט? ער האָט איס בלויז אַוועקגע־רויבט. —

איך בין זיך מודה, אַז איך אַליין האָב זיך נישט אַזוי גוט פונאַנדער־געקליבן אין דער פראַגע, כאָטש די סאָוויעטישע פּראָפּאַגאַנדע האָט אויף מיר נישט געווירקט. איך האָב אָבער געגלויבט, אַז דאָס נייע און נאָך שוואַכע לאַנד ישראל קען זיך נישט אַנטקעגנשטעלן אַזעלכע „גרויסע בערן".

ער, יעקב, האָט געקוקט אויף מיר און מיין פרוי, ווי אויף גליקלעכע מענטשן. ער האָט אונדז געוואָלט צושטעלן די מעגלעכסטע פאַרגעניגנס, אַלס טייערע געסט, וואָס האָבן אין אים נישט פאַרגעסן און געקומען זיך געזעגענען. ער האָט אונדז געפירט איבער דער שטאָט, ער האָט באַזאָרגט מיט בילעטן אין דער אָפּערע, וווּ עס האָט געשפּילט די הויפּטראָל אַ באַ־ווּסטער יידישער באַריטאָן. ער האָט אונדז פאַרגעלייגט זיין נייעם פריזשי־דער „זיל־מאָסקוואַ", נאָר מיר זאָלן פאַר איס קויפן אַ קלענערן „סאַראַ־טאָן". מיר האָבן איס צוריק פאַרפּאַקט און אָפּגעשיקט גלייך קיין וואַרשע.

אונדזער געזעגענען זיך איז געווען רירנדיק ביז טרערן.

„פאָרט געזונט!" „להתראות בארץ" — די אויסגעשרייען האָבן גע־הילכט אויפן ריגער וואָקזאַל, בשעת מיר זענען אָפּגעפאָרן. מיר האָבן זיך געפרייט, דאָך האָבן מיר מורא געהאַט עס זאָל אונדז נישט קאָסטן צו טייער אַזאַ רווישיקער געזעגענען זיך. די באַן האָט גערירט, נאָר דער אָפּהילך האָט נאָך געקלונגען אין אונדזערע אויערן...

מיט קיעוו האָבן מיר זיך נישט אַזוי האַרציק געזעגנט, נישט מיט דער שטאָט און נישט מיט די געוועזענע חברים. צו פיל אַנטוישונגען האָבן מיר דאָ געהאַט, מיט צו שווערע פּרוּוון זענען מיר דאָ געפּרוּווט געוואָרן. רי־

רעוודיק האַרציק האָב איך זיך געזעגנט מיט דער אַלטער פויערין פון דער סטאַנציע וואַסילקאָוו, וועלכע האָט מיר געלאָזט זיך פאַרמעלדן אין איר הויז, אָן שום באַלוינונג. אויך מיט דער האַרציקער סיביריאַטשקע פון „אַוויר", וואָס האָט צוגעהאָלפן צו באַקומען אַ דערלויבעניש אויף אַרויס־צופאָרן, פאַרהאַלטנדיק דאָס אַרויסגעבן די דערלויבעניש פון אונדזער זון, ביזן לעצטן טאָג. ביים געזעגענען זיך האָט זי פאַר אונדז אַנטפלעקט איר ביטערן סוד, אַז זי איז קראַנק אויף אַ ראַק און זי קלייבט זיך אין גיכן זיך צו שיידן מיט דער וועלט. דרך אגב, גלויבט זי, אַז אין ישראל זענען פאַ־ראַן מעגלעכקייטן זיך אויסצוהיילן פון דער קרענק. אפילו דער מיניסטער שווערניק איז אַהין געפאָרן... די ידיעה האָט מיך און מינדעלען צערודערט, אפילו געריירט ביז טרערן. מיר האָבן געפרווט זי טרייסטן. זי האָט זיך געלאָזט טרייסטן, כאָטש זי האָט שוין פאַרלוירן דעם גלויבן אין נסים.

אין די לעצטע טעג פון חודש מאַי האָבן מיר באַדאַרפט אַרויספאָרן. אין קלענערע קאַסטנס האָבן מיר פאַרפּאַקט די זאַכן. וואָס עס האָט זיך גע־לאָזט האָבן מיר פאַרקויפט פון דעם מעבל און אַנדערע שטובזאַכן. די מע־טאָדיקעס האָב איך צעטיילט די לערער פון דער שול און די לייען־ביכער די שילערינס — זאָלן זיי אין אונדז געדענקען.

אַלע, אַלע האָבן מיר מוחל געווען, סיי פאַר זייער נישט מענטשלע־כער באַציונג אין דער צייט פון מיין פאַרשיקונג און נאָכן באַפרייען, וויסנ־דיק ווי גרויס איז דער פחד און אומצוטרוי מצד די מענטשן אין ראַטנפאַר־באַנד, אָבער נישט אַראָן סאַמאַילאָוויטש גרופין, דעם העסלעכן פראָווא־קאַטאָר. זאָלן אים אָנגיין די קללות, מיט וועלכע סיי מיר, סיי אַנדערע האָבן אים פאַרשאָלטן...

*

דער רויטער מאָרגנשטערן האָט אויפגעשיינט פאַר אונדז אין יאָר 1939, בשעת מיר האָבן זיך געפונען אויפן ראַנד פון אומקום. ביי זיין שיין האָבן מיר געוואַנדערט במשך פון די מלחמה־יאָרן איבערן גרויסן רוסלאַנד, אין הונגער און נויט, מיט דער פולער האָפענונג אויף אַ בעסערן מאָרגן.

לײדער, האָט דער רויטער מאָרגנשטערן אונדז אַנטוישט. ער האָט אַרײַנ־געשפּיזט זײַנע שפּיציקע נעגל 25 טעג פֿאַרן טויט פֿון דעם „פֿאָטער פֿון דער אַרבעטערשאַפֿט פֿון דער גאַנצער וועלט״ — דער געטלעכער ס ט אַ ל י ן. מען האָט מיך פֿאַרטריבן אויף זיגזאַגישע וועגן פֿון פּײַן און דערנידערונ־גען, אָן אַ פֿאַרוואָס. זײַנע יורשים האָבן זיך אויך געשפּילט מיט מיר, ווי אַ קאַץ מיט אַ מויז, אָפּגעלאָזט אויף אַ ווײַל און אויף ס׳נײַ געכאַפּט. אפֿילו אויף דער פֿרײַ, צווישן שטעכלדיקע דערנער, פֿון דער ווײַטנס פֿון מײַן פֿרוי און זון, איז מיר ביז גאָר שווער געווען, אוי שווער!

ערשט איצט, ווען מיר האָבן באַקומען אַ מעגלעכקייט אַרויסצופֿאָרן קײַן פּוילן און פֿון דאָרט וועלן מיר זיכער עולה זײַן קײַן ישראל, האָט אויפֿגעשײַנט אויף ס׳נײַ דער ווײַס־בלויער מאָרגנשטערן, מיט נײַע האָפֿע־נונגען, מיט העלע פּערספּעקטיוון, וואָס האָבן אָנגעפֿולט אונדזערע הערצער מיט פֿרייד און ביטחון. מיר האָבן פֿרײַ אָפּגעאָטעמט, ווי צום ערשטן מאָל, ביים געבוירן ווערן...

# אויפן וועג קיין פוילן

שוין אַריבער די לעצטע אונטערזוכונג פון אונדזערע זאַכן, וואָס מיר פירן קיין פוילן. איך האָב דער גרענעצוואַך פּאַרלייכטערט זייער אַרבעט. יעדער קאַסטן איז געווען נומערירט. דערצו האָב איך צוגעלייגט אַ גענויע רשימה, וועלכע זאַכן געפינען זיך אין יעדן קאַסטן באַזונדער. דער הויפּט־אויפזעער אויף דער קאָנטראָל, אַ יונגער אָפיציר, מיט כיטרע קעצישע אויגן, האָט דערביי אַ שמייכל געטאָן און באַפוילן צו עפענען דעם קאַסטן מיטן נומער 7. ער אַליין האָט גענוי קאָנטראָלירט יעדע זאַך באַזונדער און זיך איבערצייגט, אַז די רשימה איז אַ גענויע און אַ ריכטיקע.

ער האָט נישט באַפוילן צו עפענען די איבעריקע קאַסטנס.

— צי האָט איר ביי זיך סאָוויעטישע געלטער? — האָט ער אַ פרעג געטאָן.

— יאָ, נאָר גאָר ווייניק. אין גאַנצן 50 רובל. איך האָב זיך איבער־געלאָזט צו באַצאָלן דעם טרעגער.

— קיין איין רובל איז נישט דערלויבט מיטצונעמען. גייט באַלד צום בופעט און קויפט עפעס פאַר זיי. — האָט ער מיר געראָטן גוטוויליק.

איך האָב אים געפאָלגט און באַלד צוריקגעקומען מיט אַ פלאַש בראָנפן און אַ פּליטע שאָקאָלאַד. איך האָב געוואָלט מכבד זיין אים און זיינע גע־הילפן. אָבער ער האָט עס נישט דערלויבט צו טאָן.

ביים געזעגענען זיך האָט ער מיר דערלאַנגט זיין האַנט און צוגע־ווונטשן דערפאָלג אין מיין אַלט־ניי פאָטערלאַנד.

די באַן איז נישט געווען קיין לאַנגע, אין גאַנצן האָט דער לאָקאָמאָ־טיוו געשלעפּט בלויז עטלעכע וואַגאָנעס, אָבער פון די לוקסוס־באַנען, מיט געלעגערס און באַקוועמלעכקייטן. אונדז האָבן אויפגענומען פּוילישע קאָנ־דוקטאָרן אין נייע פאָרמענע אָנצוגן, מיט בלישטשענדיקע קנעפּ, מיט צווײ־קעפּיקע אָדלערס אויף זיי. עס האָט זיך דערהערט די שיפּעדיקע פּוילישע שפּראַך, דער העפלעכער טאָן, מיט דער גרייטקייט צו דינען.

אין וואַגאָן פאָרן בלויז איינצלנע רעפּאַטריאַנטן, מערסטנס יידן. עס איז אָבער גענוג געווען, אַז ס׳זאָלן אויך זיין בלויז עטלעכע פּאָליאַקן, מען זאָל רעדן בלויז אויף פּויליש, כאָטש ס׳איז שווער געווען זיך צו דערמאָ־נען, נאָך אַזאַ גרויסן איבעררייס. בכלל האָט מען ווייניק גערעדט, נאָר גע־טראַכט. עס איז געווען וואָס צו טראַכטן. דער עיקר וועגן די יאָרן אין ראַטנפאַרבאַנד.

מיר זענען טאַקע ווייט פון ראַטנפאַרבאַנד, אָבער דער פּחד איז נישט אויסגעוועפּט געוואָרן. קיינער האָט נישט קיין צוטרוי צום אַנדערן. יעדער איינער האָט מיט וואָס זיך צו טיילן מיט זיין שכן. יעדנס האַרץ איז פול מיט די איבערגעלעבטע ליידן און מיט דער פרייד, וואָס אַלץ איז שוין פאַר־ביי. די צוקונפטיקע טעג, האָפן אַלע, וועלן זיכער העלער זיין אפילו אין פּוילן, בפרט נאָך ביי די, וואָס טראַכטן וועגן ישראל. מיר דוכט זיך, אַז קיין איינער פון די יידן טראַכט נישט צו פאַרבלייבן אין פּוילן. פאַר יידן איז דאָס לאַנד אַ פאַרשאָלטנס, דער ריח פון קברים־בשׂמים דערשמעקט מען, ווען דער באַגריף פּ ו י ל ן קומט אויפן געדאַנק. אַזוי פיל קרבנות אויפן מיזבח דאָ געבראַכט. עס גרילצט נאָך אַלץ אין די אויערן דאָס ווילדע געלעכטער פון די פון אויסערן געטאָ, ווען בשעת דעם העלדישן ווידער־שטאַנד, זענען די נאָך פאַרבליבענע יידישע העלדן געשפּרונגען פון די ברע־נענדיקע געטאָ־מויערן.

די מערדער, די היטלעראָווצעס, האָבן געהאַט גענוג געהילפן צווישן דער פּוילישער יוגנט. נישט אומזיסט האָבן זיי אויסגעקליבן פּוילן, אַלס מאָרדפּלאַץ נישט בלויז פון די פּוילישע יידן, נאָר אויך פאַר די יידן פון גאַנץ אייראָפּע.

דאָס נייע סאָציאַליסטישע פּוילן איז זיכער ווי אַן איבערגעניצעווע־טער בגד, וואָס שמעקט מיט נאַפטאַלין, ס׳איז דער זעלבער ראַטנפאַרבאַנד, וואָס שלעפּט זיך אויף קוליעס, מיט אַן איינגעוואָרצלטן אַנטיסעמיטיזם.

דאָך זענען די רעיונות מונטערע און העלע. קיינער האָט נישט קיין חרטה, וואָס ער האָט פאַרלאָזט דעם סאָוויעטישן „גן־עדן”. ווער פון די אַלע פּאַסאַזשירן האָט נישט פאַרזוכט דעם טעם פון די טורמעס און לאַ־גערן? ווער איז געשלאָפן מיט אַ רויִקן שלאָף? עס זענען צוויי באַזונדערע זאַכן — אידעע און די ווירקלעכקייט. מיט געוואַלד־מיטלען קען מען קיין אידעע נישט פאַרווירקלעכן, בלויז פאַרקריפּלען קען מען זי.

אַזוי ציען זיך די געדאַנקען מאָנאָטאָן, ווי דאָס קלאַפּן פון די רעדער. בלויז דער גרילצנדיקער פייף פון דעם לאָקאָמאָטיוו דערמאָנט אין אַ סטאַנציע, וואָס מיר פאָרן אַדורך, אַז מיר זענען שוין ווייטער פון ראַטנ־פאַרבאַנד און שוין נענטער צו פּוילן.

מיר וועלן פאַרפאָרן קיין וואַרשע און דאָרט זיך פאַרהאַלטן, אפילו אויף וועלכער גאַס ווייסן מיר, אויף קראַקאָווער פאָרשטאָט, ביי אונדזער בעסטן יוגנטפריינד, ביי דודן. אַזוי האָט ער אונדז געשריבן און פאַרבעטן צו זיך. מיר האָבן זיך שוין אַזוי פיל יאָרן נישט געזען. ווי גוט איז, ווען מען האָט באַלד ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן! צי איז דען פאַראַן בעסערס, ווי דער האַרציקער שמייכל פון אַ פריינד, ווי די זאָרג און הילף־גרייטקייט פון אַ פריינד?

די צייט שטייט נישט אויף איין אָרט. די באַן לויפט און דערנענטערט זיך צו דער פּוילישער הויפּטשטאָט. די זאַכן האָבן מיר אַוועקגעשיקט אין אַ געווויסן סקלאַד, וואָס האַלט ביי זיך די זאַכן פון די רעפּאַטריאַנטן, בלויז קלייניקייטן פירן מיר מיט זיך. מיין לעבנס־באַגלייטערין איז גוט געשטימט, כאָטש זי זינגט נישט. מיר ביידע קוקן מיט גרויס פרייד אויף אונדזער זון, דעם אינזשעניער. ער האָט שוין געאַרבעט אַלס אויפזיכט־אינספּעקטאָר ביים בויען ליפטן אין די הויכע הייזער. די בויער זענען מענטשן הפקרדיקע, נישט שטענדיק פאָלגן זיי דעם אינספּעקטאָר, ביים אָננעמען פאָרזיכט־מיט־לען און פאַר יעדער קאַטאַסטראָפע ביי דער אַרבעט איז פאַראַנטוואָרטלעך דער אינספּעקטאָר. הייסט עס, אַז אונדזער זון האָט געדראָט דער גורל פון

זיין פאָטער: טורמע און לאַגער. איצט איז ער פון דעם פּטור געוואָרן. וועגן זיין מאָרגן האָבן מיר נישט קיין זאָרגן.

אונדזער באַן איז געווען אַן אויסעראָרדנטלעכע, בלויז פּאָר רעפּאַ־טריאַנטן. מען האָט נישט געקאָנט פּאָרויסזען, ווען מיר וועלן אָנקומען אויפן אָרט. האָבן מיר דעריבער נישט טעלעגראַפירט צו דודן, ווען מיר קומען אָן.

מיט אַ טאַקסי זענען מיר פאַרפאָרן אויפן אָנגעגעבענעם אַדרעס. פונעם הויפּט־וואָקזאַל, וואָס האָט אַ מאָל געהייסן „ווינער" זענען מיר בלויז אַריבערגעפאָרן די יערוזאַלימער אַלייען און שוין זענען מיר געווען אויף „נײַ־וועלט" און אויף „קראָקאָווער פאָרשטאָט", אַנטקעגן דעם הויכן קאָס־טיאָל. אין דעם הויף, ווו עס געפינען זיך ביזן היינטיקן טאָג די „רוימישע בעדער", זענען מיר שוין געווען אויפן אָרט. נישט דוד, נישט זיין פרוי ריווע זענען געווען אין דער היים. זיי זענען ביידע פאַרנומענע מענטשן: ער אַרבעט אַלס גענעראַל־סעקרעטאַר פונעם יידישן קולטור־פאַרבאַנד, אויף נאַוואָגרודסקע 5 און זי איז אַ לעקטאָרין פון קינאָ־קונסט אויפן אוניווער־סיטעט. אונדז האָט זייער גאַסטפריינדלעך אויפגענומען זייער געהילפין סטאַסיע. זיי האָבן זי, ווייזט אויס, צוגעגרייט דערצו. אויך זייער זון איז גע־ווען אין דער היים. כאָטש ער, לעאָן, איז געווען יינגער פון אונדזער זון, דאָך האָבן זיך ביידע געפילט, ווי נאָענטע חברים.

מיר האָבן זיך געוואָלט אויסבאָדן, איז אָבער אין דעם וואַנע־צימער געווען געפּלאַצט אַ רער אין דער וואַנט, מעגלעך שוין פון יאָרן־לאַנג. זי איז כמעט איבעריק געווען, ווייל ס'איז באַקוועמער געווען זיך אַראָפּכאַפּן אין די „רוימישע בעדער", אַ באָד מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן, אפילו מיט אַ באַסיין צו שווימען, מיט אַ בופעט, מיט טאַפּטשאַנעס צו רוען. מיר האָבן אָבער נאָך נישט פאַרמאָגט קיין פוילישע וואַלוטע. אַ ביסל האָבן מיר אויס־געבאָרגט ביי לעאָנען.

צוריקקערנדיק זיך פון דער באָד, האָבן מיר שוין געטראָפן די באַלע־באַטים אין דער היים. רירנדיק איז געווען אונדזער באַגעגעניש נאָך אַזוי פיל יאָרן. אין יאָר 1947 האָבן מיר זיך געטראָפן מיט זיי אין מאָסקווע. זיי האָבן זיך ווייניק געביטן, אָבער איך האָב, מיט דער באָרד, אויסגעזען פיל עלטער. דערצו האָבן מיינע איבערלעבענישן באַווירקט נישט צום גוטן.

נאָכן ערשטן „לחיים״ האָבן זיך אַ שיט געטאָן פראַגן:

— צו וואָס דאַרפסטו, יואליק, דיין גרויע באָרד. זי מאַכט דיך אַ סך עלטער. דו זעסט שוין באַלד אויס, ווי דיין טאַטע, ע״ה.

— איך האַלט, אַז די באָרד פּאַסט אים דווקא. ער זעט אויס סאָלידער, ממש אַ פּראָפעסאָר — האָט ריווע זיך אַרויסגעזאָגט.

— אין סאָוויעטישן לאַגער האָט מיר די באָרד נישט שלעכט געדינט. אַ דאַנק איר בין איך צו די אינוואַלידן פאַררעכנט געוואָרן און אויסגעפירט לייכטערע אַרבעטן.

— און דו, מינדעלע, זינגסט נאָך היינט, ווי אַמאָל? — האָט דוד אַ פרעג געטאָן מינדעלען.

— אוודאי! מעגלעך ערגער, ווי פריער, אָבער איך זינג. אָט הער דיין לידל, דוד!

מאָמעניו, ליובעניו, האַרצעניו, קרוינעניו,
שווייג שוין אַ ווײַלינקע שטיל!

אַ פייכטער אָפּגלאַנץ האָט זיך באַוויזן אין דודס אויגן. דאָס לידעלע האָט אים אין זייער אַ סך דערמאָנט.

— און זלמנס לידל געדענקסטו, דוד? קיין סך לידער האָט זלמן נישט געזונגען. בלויז דאָס:

— קינדער, וואָס שלאָפט איר
קינדער, וואָס שווייגט איר?
עס איז שוין צייט שחרית צו דאַווענען.
נישט קיין שחרית, נישט קיין מוסף,
נישט קיין מינחה, נישט קיין מעריב.
מיט וואָס זשע וועלן מיר קומען אויף יענער וועלט?!

— צי האָט ער באַוויזן אָט דאָס אַלעס אָפּצודאַווענען? ער איז אַזוי יונג פון דער וועלט געגאַנגען! ער האָט זיכער נאָך אַ סך נישט דערזאָגט ביי זיין לעבן.

עס איז מערקווירדיק, אַז נאָך אַזוי פיל יאָרן פון צעשיידונג, פון אויסטערלישע וואַנדערונגען און איבערלעבונגען איז די וויכטיקסטע טעמע פון אונדזער געשפּרעך געווען די לידלעך פון אַמאָל, וועגן די נאָענטסטע

חברים, וואָס האָבן נישט דערלעבט. די פאַרגאַנגענהייט איז אַריין אין אונ־דזער בלוט און ווי געפאָדערט: פאַרגעסט אונדז נישט!

ריווע האָט זיך באַמיט איבערצורייסן דאָס דערמאָנען זיך אין טרויע־ריקן אַמאָל, אָבער אָן דערפאָלג. אויך מינדעלע האָט זיך באַמיט צו זינגען פריילעכע לידער פון דעם סאָוויעטישן רעפּערטואַר. זיי האָבן אָבער נישט גערעדט צו אונדזערע הערצער.

— איר זענט זיכער מיד פונעם וועג, גייט לייגט זיך צו און שפּעטער וועלן מיר נאָך שמועסן — האָט פאָרגעלייגט ריווע. מיר זענען טאַקע מיד געווען סיי פונעם וועג, סיי פון די דערינערונגען. די געלעגערס זענען שוין גרייט געווען און מיר האָבן געפאָלגט דער באַלעבאָסטע.

## אַ שפּאַציר איבער די וואַרשעווער גאַסן

איבער דער נאַכט איז די מידקייט ווי פאַרשוווּנדן. עס האָט אונדז געצויגן דער חשק צו זען די שטאָט וואַרשע, וועלכע מיר האָבן פאַרלאָזט מיט 19 יאָר צוריק. געוווּסט האָבן מיר וועגן די שרעקלעכע איבערלעבע־נישן פון דער שטאָט במשך פון דער צייט, איבערהויפּט פון די יידישע גאַסן און אירע באַוווינער, חורבות, חורבות. הונדערטער טויזנטער זענען אומגעקומען, אָן הייפל העלדישע געטאָ־קעמפער האָבן במשך פון וואָכן גע־קעמפט מיט אַ קליינער צאָל געווער אין די הענט קעגן אַ רעגולערער דייי־טשער אַרמיי, קעגן טאַנקן און האַרמאַטן, קעגן זייערע אויסגעשולטע היצ־לען און העלדיש געקעמפט, ביזן לעצטן טראָפּן בלוט. איך דערמאָן זיך ווי אַזוי די „ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ" האָט געשריבן וועגן די יידישע געטאָ־העלדן, וואָס האָבן געקעמפט מיט עקשנות און העלדישקייט, וואָס האָט איבערגעהאַקט דעם גלויבן אין דער „אומבאַזיגבאַרער" דייטשער אַרמיי.

איצט שפּאַצירן מיר אַלע דריי איבער די גאַסן פון וואַרשע. מיר דוכט זיך, אַז איך דערקען יעדער גאַס, יעדן פּאַרק און דענקמאָל. אָט שטייט קאָפּערניק, ווי אַמאָל, נישט ווייט פון אים שטייט דער „טעאַטער פּאָלסקי",

חי געווען. באַרג אַראָפּ געפינט זיך דאָך דער טעאַטער פון אסתר־רחל קאַמינסקי. ער איז זיכער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ חורבה. אויב נישט די דייטשן — האָבן די אַנטיסעמיטן, די פּאָליאַקן, אים אומגעבראַכט.

אָבער דער הויכער קאָסציאָל, מיט די ברייטע שטיגן איז פאַרבליבן. הונדערטער פרומע, אַלטע און יונגע, גייען אַרויף און אַראָפּ, מיט פאַרגלאָצ־טע אויגן, מורמלענדיק אַ תפילה, אַדורכפירנדיק מיט די פינגער אַ קרייץ איבער דער ברוסט. עס וווּנדערט, וואָס אויך איצט, אין דעם באַפרייטן פוילן, אין כמעט קאָמוניסטישן פוילן, זאָלן מענגעס יונגע מאַנאָכן אין לאַנ־גע, ברוינע סוטאַנעס, אַזוי פריי און זיכער פאַרפולן דעם קאָסציאָל. איך זע אין יעדן פון זיי אַ פּאָטענציעלן קעמפער קעגן דער רויטער, גאָטלאָזער פוילישער מאַכט.

מיר גייען אַדורך דעם פוילישן אוניווערסיטעט אויף קראָקעווער פאָרשטאָט. אָט דאָ האָבן די ענדעקישע באָיוווקעס געשלאָגן מיט שטעקנס די יידישע סטודענטן, וואָס האָבן זיך נישט געלאָזט פאַרטרייבן אין אַ „געטאָ" אין די אוידיטאָריעס.

נידעריקער שטייט דער דענקמאָל פון דעם גרעסטן פוילישן פּאָעט אַדאַם מיצקיעוויטש, דער מחבר פון „פּאַן טאַדעוש", פון „דזיאַדי". זיינע פּרעכטיקע ווערק פלעגן מיר לערנען אויף אויסנווייניק.

„איליע ציען צעניץ' טשעבאַ, טען טילקאָ סיען דאָוויע,
קטאָ ציען סטראַציל" (ווי דיך צו שעצן קען נאָר וויסן דער,
וואָס האָט דיך פאַרלוירן...)

מיר יידן האָבן די שיינע שטאָט וואַרשע פאַרלוירן, נישט נאָר די אומגעקומענע, נאָר אויך די אַזוי ווייניק פאַרבליבענע. אַלץ איז אַזוי פרעמד געוואָרן.

בלויז אין דמיון לעבן נאָך רעשטלעך פון די וואַרשעווער גאַסן. אפילו קיין קברים זענען נישט פאַרבליבן אין אונדזער אַמאָליקער היים. בלויז אין זכרון קען אויפלעבן די אַמאָליקע היים. ביי מיאָדאָווע־גאַס דערמאָנט זיך מינדעלע, ווי זי איז געלעגן אין אַ נאַכטהעמד פונעם שפּיטאָל, איין פוס אין גיפּס, דער צווייטער פאַרוויקלט אין אַן האַנטוך און אַרויסגעקוקט אויפן גואל, וואָס זאָל זי צופירן אויף די נאַלעווקעס 45, צו אַ באַקאַנטן. דער

גואל איז געקומען אין געשטאַלט פון אַ פוילישן אָפיציר, וואָס האָט זי אויף די הענט אַרויפגעטראָגן אויף אַ פורל און דערפירט זי אויפן אָרט.

דער היוכער מאָנומענט פונעם פוילישן קעניג שטייט אויפן אָרט, אָבער דער קעניגלעכער פּאַלאַץ איז איין גרויסע חורבה. פון איין זייט פון דער גאַס צו דער צווייטער איז אויפגעבויט געוואָרן אַ הויכע ברוק פאַר דורכגייער און די טראַמוויייען־באַוועגונג ציט זיך אונטערן בריק.

די אַלט־שטאָט איז רויִנירט, אָבער זי ווערט צוריק אויפגעשטעלט, לויטן פריערדיקן מוסטער. פון דאַנען לאָזן מיר זיך אין דער געוועזענער יידישער שטאָט: פראַנציסקאַנער־גאַס, פּאַוויע, נאַלעווקעס א.אַ. גאָר ווייניק חורבות זענען דאָ פאַרבליבן. מיר גייען אַדורך דעם „אומשלאַג פּלאַץ", פון וואַנען עס זענען טויזנטער פרויען און קינדער אַרויסגעפירט געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן. נישט ווייט שטייט דער פּרעכטיקער מאָנומענט פון די געטאָ־קעמפער. פון דער ווייטנס זעען זיך די חורבות פון דער באַרימטער טורמע אויף פּאַוויע־גאַס.

אויף די איבעריקע יידישע גאַסן זענען כמעט נישטאָ מער קיין חורבות.

הויכע, איינטאָניקע, געמויערטע הייזער זענען אויפגעבויט געוואָרן אויף די נאַלעווקעס, זאַמענהאָף־גאַס, פראַנציסקאַנער־גאַס, מוראַנאָוו א. אַ. נייע מענטשן, נישט־יידן וווינען אין זיי. ס'איז שווער צו דערמאָנען זיך, וואָס איז דאָ געווען און ווער האָט דאָ געוווינט פון די היימישע, וועלכע געשעפטן זיי האָבן געפירט. נייע גאַסן, נייע הייזער, נייע, פרעמדע מענטשן. מינדעלע זוכט מיט די אויגן דאָס אָרט, ווו ס'איז געווען די רעדאַקציע פון דער יידישער טאָג־צייטונג „דער מאָמענט". דאָ איז דאָך איינגעפאַלן דער בונקער, ווו זי האָט איין נאַכט איבערגענעכטיקט און ער האָט באַגראָבן אונטער זיך אַזוי פיל מענטשן, מערסטנס פרויען און קינדער — נאָר זי דערקענט נישט דאָס אָרט.

עס איז ענג אין האַלדז, אַ נעפּל האָט זיך ווי אַראָפּגעלאָזט איבער די אויגן, עס ווילט זיך אַנטלויפן פון דאַנען, אַנטלויפן.

פשעיאַזד, לעשנע־גאַס, דער יידישער שרייבער־פּאַראיין אויף טלאָמאַצקע 13, די גרויסע שול — קלאָגעדיקע חורבות איז פון זיי פאַרבליבן.

מיר גייען שוין שנעלער. דאָס האַרץ קען פּלאַצן פון די שווידערלעכע זכרונות, וואָס דערוועקן זיך, גייענדיק איבער די גאַסן. דאָ איז דאָך געווען דער טעאַטער „נאָוואָסטי״, דאָ האָט די „הבימה״ אירע פּרעכטיקע פאַר־שטעלונגען געוויזן, דאָ האָבן מיר געזען די „כישוף־מאַכערין״, וואָס איציק מאַנגער האָט באַאַרבעט און קלאַרע סעגאַלאָוויטש האָט עס אַדורכגעפירט. אויך די פּוילישע אָפּערע־געביידע ווערט ערשט איצט צוריק אויפגעשטעלט. אויך דער ראַטוש, אָבער קיין זכר לאָזט מען נישט די יידישע אינסטיטו־ציעס, וואָס זענען במשך פון לאַנגע יאָרן אויפגעבויט געוואָרן און פאַר־שוונדן, במשך פון שעהען...

דער זאַקסישער פּאַרק שטייט אויף זיין אָרט. נישט ווייט, אויף קרו־לעווסקי איז דאָך געווען דער פּאַלעסטינאַ־אַמט. דאָ האָבן דאָך יידן פון וואַרשע און דער אומגעגנט אַרויסגעקוקט אויף אַ סערטיפיקאַט, כדי צו קאָנען פאַרלאָזן די אָנגעזעסענע היים און עולה צו זיין אין דער אַלט־נייער היים, קיין ארץ־ישראל. גליקלעך איז געווען דער, וואָס האָט דעם סערטי־פיקאַט באַקומען. אָבער וויפל אַזעלכע גליקלעכע זענען געווען ?

די קרוין פון די וואַרשעווער גאַסן איז דאָך געווען מאַרשאַלקאָווסקע. אויך די ערשטע גאַס פון רעכטס — די שווענטאַ־קשיסקע־גאַס, מיט כמעט בלויז יידישע קראָמען פון ביכער, בילדער, אַנטיקן, דער באַרימטער פאַר־לאַג פון מאָרדקיעוויטשן. דאָ האָט גראַסירט די פּוילישע ווילדע יוגנט, מיט זייערע פּיקעטן, מיטן פאָטאָגראַפירן יעדן קריסט, וואָס האָט געוואַגט אַריינ־גיין אין אַ יידיש געשעפט און דערנאָך פאַרעפנטלעכט דאָס בילד אין זייער זשורנאַל „דער שבת־גוי״.

אויס יידישע געוועלבער, אויך פּוילישע זענען גאָר ווייניק פאַראַן, אין פּראָוויזאָרישע געביידעס. די גרעסטע טייל פון דער גאַס פאַרנעמט דער סאָוויעטישער פּאַלאַץ, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון סטאַלינען, וואָס האָט פאַר דער נייער פּוילישער מלוכה געלאָזט בויען אויפן חשבון פון ראַטנ־פאַרבאַנד. אויף דער רעכטער זייט הענגען נאָך די דעכער, אָט, אָט פאַלן זיי אַראָפּ, אָבער דאָס צענעמען די רוּינעס און דאָס בויען אויף ס׳ניי גייט צו גאָר נישט שנעל. צי דערפאַר וואָס ס׳פעלן געלט־מיטלען, אָדער אַר־בעטס־הענט, אָדער מען וואַרט אויף נייע פּלענער ?

מיר גייען אַדורך די יערוזאַלימער אַלייע, דאָ האָט מען אָנגעהויבן פאַר דער מלחמה בויען אַ טונעל פאַר דער „ווינער באַן". איצט איז דער טונעל פאַרלאָזט און פאַרמיסטיקט. אָבער די גאַס איז כמעט גאַנץ. דורך דער ניי־וועלט־גאַס קערן מיר זיך צוריק. דאָ, אויפֿן נומער 21, די ייִדי־שע אַקאַדעמישע היים, פלעגן מיר אָפט אַריינקומען. דאָ פלעגט פאָרקומען דער אידעאָלאָגישער קאַמף פון די סטודענטן פון אַלע ריכטונגען, קליינ־בוים דער ציוניסט, מאַלער און רינגעלבלום — די באַראַכאָוויסטן מיט הערשקאָוויטשן — דעם קאָמוניסט...

מידע, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, אין טרויער איינגעהילטע, זענען מיר געקומען אַהיים אויף קראָקעווער פאָרשטאָט.

אַלע דריי, מיט איין מיינונג. נייך, דאָ טאָרן מיר לאַנג נישט פאַר־בלייבן. לויט אונדזער מיינונג, דאַרף דאָ קיין ייד נישט פאַרבלייבן. דאָ איז אַ דושנע אַטמאָספער. אויף אַ בית־הקברות איז שווער צו וווינען. זייער ווייניק זענען פון שטענדיק אָן געווען צווישן די פּאָליאַקן יידן־פריינד. איצט נאָך ווייניקער. אפילו די יידן, וואָס וועלן זיך פּרווון אַסימילירן, אָפּווישן יעדער שפּור פון זייער יידישקייט. אפילו די, וואָס פאַרנעמען גאָר הויכע פּאָסטנס אין דער אַרמיי, אין דער פּאַרטיי וועט מען, ביי דער ערשטער געלעגנהייט, אויפדעקן און באַמיען זיך פון זיי פּטור צו ווערן...

## אין „שרודבאָראָוויאַנקע"

ביי אונדזער בעסטן פריינד פון די יוגנטלעכע יאָרן האָבן מיר זיך געפילט, ווי ביי זיך אין דער היים. די דירה איז געווען געראַום און גרויס, מיר האָבן באַקומען אַ באַזונדער צימער, אונדזער זון איז געשלאָפן אין איינעם מיט זייער זון לעאָן, אין זיין צימער. כאָטש ער איז געווען אַ שילער פון די ערשטע קלאַסן, האָט ער געגעבן מרדכין, אונדזער זון, די ערשטע לעקציעס פון דער פּוילישער שפּראַך. ער איז געווען ביז גאָר צופרידן פון זיין שילער, דעם 23־יאָריקן אינזשעניער, וואָס איז מיט גיגאַנטישע שריט געגאַנגען פאָרויס.

די באַלעבאַטים, סיי ריוועָ, סיי דוד זענען זייער וויניק צייט געווען אין דער היים, אָבער מיטאָג האָבן מיר געגעסן צוזאַמען. אויף זייער געהיל־פֿין, סטאסיע, האָט מען זיך געקאָנט פֿאַרלאָזן, אַז אַלץ וועט זײַן צוגעגרייט אין דער צייט. מערסטנס ביים טיש האָבן מיר זיך באַוויזן איבערצושמועסן:

— ס'איז אונדז טאַקע אַלץ ליב און טייער ביי אייך, אָבער קיין פּאַ־ראַזיטיש לעבן זענען מיר נישט געוווינט צו פֿירן. אמת, מיר האָבן באַשלאָסן פֿון פּוילן אַרויספֿאָרן קיין ישראל, אָבער עס מאַכט זיך נישט אַזוי שנעל, ס'מוז דויערן.

— וואָס יאָגט איר זיך? — האָבן ביידע געטענהט. — געוויס טראַכט איך פֿאַר אייך עפּעס אויפֿצוטאָן.

— איך וויל זיך נישט איינאָרדענען דאָ אויף אַ סטאַבילן פּאָסטן, אַלס לערער, אויך מאַרקס — אַלס אינזשעניער — ס'וועט שווערער זיין זיך אַרויסצורייסן פֿון דאַנען.

— איך פּלאַניר אייך איינצואָרדענען אין אונדזער רו־הויז, אין שרוד־באָרוווֹ. דו, מינדעלע, וועסט זיין אַ גוטע באַלעבאָסטע פֿון דערווירטשאַפֿט. אַלס אַזעלכע וועסטו באַקומען אַ צימער צו וווינען, מאַרקס וועט אַריינ־טרעטן אויף אַ קורס פֿון טעלעוויזיע, ביי די מלוכהשע טעלעוויזיע־אַנ־שטאַלטן און דו, יואל, וועסט שוין געפֿינען פֿאַר זיך אַ פּאַסיקע אַרבעט, מיט דער צייט.

דודס פּלענער זענען אונדז זייער געפֿעלן. פֿון אַזעלכע אַרבעטן קאָנען מיר זיך לייכט באַפֿרייען. דערצו וועלן מיר זיין באַזאָרגט מיט אַן אָרט צו שלאָפֿן, מיט עסן און מיט דער גוטער וואַלדלופֿט. דער עיקר די געזעל־שאַפֿט, אַן אינטעליגענטע, אַן יידיש קולטורעלע.

— קנה לך חבר טוב — אַ גוטן חבר איז כדאי אפֿילו צו קויפֿן פֿאַר זיך. אין דודס גוט חברישקייט האָב איך קיין מאָל נישט געצווייפֿלט. ער האָט דאָך פֿאַר אונדז אַן אַרויספֿאָדערונג, ווי פֿון אַ קוזין געשיקט, ער האָט פֿאַרבעטן צו זיך. ס'איז גאָר נישט אָפּצושאַצן אַזאַ חברישקייט אין דער ערשטער צייט פֿון אונדזער קומען אַהער. דערצו זאָרגט ער פֿאַר אונ־דזער מאָרגנדיקן טאָג. און נישט נאָר פֿאַר אונדז. ער איז דאָך דער געוועַ־

ראַל־סעקרעטאַר פון יידישן קולטור־פאַרבאַנד. ס׳קומען אָן אַלץ נייע יידי־שע רעפּאַטריאַנטן און ווער זאָל זיי העלפן ?

דודס פּלענער זענען גאָר אין גיכן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ווירק־לעכקייט. מיר זענען אַריבערגעפאָרן קיין שרודבאָרוו. אין דער טיף פון אַ געדיכטן סאָסנע־וואַלד איז געשטאַנען אַן העכערע געביידע, מיט קאָלאָ־נעס פון פאָרנט, ווי אַן אַמאָליקער פּאַלאַץ פון גרעפן. דער ריח פון די ביי־מער האָט ווי פאַרשיכורט. דער אָטעם איז לייכט געוועזן און די נאָזלעכער ווערן נישט מיד צו שמעקן, שמעקן. פאַרן אַריינגאַנג ציט זיך, אין דער לענג פון די קאָלאָנעס אַ לאַנגע וועראַנדע, ברייטע אָנגעגלאָזטע טירן, וואָס פירן אין אַ גרויסן זאַל, וואָס דינט פאַר אַן עסצימער און אויך פאַר פאַרוויילונגען און צוזאַמענפאָרן. אויפן העכערן שטאָק ציט זיך אַ לאַנגער קאָרידאָר און אין די ביידע זייטן טירן פון איינצלנע צימערן, ווי אין אַ האָטעל. אין זיי רוען די אָנגעפאָרענע חשובע געסט, פון דאָהי און פון אויס־לאַנד. די גאַנצע געביידע האָט אָפּגעקויפט דער „דזשוינט" פאַר אַ גרויסער סומע געלט. ליידער, פאַרנעמט די „יידישע קולטור־געזעלשאַפט" בלויז אַן העלפט פון דעם הויז. אין דער צווייטער העלפט געפינט זיך אַ פּוילישער קינדער־אַנשטאַלט. גיי, גיב איין אויף זיי צום „ונתנה תוקף" און פאָדער, אַז אין דער געביידע פון „יידישן קולטור־פאַרבאַנד" זאָל זיין אַן אַנשטאַלט פאַר יידישע קינדער ! מען וואַגט אפילו נישט דאָס צו טאָן, כאָטש ס׳איז גענוג ענג און יידישע קינדער נויטיקן זיך אין אַ רו־אָרט און אין אַ דער־ציערישן אַנשטאַלט.

מיר האָבן פאַרנומען אַ צימער, אין דער מיט, מיט פּשוטע מעבל, וואָס זענען באַשטאַנען פון אַ ברייט בעט און אַ שאַפקע, אַ טישל און אַ פּאָר שטולן.

אָנגעפירט האָט מיטן רו־הויז אַ געוועזענער דאָקטאָר פון שטאָמלדיקע קינדער. מיט דער אַרבעט האָט זיך מערסטנס פאַרנומען זיין פרוי. זיי האָבן פאַרמאָגט אַ זיבן־יאָריקן זון, אַן אויסטערליש באַגאַבטן פּיאַניסט. די פאַר־וואַלטערין האָט זייער פריינדלעך אויפגענומען מינדעלען, אַלס געהילפין. צוזאַמען האָבן זיי אויסגעשטעלט די מעניו פאַר די געסט, לויטן באַדאַרף און געשמאַק. דער דאָקטאָר פלעגט צושטעלן די פּראָדוקטן און פאַרנעמען

זיך מיטן באַגאַבטן זון, העלפֿנדיק אים ביים לערנען אין שול און אויך צו באַהערשן די קונסט פון אַ פּיאַניסט. די דינערשאַפט, די קעכינס, די רוי־מערינס און קעלנערקעס זענען געווען פּוילישע פון דער אַרומיקער געגנט, מיט עפּנטלעכע שמייכלען אויפן געזיכט, אָבער וואָס זיי טראַכטן אין זיך וועגן די יידישע געסט — האָט קיינער נישט געוווּסט. דערפֿאַר פלעגן זיי גערן צונעמען דעם „טיפּ", וואָס די געסט האָבן זיי איבערגעלאָזט.

פאַרשידנפאַרביק זענען געווען די געסט אין דעם אָפּרו־הויז. עס זע־נען געווען שרייבער, ליטעראַטן, קינסטלער און פאָרשטייער פון אַלע אָפּ־טיילונגען פונעם יידישן קולטור־פאַרבאַנד, וואָס געפינען זיך אין פוילן. צווישן אַלע זענען אויך געווען די באַזוכער פון די פאַרשידענע צייטווייַ־ליקע קורסן, ווי פון כאָר, פון דראַמאַטישע קרייזן און פון קלייבונגען פּאַ־פּיע־מאַשע און אַנדערע.

לויט דער הערשנדיקער ווערסיע און לויט די באַריכטן אין דער פּרע־סע, זענען די קורסן און די קורסאַנטן אויסגעהאַלטן געוואָרן דורך דער פּוילישער מלוכה, אָבער פאַקטיש האָט די הוצאות געדעקט דער „דזשוינט", אויף פאַרשיידענע אופנים, מערסטנס דורך צוטיילן לאַנג־טערמיניקע הל־וואות די קורסאַנטן, וואָס האָבן אַליין געדעקט די הוצאות.

זומערצייט פלעגן די קינדער פון די העכערע אָנגעשטעלטע פונעם „קולטור־פאַרבאַנד" פאַרברענגען אין קולטור־הויז. מיט זיי פלעגן זיך פאַר־נעמען ספּעציעלע דערציערינס.

אויך פאַר מיר האָט זיך געפונען אַן אַרבעט אין הויז. איך האָב פאַר די קינדער געוויזן קונצן פון דער פאַרווײַלערישער מאַטעמאַטיק, וואָס האָט זיי פאַרווײַלט און פאַראינטערעסירט. איך האָב זיך באַטייליקט ביים איינ־אָרדענען ליטעראַרישע אָוונטן, באַגעגענישן און געזעגענונגען פאַר פאַר־דינסטפולע באַזוכער און באַריכטן וועגן דעם אין דער איינציקער יידישער צייטונג. בכלל בין איך געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט נאָוואָגרודסקע 5.

אונדזער זון מאַרקס איז אַריינגעטראָטן אין די מלוכהשע טעלעוויזיע־אַנשטאַלטן אין וואַרשע און זיך פאַרפולקאָמט מיט פּראַקטישן וויסן וועגן די טעלעוויזאָרן.

געאַרבעט האָט ער אַלס טעכניקער בלויז, פאַרמאַגנדיק אַ דיפּלאָם פון אַן אויסגעצייכנטן אינזשעניער פון עלעקטריציטעט פון ראַטנפאַרבאַנד, וואָס איז אָנערקענט געוואָרן דורך דעם בילדונגס־מיניסטעריום אין פוילן, און האָט אים אויך צוגעגעבן אַ דיפּלאָם פון אַ „מאַגיסטער". די אָוונטן און נעכט פלעגט ער פאַרברענגען אין „שרודבאָראָוויאַנקע".

צווישן אונדזערע מיטוווינער אין די צימערן אויפן ערשטן שטאָק, זענען געווען: דער מאָלער און קינסטלער לינקאָווסקי, וואָס האָט זיך גע־קליבן עולה צו זיין קיין ישראל, די פּאָעטן נפתלי הערץ כהן, מיט זיין פרוי און טעכטער; זונשיין מיט זיין שיינער פּוילישער פרוי, דער באַרימטער מאָלער פון ווילנע כוואָליעס מיט זיין פאַמיליע, ווי אויך מיטאַרבעטער פון די ביוראָען פון „קולטור־פאַרבאַנד" אין וואַרשע א.אַ.

דאָס זענען געווען די כמעט שטענדיקע איינוווינער. די אָנגעקומענע געסט, אויף אַ געוויסער צייט, האָבן געוווינט באַזונדער: דער פּאָטער פון יעקב ראָטבוים, וואָס איז אָקאָרשט אָנגעקומען פון מאָסקווע, די אָנערקענטע מאָלערין בערלעווי, וואָס האָט אַנטפּלעקט איר אויסטערלישן טאַלאַנט ערשט אין סוף פון אירע זיבעציקער יאָרן און איז פאַרבעטן געוואָרן פון פּאַריז דורך דער פּוילישער מלוכה און דער טעלעוויזיע. דאָ האָט אויך גערוט דער באַרימטער אַרטיסט פון דער יידישער בינע, אברהם מאָרעווסקי. דאָ האָט ער געשריבן זיינע אויטאָביאָגראַפישע ביכער. בכלל האָט מען דאָ גע־קאָנט טרעפן ביז גאָר אינטערעסאַנטע יידישע פערזענלעכקייטן. גאָר אָפט זענען פאָרגעקומען פאַרוויילונגען אין די אָוונטן: ליטעראַרישע פאָרלעזונ־גען און טענץ אונטער די קלאַנגען פון פלאַטן־מוזיק, אָדער טייפּרעקאָרדער.

די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט איז מיר געווען צום האַרצן. מיט גרויסן אינטערעס און נייגער האָב איך זיך אין איר באַטייליקט. אויך מינדעלע פלעגט אָפט זינגען פאַרן עולם, מיט גרויס דערפאָלג. אפילו די גאָר אַלטע קינסטלערין בערלעווי האָט זיך פאַרגלוסט זינגען אַ חסידישן ניגון פון איר זיידן, אויף דעם געזעגענונגס־אָוונט, וואָס מיר האָבן איינגעאָרדנט פאַר איר און איר זונס אָפּפאָרן קיין פּאַריז. איך האָב די וויכטיקע געזאַנגען פאַרשריבן אויף מיין טייפּרעקאָרדער. פון ראַטנפאַרבאַנד איז אויך געקומען

די אַרטיסטין שאַכמייסטער, וועמענס פּרעכטיקע יידישע לידער און דעקלאַ־מאַציעס איך האָב פאַרשריבן.

אויך דער טעאַטער־רעזשיסער יעקב ראָטבוים האָט זייער שיין פאָר־געלייענט פּרצס „אויב נישט נאָך העכער״, געמאָלן זייער שיינע בילדער מיט רויטלעכער פאַרב, צווישן זיי אויך מיך, מיט דער באָרד און וואָנסן, וואָס דערמאָנט אין אויסזען פון מענדעלע מוכר ספרים.

מיר פלעגן אויך זיך באַטייליקן אין פאַרשיידענע אויספלוגן, מערסטנס אין די שיינע געגנטן פון דער נאַטור, איבערן שניי באַדעקטן מעראַן, אין אָטוואָצק, אויף נאַרטן און שליטעלעך, געוויינלעך אין די ווינטער־חדשים.

נאָך די ניינצן יאָר פון אונדזער זיין אין ראָטנפאַרבאַנד, דערצו יאָרן אין די טורמעס אין לאַגערן, אָן אַ פאַרוואָס, נאָך דער נייער געצוווּנגענער צעשיידונג, נאָכן באַפרייען זיך פון די לאַגערן, איז דאָס יאָר אין אָפּרו־הויז, אין שרודבאָרוו, געווען אַ פאַרגיטיקונג פאַר אַלע אונדזערע פּלאָגן. דאָך האָב איך נישט אויפגעהערט זיך צו באַמיען וועגן אַ דערלויבעניש עולה צו זיין קיין ישראל.

איין געפערלעכער פאָרפאַל איז מיט מיר געשען אין וואַרשע: פאָרנ־דיק אַהיים ביים קעניג־פּאַלאַץ, בין איך אַריבערגעגאַנגען דעם נייסע בריק און געוואָלט אַריבערגיין די גאַס צו דעם אָפּשטעל פון טראַמוויי, אויף דער צווייטער זייט; האָב איך באַוויזן אַריבערגיין די ערשטע ליניע פון די טראַמ־וויי־רעלסן, איז פּלוצים אָנגעקומען פון אַנטקעגנאיבער אַ צווייטער טראַמ־וויי, וואָס האָט מיך מיטגעשלעפּט מיט זיך אַ קליינעם מרחק. ווער האָט זיך געקענט ריכטן, אַז צווישן די רעלסן איז געווען אַזאַ קליינער מרחק, אפשר אַן האַלבן מעטער ?! אַ גליק, וואָס דער טראַמוויי האָט זיך באַלד אָפּ־געשטעלט, אַזוי, אַז מיין לינקער פוס און טעקע זענען שוין געווען אונטערן טראַמוויי. מען האָט מיך באַלד אָפּגעפירט אין שפּיטאָל אַריין און באַלד אָפּערירט מיין פוס. איך האָב אָנגעווירן אַ גרעסערן טייל פון דעם קליינעם פינגער און אַ פּערטל פונעם דערנעבנדיקן פינגער. איך בין געווען צו־פרידן, וואָס איך בין דאָך לעבן פאַרבליבן. ווען מען האָט אַרויסגערופן טע־לעפאָניש דודן מיט ריווען, זענען זיי באַלד געקומען, נאָך איידער די אָפּע־ראַציע איז געווען פאַרענדיקט.

איך האָב זיי אויפגענומען מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן, ווייל איך בין אָפּגעקומען דעם אומגליקס־פּאַרפּאַל אַזוי לייכט, ווען מיין לעבן איז געהאָנגען אויף אַן האָר.

דוד האָט געבעטן זיין שאָפער מיך אָפּצופירן קיין שרודבאָרוו, לויט מיין פאַרלאַנג. איך בין אַ פּאָר וואָכן געווען צוגעקאָוועט צום בעט און דאָך געזונט געוואָרן. קיין שוועסטער אין שפּיטאָל וואָלט מיך אַזוי נישט געפלעגט, ווי מיין בעסטער פריינד מינדעלע. דעם זון פלעג איך זען אין די אוונטן. איך האָב אים נישט פאַרהאַלטן לאַנג, וויסנדיק, ווי טייער עס זענען אים די שפּאַצירן מיט אַ באַגלייטערין אין די פּרעכטיקע וועלדער, אויף די באַגראָזטע ריחותדיקע בערג און טאָלן, אונטער די קלאַנגען פון דער מוזיק פון די פייגל, אין דער שיין פון דער פולער לבנה...

## דער באַזוך אין אָטוואָצק

אַ סך יאָרן זענען פאַריבער פון דער צייט, ווען איך האָב צוזאַמען מיט מיין פיר־יאָריקן זון פאַרלאָזט אָטוואָצק און אַוועק מיטן שליאַך פון די צענדליקער טויזנטער פּליטים, אונטער די מאַסיווע באָמבאַרדירונגען פונעם דייטשן שונא, אויפן וועג קיין מיזרח. מיין פרוי מינדעלע, איינע פון די ערשטע קרבנות, איז פאַרבליבן אין וואַרשעווער שפּיטאָל, אַ פיזיש און גייסטיק צעבראָכענע. דער איינציקער אין דער וועלט, דער קינדער־אַנשטאַלט „צענטאָס״, האָט נאָך באַקלאָגט די ערשטע אבדות און געראַטעוועט די פאַרוווּנדעטע. די אַטמאָספער איז געווען אַן אָנגעגליטע, די אַלגעמיינע פּאַניק פון אַנטלויפן און ראַטעווען זיך האָט אַרומגענומען סיי די דערציער, סיי די קינדער. מען איז געלאָפן דורך וועגן און הינטערוועגן, זוכנדיק אַ שוץ צווישן די הויכע, רייפע תבואה־זאַנגען, מיט הערצער פון פּחד פאַרגליווערטע, מיט אויגן פול מיט שרעק און פינטלדיקע, מיט אַ קלומעקל, וואָס האָט פאַרמאָגט אַן הייפּטל ברויט, אָדער צוויי. וווהין לויפט מען? צי וועט מען באַווייזן צו אַנטלויפן פון די האָרדעס פאַשיסטישע מערדער? ווער פון די אַלע האָט זיך דאָך געראַטעוועט?

און די פאַרבליבענע? זייער גורל איז דאָך געווען ערגער פון די אַנט־לאָפענע. צי איז עמיצער פון זיי פאַרבליבן?

ווי נאָר איך בין געזונט געוואָרן און געשטעלט זיך אויף די פיס, האָב איך באַשלאָסן צו באַזוכן אָטוואָצק. איך האָב געוואָלט זען מיט די איי־גענע אויגן דעם חורבן, וואָס דער אוראַגאַן האָט אָנגעמאַכט, איך האָב גע־וואָלט באַגיסן אַ טרער אויפן מאַסן־קבר, וואָס האָט באַהאַלטן אין זיך די אומגליקלעכע, אומשולדיקע און מיט אַכזריות אומגעבראַכטע.

מיין פרוי מינדעלע האָט זיך באַפרייט אויף אַ טאָג פון דער אַרבעט און מיך באַגלייט קיין אָטוואָצק.

אָטוואָצק, דער קוראָרט מיט די צענדליקער סאַנאַטאָריעס און שפּי־טעלער האָט נאָך אַלץ מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ כאַאָס. ס׳איז שווער געווען צו דערקענען די גאַסן, די ערטער ווו די אַנשטאַלטן זענען געווען. די גע־דיכטע סאָסנע־ביימער האָבן ווי באַהאַלטן די ווענט. די פאַרקאַנטעס זענען צענומען געווען. זעלטן ווו האָט מען געטראָפן אַ שטוב, ווו מענטשן וווינען. אויפן פּלאַץ, ווו דער אַנשטאַלט „צענטאָס״ איז געווען, מיט די געביידעס פאַר די שלאָף־צימערן, דער עס־זאַל, די שול און די וואַרשטאַטן — אַלץ איז ווי נישט געווען. אַ פּוסטער פּלאַץ, מיט ווילדע גראָזן באַוואַקסן; אַן אַ שפּור פון אַ מענטשלעכן יִשוב, פון אַ געזעלשאַפטלעכן אַנשטאַלט, אַן אַ זכר אפילו פון אַן יידיש קינד. דער שטאַרקסטער אוראַגאַן וואָלט נישט געקענט דערפירן צו אַזאַ צושטאַנד.

דאָך זענען נישט ווייניק פּאָליאַקן מיט זייערע הייזער, גאָר נישט ווייט פון „צענטאָס״, פאַרבליבן. זיי האָבן באַפּוצט זייערע ווינערטער מיט גערטנער, מיט פאַרשידנפאַרביקע בלומען, מיט גרינס, ווי ס׳וואָלט גאָר־נישט געשען. זיי האָבן פאַרענדיקט דעם חורבן, צענעמענדיק די איבערגע־בליבענע געביידעס, די ברעטער, די טירן און פענצטער, אפילו די קליאַמ־קעס, די טשוועקעס.

די אויגן זענען פאַרנעפּלט, די הערצער געקלעמט און די מוחות קלאַ־מערט די פראַגע: פ אַ ר ו ו אָ ס ?!

דאָך ווילט זיך וויסן כאָטש עפּעס פון די לעצטע מינוטן פון אונדזערע טייערע יידישע קינדער און פון זייערע דערציער. גייען מיר דאָך אַריין צו

די נאָענטע פוילישע שכנים. אייניקע עלטערע דערקענען אונדז און נעמען אונדז אויף מיט געמאַכטער פרייד און אויסגעשריי:

— יעזוס מאַריאַ, וועמען זע איך? אַ נס וואָס איר זענט פאַרבליבן! זיי שעלטן די דייטשע מערדער, וואָס האָבן אָן רחמנות אומגעבראַכט די יידישע קינדער.

זיי דערציילן — אָט דאָרט אין „צענטאָס״ זענען נישט בלויז די קינדער געווען מיט זייערע לערער. דאָרט איז געווען די געטאָ פאַר יידן. הונדערטער און אפשר טויזנטער. די פאַננע רעגאַ קאָוואַלסקע האָט די ערשטע גרופּע קינדער אַוועקגעפירט קיין אָסוויענצים. איר האָט געדאַרפט זען ווי העלדיש זי האָט געפירט אַ גרעסערע גרופּע קינדער צו דער באַן. שטיל, ווי אויף אַ לוויה זענען זיי געגאַנגען, ריי נאָך ריי. די הערצער האָבן שיִער נישט געפּלאַצט, צוקוקנדיק ווי מען פירט די היימישע קינדער צום טויט. אויף זייער אָרט זענען געקומען נייע קינדער אָן עלטערן און אויך מיט עלטערן. אַלע אויסגעמאָגערטע, מיט פאַרלאָשענע אויגן...

זיי האָט מען מער נישט געפירט צו דער באַן, נאָר אַ גרויסע צאָל אוקראַינער — היצלעס האָבן זיי אַרומגערינגלט און געשאָסן, געשאָסן, גראַנאַטן געוואָרפן. די געשרייען זענען געגאַנגען ביז צום הימל און נישט דערגאַנגען. אַלע, אַלע ביז איינעם האָבן זיי אומגעבראַכט. דער רוח ווייסט זיי פון וואַנען זיי זענען געקומען!

מיר זענען נישט אין שטאַנד קיין וואָרט אַרויסצוברענגען, נישט צו שטעלן קיין פראַגן.

דאָך פרוווט מיין פרוי פרעגן:

— וואָס איז געשען מיט דער לערערין גוטע שיינין מיט אירע צוויי יינגלעך?

— זי איז דווקא געבליבן לעבן, זיך ערגעץ אויסבאַהאַלטן. דער הונגער האָט זיי דאָך אַרויסגעטריבן פון דער באַהעלטעניש. איין יינגעלע האָט זי איבערגעטאָן פאַר אַ מיידעלע. אַזעלכע שיינע קינדער. זי פלעגט מיט זיי זיך אַרומשלעפּן אין די הייזער און געבעטלט ברויט. עס איז איר דאָך נמאס געוואָרן אַזאַ „לעבן״. זי האָט זיך אַליין איבערגעגעבן מיט די קינדער דער געסטאַפּאָ...

מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז דער געוועזענער פּוילישער היטער פון „צענטאָס״, דער פּאַן יוזעף לעבט און וווינט אין אַן אייגן הויז הינטער אָטוואָצק. צו אים האָבן מיר זיך דערקליבן. זיין הויז איז אַרומגערינגלט געווען מיט אַ פּרעכטיקן פּאַרקן. וואָס האָט דערמאָנט אין דער אַרומצוימונג פונעם אַנשטאַלט „צענטאָס״. ער, יוזעף, האָט נישט בלויז דעם פּאַרקן גע־ירשנט. דאָ האָט ער פאַרמאָגט אַ ירושה־פּלאַץ פון זיינע עלטערן, מיט אַן האַלב איינגעפאַלענער חורבה, שוין פון לאַנג אַ פאַרלאָזטע. אַהער איז ער אַריבער, כדי צו פאַרזיכערן זיין לעבן און זיין פרוי. „אַז מען האַקט אַ וואַלד — פאַלן שפּענער״. וואָס האָט אים געלוינט צו ריזיקירן?

מיין ווייב האָט ער באַלד דערקענט. זי האָט ער דאָך געזען אַ סך שפּעטער נאָך מיין פאַרלאָזן אָטוואָצק. דערצו האָט די באָרד מיינע מיך גע־ענדערט. ער האָט אונדז אַריינגעבעטן צו זיך. מיר זענען אַדורכגעגאַנגען באַגלאָזטע ספּעקטן מיט גרינסן, קוסטן פון בלומען און פּרוכטן־ביימער. זיין שטוב איז געווען אַ נייע, אַ געניג גרויסע מיט אַ בלעכענעם דאַך. זי איז געווען געדיכט אַרומוואַקסן מיט גרינס.

ביים אַריינקומען האָט ער אויסגעשריען:

— העלענאַ, קום זע, וואָסערע געסט מיר האָבן!

נאָך איידער זי איז אַריינגעקומען האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז די אַל־טע פרוי זיינע, די יוזעפּאָוואַ, איז שוין נישטאָ. עס האָט זיך טאַקע באַוויזן העלענאַ, אַ סך אַ יינגערע פון זיין פרוי, אַ הויכע, מיט פלאַמעדיקע באַקן, מיט גראָבע פּרויען־שטריכן און אַ רויטלעכע נאָז. זי איז געווען איינע פון די רוימערינס אין אונדזער אַנשטאַלט. מעגלעך, אַז שוין דאַן זענען זיי גע־ווען נאָענטע פאַרשוינען צווישן זיך, און איצט ווען זיין פרוי, וואָס איז גע־ווען אַ קרענקלעכע, האָט כּאַר איר אָפּגעטראָטן דאָס אָרט, האָט זי עס פאַר־נומען. דער פּאַן יוזעף איז במשך פון דער צייט פאַרעלטערט געוואָרן, ער האָט זיך דאָך געהאַלטן יונג. דערצו האָט צוגעהאָלפן זיין לעבן און אַרבעט אויפן שויס פון דער נאַטור און די גוטע באַדינגונגען.

אויפן טיש האָט זיך באַוויזן ברויט, שטיקלעך חזיר, מיט רויטע גע־זייערטע פּאָמידאָרן. עס האָט אויך נישט געפעלט דער האַלבער שטאָף בראָנפן, אָדער סאַמאָגאָן.

מיר האָבן זיך נישט געלאָזט לאַנג בעטן. מיר האָבן גאָר ווייניק גע־טרונקען, דערפאַר אָבער האָבן זיי בײדע נישט געקאַרגט. העלענעס נאָז איז נאָך גרעבער און רויטער געוואָרן, ער, יוזעף, האָט באַקומען אַ שלאָפנדיקן אויסזען, מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן. דער צונג זיינער האָט זיך צעפּלאָפּלט, ווי מען זאָגט: — וואָס איז ביי אַ ניכטערן אויף דער לונג, איז ביים שיכורן אויף דער צונג״.

ער האָט דערציילט, אַז דאָ האָט ער אויסבאַהאַלטן דעם דירעקטאָר קלמן ליסן, צוזאַמען מיט זיין זון. זייט ער איז פאַרווונדעט געוואָרן אויף די פיס און זיין פרוי שרה איז, ביים געבוירן דאָס צווייטע קינד, געשטאָרבן, האָט ער אים מיטן זון אַריבערגעפּעקלט אַהער און אויסבאַהאַלטן. ער פלעגט אים דערטראָגן וועגן אַלץ, וואָס איז געשען אין „צענטאָס״. ער, ליס, האָט אים געבעטן אַוועקפירן זיין זון קיין וואַרשע, צו איינער אַן עלטערער פרוי, אַ פוילישע, מיט וועלכער ער האָט צוזאַמען געענדיקט דעם פּעדאַגאָגישן אַנשטאַלט פאַר דערציער פון דעפעקטיווע קינדער. ער אַליין האָט גע־שטרעבט צו דערגיין קיין וואַרשע, אין געטאָ. איך האָב אים געפּאָלגט, אָבער די פרוי האָט מורא געהאַט דאָס קינד אַריינגעמען צו זיך. ער האָט דאָס יינגעלע אָפּגעפירט אין געטאָ, האַלטנדיק, אַז דאָ וועט ער זיך טרעפן מיטן פאָטער. צוריקקומענדיק אַהיים האָט ער ליסן נישט געטראָפן, נאָר אַ קוויטל, אַז ער לאָזט זיך צו פוס קיין וואַרשע, דורך מעדזעשין און ראַדאָסט. ער אַליין האָט זיך געלאָזט אויף דעם וועג אים צו זוכן. ער האָט אים געפונען אין וואַלד, אין די בלויזע אונטערוועש און מערדערלעך צעשלאָגן. דאָס האָט אַ פויער ביי אים צוגערויבט אַלץ, וואָס ער האָט פאַרמאָגט און מיט אַ דראַנג אים מערדערלעך צעשלאָגן. כדי צו פאַרבאַהאַלטן די שפורן, האָט ער אים, ווייזט אויס, אַריבערגעפּעקט אין וואַלד אַריין. עס איז שוין נישט געווען וועמען צו ראַטעווען... די לעצטע ווערטער האָט ער אַרויסגעבראַכט מיט אַ געבראָכענער שטים און מיט אַ שלוכץ.

די פרוי זיינע האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי זי וואָלט באַשטעטיקט זיינע רייד.

מיר האָבן געשוויגן און חשק געהאַט וואָס שנעלער פון דאַנען אַוועק־גיין.

— אין עטלעכע טעג אַרום וועט פאַרקומען אין אָטוואָצק אַן עפנט־לעכע אזכּרה ביי די בשותפותדיקע קברים פון די אומגעבראַכטע יידן. יעדן יאָר קומט זי פאָר.

מיר האָבן זיך דערוווּסט געניי די דאַטע און דאָס אָרט און באַשלאָסן צו קומען אַהער צו דער צייט.

געקומען בין איך אַליין. הינטער דער שטאָט, אויף אַ פלאַכן פלאַץ, וואָס איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ וואַלד פון יונגעביימער. אַרום די געמיינזאַמע קברים זענען געשטאַנען יונגע סקויטן אויף דער וואַך. די אָנגעשטעלטע פון שטאָטראַט און אויך אַנדערע פּאָליאַקן זענען געשטאַנען מיט ערנסטע פּנימער, דערנעבן עטלעכע יידן, מערסטנס פון יידישן קולטור־פאַרבאַנד אין וואַרשע, אייניקע פרויען האָבן געטראָגן קרענץ מיט בלומען. דער שטאָט־פּרעזידענט האָט געהאַלטן אַ טרויעריקע רעדע, וועגן די באַר־באַרישע מערדערייען פון די היטלערישע פאַשיסטן, וואָס האָבן אומגעבראַכט קינדער, פרויען און עלטערע מענטשן: — מיר איבערגעבליבענע בויער פון דער פרייער פוילישער רעפּובליק זענען געקומען צו באַערן דעם כּבוד פון די אומגעקומענע. זאָל זיי די ערד גרינג זיין!

קיין איינער פון די יידישע פאָרשטייער האָט קיין וואָרט נישט גע־זאָגט. ווען דער עולם איז זיך שוין כּמעט צעגאַנגען, האָט זיך דערהערט די שטילע תּפילה פונעם חזן: „אל מלא רחמים" און „קדיש". מיט אַראָפּ־געלאָזטע קעפּ, אין טיפן טרויער, זענען זיך אַלע צעגאַנגען...

## די יידן אין נייעם פוילן

אַ קליין הייפל יידן האָט געציילט דאָס נייע פוילן, וואָס איז באַפרייט געוואָרן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה דורך דער סאָוויעטישער אַרמיי, דורך דער קאָשטיושקעס דיוויזיע, אפילו דורכן מפּלה־אויפשטאַנד פון פּול־קאָווניק בור־קאָמאַראָווסקי, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורך דער פּוילי־שער עמיגראַציע־רעגירונג. פון דריי מיט אַ האַלבן מיליאָן יידן זענען פאַר־

בליבן בלויז עטלעכע צענדליקער טויזנט, אַריינרעכענענדיק די יידן־רעפּאַ־טריאַנטן פון ראַטנפאַרבאַנד.

טייל פון די אָנגעקומענע האָבן וואָס שנעלער פאַרלאָזט פוילן. זיי זענען געווען אָנגעשראָקן פון דעם סאָוויעטישן „סאָציאַליזם", פון די פאַר־שיקונגען אין די ווייטסטע געגנטן פון סיביר, אין די טורמעס און לאַגערן, פון וועלכע בלויז דער נס פון רעפּאַטריאַציע האָט זיי געראַטעוועט. און ווער איז געווען בכוח צו בויען אויף ס'ניי זייער הויז אויף די חרובע היימען? ווער האָט שוין פאַרגעסן דאָס אַלטע פוילן מיט איר שטענדיקן טרייבן „יידן — קיין פּאַלעסטינע" ?! דערצו איז צוגעקומען די מערדערלעכע גע־הילפן פון די נאַציסטן, די „שמאַלצאָווניקעס", די יונגע פּאָליאַקן, וואָס האָבן צוגעהאָלפן די נאַציסטן ביים „לייזן ענדגילטיק די יידן־פראַגע". און דער פּאָגראָם אין קעלץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1946, ווו העכער פער־ציק יידן, געוועזענע אין די דייטשע פאַרניכטונגס־לאַגערן, זענען דערמאָר־דעט געוואָרן דורך די פּוילישע אונטערערדישע מערדער. אַזוי וויניק יידי־שע קינדער זענען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן, אין די קליאַשטאָרן, אין די הייזער פון בעסערע פּאָליאַקן. אויך זיי האָט געדראָט די פולע פאַרניכטונג, נאָך איידער זיי האָבן נאָך געוווסט דעם טעם פון זיין יידן. ניין, קיין שום צוזאָגן מצד דעם יידישן קולטור־פאַרבאַנד, אַז די איצטיקע פוילישע ווירק־לעכקייט וועט זיי געבן אַרבעט און קולטור, אפילו פולע דערלייזונג, האָט זיי נישט געקענט אָפּהאַלטן צו פאַרלאָזן פוילן און לאָזן זיך אין דער אמתער פרייער וועלט, מערסטנס קיין ישראל, צו זיך אַהיים.

אָבער אַ קליינער טייל פון זיי האָבן זיך געלאָזט איבעררעדן. זיי זע־נען צוגעטראָטן בויען דעם נייעם פּוילישן סאָציאַליזם. מען האָט אין זיי אַריינגערעדט: — צי זענען נישט פאַראַן גענוג יידן ביי דער מאַכט, אין דער פּאַרטיי, אפילו אין דער אַרמיי, אַלס אָפיצירן און גענעראַלן? צי ווערן דען יידן נישט טראַקטירט, ווי גלייכבאַרעכטיקטע בירגער?

די איבערגעבליבענע יידן האָבן זיך באַזעצט אין די נייע פוילישע געביטן, ווי דזערזשוניאָוו, וואַלבזשיך, שטשעצין, געבויט קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען, פון טריקאָטאַזש־אויסאַרבעטונגען, ווי „די קעמפער פון געטאָ" אָדער א.נ. פון „דער גרויסער אָקטאָבער רעוואָלוציע". אומעטום

זענען אַנטשטאַנען „קולטור־פאַרבאַנדן", יידישע שולן, כאָרן, אַמאַטאָרישע טעאַטראַלע קרייזן — זיי האָבן צוגעלייגט אַן האַנט ביים בויען דאָס נייע לעבן. דער אַזויגערופענער „יידישער מלוכהשער טעאַטער", אונטער דער אָנפירונג פון אידאַ קאַמינסקאַ האָט געוויזן זיינע פאָרשטעלונגען, נישט בלויז אין וואַרשע, נאָר אויך אויף די ערטער, ווו ס'האָבן זיך געפונען אַ גרעסערע צאָל יידן. דער „יידישער קולטור־פאַרבאַנד" האָט אַרויסגעגעבן אַ יידישע טאָג־צייטונג און אַ חודשלעכן ליטעראַרישן זשורנאַל, דער פאַר־לאַג האָט אַרויסגעגעבן עטלעכע נייע ביכער במשך פונעם יאָר. עס האָט זיך געקאָנט דוכטן, אַז אַזאַ לאַגע וועט דויערן אייביק. עס האָט זיך זיי געגלויבט, אַז דער זיג פונעם סאָציאַליזם וועט גאַראַנטירן די לייזונג פון דער אייביקער יידן־פראַגע. די ווירקונג פון די לייטער פונעם „קולטור־פאַרבאַנד", ווי סמאָליאַר, ספאַרד, מירסקי, דאָמב און אַנדערע איז געווען גרויס, כאָטש זיי אַליין האָבן געהאַט גענוג באַווייזן, אַז די פוילישע נייע מאַכט, מיט גאָמולקאַן בראש, איז ווייט נישט שטאַנדהאַפטיק, אַז זייער באַ־ציונג צו דער יידישער מלוכה קאָפירט די באַציונג פון ראַטנפאַרבאַנד. אָבער אָפּזאָגן זיך פון די יידן אין פוילן האָבן זיי נישט געוואָלט, ווייל אַן די יידן בלייבן זיי דאָך אָן אַ שטאָך אַרבעט, האָבן זיי נישט געשטערט, אָבער טאָרמאָזירט, ווי ווייט מעגלעך, דעם פּראָצעס פון דער עליה...

די ישראלדיקע פאָרשטייערשאַפט אין פוילן האָט דאָך צוגעהאָלפן די פּאָטענציעלע עולים מיט אַן עצה, מיט ווערטער־ביכער העברעיִש־רו־סישע, אָדער פויליש־העברעיִשע, מיט אַ סידורל, אַ מחזורל, אַ מאָל אויך מיט אַ צייטונג פון ישראל. דער „דזשוינט" האָט באַזאָרגט יעדן יידישן רעפּאַטריאַנט, נישט ווייניקער ווי מיט 20 דאָלאַר אַ חודש. די געלט־שטיצע האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט אויסדויערן ביז עס וועט פאָרמעל דערליידיקט ווערן די דערלויבעניש אַרויסצופאָרן. די עליה־שטימונג איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג, איבערהויפּט נאָך דער „סיני־קאַמפּאַניע" און נאָכן אַריינמישן זיך פון כרושטשאָוון, דעם פירער פון ראַטנפאַראַבאַנד, מיט דראָונגען, כאָטש נישט זיי, נישט זייערע סאַטעליטן האָבן איבערגעריסן די דיפּלאָמאַטישע באַציונגען מיט ישראל.

אַ גרויסער טייל פונעם פוילישן פאָלק, איבערהויפּט די אינטעליגענץ, האָט ביי יעדער געלעגנהייט אַרויסגעוויזן סימפּאַטיעס צו ישראל און צו איר זיג איבער די אַראַבער, וואָס דער ראַטנפאַרבאַנד האָט געלערנט צו קעמפן און באַזאָרגט מיט די בעסטע מינים פון איר געווער. דעם קלאַפּ האָבן באַקומען אַזוי אַרום די רוסן, נישט ווייניקער פון די אַראַבער. פון דאַנען די פריינדלעכע שטעלונג צו ישראל און צו דערמעגלעכן דווקא אַ גרעסערע עליה, וואָס קען נאָך מער אָפּשוואַכן די רוסישע פאַרכאַפּערישע צילן אויפן נאָענטן מיזרח.

די אַסימילאַציע־שטרעמונגען פון די פוילישע יידן האָט זיך פאַרשטאַרקט. די געמישטע חתונות האָבן זיך פאַרמערט, נישט ווייניק האָבן געענדערט זייערע יידישע נעמען, די קינדער האָבן זיי געשיקט זיך לערנען אין די פוילישע שולן, אפילו צו באַזוכן די לעקציעס פון דער קאַטוילישער רעליגיע, ווילנדיק אויסמעקן די קינדער פון דער יידישער עדה. אַ יידישע שכנה, וואָס האָט געווינט אַקעגנאיבער דודן האָט אויסגעפּוצט איר בלאָנדע טעכטערל און געשיקט זי אויף דער רעליגיעזער צערעמאָניע „באַזשע ציאַלאָ", צוזאַמען מיט אירע פוילישע חברטעס פון דער שול. גאָר אין גיכן איז זי געקומען אַהיים מיט טרערן אין די אויגן:

— מען האָט מיך אַרויסגעטריבן, געשפּאָט פון מיר און נאָכגעשריגן „זשידוווקאַ".

עלטערע יידן פלעגן דעם טאָג אין גאַס זיך נישט באַווייזן און די „שמענדריקעס" האָבן געוואַגט נאָכצומאַלפּעווען די פּאָליאַקן. אַ חרפּה!

אין שטשעצין בין איך געגאַנגען באַזוכן אַ לאַנדסמאַן: אַן אָפּשטאַמיקער פון אַ לוצקער אָנגעזעענער, בכבודיקער פאַמיליע. איך האָב אים כמעט נישט דערקענט, אַזעלכע לאַנגע וואָנסן האָט ער פאַרמאָגט, אַ־לאַ שעווטשענקאָ, וואָס האָבן באַדאַרפט פאַרשטעלן זיין יידישלעכן נאָז. זיין פרוי, אַ יונגע פאָלקע מיט אַ קלוג, סימפּאַטיש פּנים און אַ טעכטערל, האָבן זיי געהאַט אַ זעקס־יאָריקע שיינהייט, מיט העל־בלאָנדע האָר, בלויע אויגן און אַ שמייכל איז גאָר נישט אַראָפּ פון איר פּנים. די אויפנאַמע איז געווען אַ האַרציקע. דער מיטאָג איז באַשטאַנען פון היימישע יידישע מאכלים, אפילו זמירות האָבן מיר געזונגען, מיט האַרץ און אַ פייכטקייט אין די

אויגן. ביידע האָבן געאַרבעט אין אַן „אוניווערמאַג" און געהאַט שיין פּרנסה. צי זיי האָבן זיך פֿאַרליבט, צי זי האָט אים געהאָלפֿן זיך ראַטעווען פֿון אומקום — זאָלן זיי לעבן גליקלעך!

ווען איך האָב אָבער דערזען איבער זייער בשותּפֿותדיק בעט דעם צלם איבער דער „הייליקער מוטער" האָב איך געהאַט פֿאַרדראָס אויף מיין לאַנדסמאַן. צי האָט ער זיך געשמדט?

גאָר דעם היפּוך האָב איך געטראָפֿן ביי דער טייערער יידישער פֿאַמיליע פֿון יעקב ראָטבוים. דער גרויער פֿאָטער, די אשת־חיל — די מוטער, ער יעקב, דער אָנגעזעענער רעזשיסער פֿון צוויי פּוילישע טעאַטערס, זיינע צוויי שוועסטער שרה און לאה — די ערשטע אַן אַרטיסטין פֿונעם יידישן טעאַטער און אַ פּרעכטיקע רעציטאַטאָרין פֿון די יידישע שרייבער, די צווייטע — די טאַלאַנטפֿולע רעזשיסערין פֿון דער אָפּערע פֿון נידערשלעזיע, יעקבס פֿרוי — די באַלעט־מייסטערין, אָבער אַלע מיט דער יידישער נשמה יתירה. אַן העכט יידישע שטוב, מיט אַ זויבערער יידישער שפּראַך — זיי אַלע קענען זיכער דינען אַלס מוסטער פֿאַר יעדן ייד.

ווי איך האָב זיך געפֿריידט, וואָס מיין ערשטער העברעיִשער לערער שטערן לעבט צוזאַמען מיט זיין טאָכטער און איידעם. ער העלפֿט זיי, די טעטיקע לערער פֿון דער פּוילישער שול, צו דערציען זייער טעכטערל. אַלע רעדן יידיש, ווען דעם זיידן איז שוין אָפּגערעדט, דערצו ווילן זיי עולה זיין קיין ישׂראל.

אונדזערע גוטע באַקאַנטע פֿון קיעוו, און פֿון נאָך ווייטער פֿון לוצק, די פֿאַמיליע פּ א ק האָבן דערמאָנט דעם טוכלען קעלער אין קיעוו מיט די שכנים, וואָס האָבן שטענדיק געוואַשן די ווינדעלעך פֿון די פּריש צוגעקומענע קינדערלעך... איך זיי קוקן שוין אַרויס מיט אומגעדולד אויף דער דערלויבעניש צו פֿאָרן קיין ישׂראל. זיי האָבן אָפּגעטראָטן די דירה די וואַרקעווויצקעס, וואָס זענען אַריבערגעפֿאָרן קיין וואַרשע, ווו אַניע האָט באַקומען אַרבעט אין דער רעדאַקציע פֿון דער יידישער צייטונג.

מיט זיי האָב איך זיך געטראָפֿן אין שרודבאָרוּוו, ווו זיי האָבן געפֿראַוועט אַ דאַטשע צוזאַמען מיט זייער טאָכטער ליאַליע און איניקל. אויפֿן וועג צו זייער ווילן עולה צו זיין קיין ישׂראל איז געשטאַנען זייער איידעם,

אַ סימפּאַטישער בוי־אינזשעניער, וואָס איז געקומען צו פאָרן פון פראַנק־רייך קיין פּוילן. ער האָט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק געדינט אַלס פּוילישער מיליטערישער אַטאַשע אין מצרים. צי וועט דאָס זיי אויפהאַלטן צו דער־גרייכן זייער פּלאַן — בין איך נישט זיכער געווען.

אויך צוויי נייע באַקאַנטע, זייער אינטעליגענטע יידישע לערער פון בירָאבידזשאַן און פון קיעוו, זענען מיט אַ ספּעציעלער פּראָטעקציע פון דער פּוילישער מלוכה געקומען קיין פּוילן, דאָ באַקומען אַ דירה און אַ שיינע פּענסיע, וואָס האָט זיי געגעבן אַ מעגלעכקייט צו לעבן און פאַר־נעמען זיך מיט ליטעראַרישער שאַפונג. דאָך... זענען זיי גרייט געווען פון אַלץ זיך אָפּצוזאָגן און עולה זיין קיין ישראל. זייער טאָפּלטער פאַמיליע־נאָמען איז מיר פאַרבליבן אין זכרון: אסתר ראָזענטאַל און ניסן שניי־דערמאַן.

עס בויערט מיך אין מוח אַ געדאַנק: אַלע, אַלע יידן וואָס שטרעבן צו קומען צו זיך אין לאַנד צו העלפן בויען און שאַפן — זיי וועלן עס דערגרייכן און קיין מאָל נישט חרטה האָבן, אָבער די יעניקע, וואָס ווילן אַקערן אויף פרעמדע פעלדער, געבעטענע און נישט געבעטענע, זיי וועלן סוף כל סוף חרטה האָבן, אָדער וועלן זיין געצוווּנגען פון פּוילן אַרויספאָרן אין דער וועלט אַריין, מיט אַ פאַרבאָרגענעם ווייטיק אין האַרצן און מיט געוויסנביסן אויף דעם וואָס דער נביא ישעיהו האָט אַ מאָל געשריבן:

„כרמי שלי לא נטעתי!‟ (מיין אייגענעם ווינגאָרטן האָב איך נישט געפלעגט).

## אין דערוואַרטונג

אונדזער אַרויספאָרן פון ראַטנפאַרבאַנד איז געווען אומדערוואַרט, פון דאַנען האָט זיך גענומען די גרעסערע פרייד, וואָס האָט אונדז באַהערשט. דאָס אַרויספאָרן פון פּוילן האָבן מיר דערוואַרט, ווי אַ געשעעניש, וואָס דאַרף און וועט פאָרקומען. פון מיין שוועסטער און שוואָגער אין ישראל פלעג איך באַקומען אָפטע בריוו. זיי האָבן אַרויסגעקוקט מיט אומגעדולד

אויף אונדזער קומען, זיי האָבן צוגעשיקט פאָטאָגראַפיעס פון זיך, פון דעם זון און טאָכטער און פון די אייניקלעך.

איך בין געווען זיכער, אַז דוד קאַרגט נישט קיין מי אונדז צו העלפן וואָס שנעלער צו באַקומען די דערלויבעניש צו פאָרן. אַזוי איז טאַקע געווען און מיר האָבן די דערלויבעניש באַקומען. קיין סענטימענטן צום לאַנד, צום פוילישן פאָלק האָב איך נישט פאַרמאָגט. מיר האָט בלויז געאַרט הלמאי בלייבן נאָך איבער גענוג יידן אויפן אָרט, כאָטש נישט נאָר איך אַליין האָב געזען זייער ווייטערדיק לעבן אין שוואַרצע קאָלירן. אונדזער פאַרבלייבן אין ראַטנפאַרבאַנד נאָכן יאָר 1946 און די ווייטערדיקע געשעענישן זענען געווען פאַר מיר אַ גענוגנדיקע וואָרענונג פאַר די, וואָס פאַרבלייבן דאָ אין פוילן. צום מערסטנס האָט מיר ווי געטאָן פאַר די נאָענטסטע פריינד, ווי דוד און זיין פאַמיליע. כאָטש דוד האָט מיך באַרויִקט, אַז עס ווערט פלאַנירט אַן אַרויספאָר קיין ישראל פון דעם יידישן טעאַטער, מיט אידאַ קאַמינסקאַ בראש. ער וועט מיט זיי מיטפאָרן, ווי דער ליטעראַרישער לייטער און פאָרשטייער פון דער פוילישער מלוכה. דער געדאַנק, אַז מיר וועלן זיך דאָך זען אין ישראל און דאַן וועט אפשר פאָרקומען אַן ענדערונג אין זיינע פלענער. מיט אים אַליין וואָלט עס נישט אָנגעקומען שווער, מעגלעך, אַז דאַן וועט אויך לייכטער זיין צו איבערצייגן זיין פרוי און זון.

איך האָב זיך נאָך געוואָלט זען מיט מיין חברטע און מיטאַרבעטערין אין „צענטאָס" אידע מערזשאַן. זי איז געקומען באַלד נאָך דער מלחמה פון ראַטנפאַרבאַנד, אַרבעט אויפן פעדאַגאָגישן געביט אין וואַרשע.

מיר האָבן זיך געטראָפן ביי איר אין שטוב, ערגעץ אויף די פוילישע גאַסן. ווי גרויס איז געווען מיין פאַרוווּנדערונג, ווען איך האָב זיך געטראָפן נישט בלויז מיט איר טאָכטער, די סטודענטין, נאָר אויך מיטן צוגעקומענעם זון, שוין אַ בחור פון די בר־מצווה יאָרן, וואָס האָט אויסגעזען ווי די מוטער. דער מאַן אירער, דער קאָמוניסט, אַ דאַרער, אַ מיטלוווּקסיקער, איז פאַרבליבן דער מעטאַל־אַרבעטער אין איינע פון די גרעסטע פאַבריקן און פאַרנעמט אפילו אַן העכערן שטאַנד. זי — אידע, זעט אויס אַ סך עלטער פון איר מאַן. זי אַרבעט אַלס אָנפירערין פון אַ דערציערישן קינדער־אַנ־

שטאַלט, דוכט זיך, אין דער געביידע פונעם יתומים־הויז אויף קראָכמאַלנע, וואָס איז אָנגעפירט געווען דורך ד״ר קאָרטשאַק. זי שרייבט אָפט אַרטיקלען וועגן קינדער־דערציונג אין דער יידישער צייטונג און האָט אויך אַרויס־געגעבן איניקע בראָשורן וועגן קינדער־דערציונג, אויף דער פוילישער שפראַך. מיר האָבן זיך דורכגעשמועסט וועגן דעם פאַרשניטענעם „צענטאָס״, וועגן אונדזערע איבערלעבונגען אין ראַטנפאַרבאַנד. זי האָט אפילו געפרווווט מיר פאַרוואַרפן הלמאי איך בין פאַרבליבן אין ראַטנפאַרבאַנד, ווען איך האָב געקאָנט זיך רעפּאַטריִירן קיין פוילן. איך האָב אפילו אָנערקענט, אַז זי איז גערעכט.

— פאַר וואָס זשע טוט איר נאָך מיין שלעכטן ביישפּיל און איר האָט זיך באַפּעסטיקט אין פוילן? — האָב איך געפרעגט.

— ערשטנס, אַרבעט איך אויף מיין געביט. קינדער בלייבן קינדער, יידישע און נישט־יידישע. אין ראַטנפאַרבאַנד האָב איך אויך געאַרבעט מיט נישט־יידישע קינדער. וואָס די צייט וועט ברענגען — ווייס איך נישט. מיר טאָרן אָבער נישט טראַכטן בלויז וועגן זיך. עס גייט אין דער צוקונפט פון אונדזערע קינדער...

פון אידען האָב איך זיך דערוווּסט וועגן דער ד״ר סאָפיע ראָזנבלום, אַז זי איז לעבן געבליבן, זי איז געווען אין געטאָ, אירע פוילישע פריינד האָבן זי אַריבערגענומען אויף דער „פוילישער זייט״ און אויסבאַהאַלטן. זי האָט מיר אָנגעגעבן דעם נומער פון איר טעלעפאָן.

ד״ר ראָזענבלום, די וואָס האָט מיך צוגענומען צו דער אַרבעט אין „אַנשטאַלט פאַר דעפעקטיווע קינדער״ אין אָטוואָצק, איז זייער אַ געביל־דעטע פרוי, אַ קענערין פון קינדער־פּסיכאָלאָגיע. זי האָט געווידמעט איר גאַנץ לעבן די קינדער, כאָטש אַליין האָט זי נישט חתונה געהאַט און אוודאי קיין אייגענע קינדער נישט געהאַט. לויט איר נאָך, האָט קיין שום דערציער נישט געטאָרט זיך באַלעסטיקן מיט אַ פרוי און קינדער.

ס׳איז נישט לייכט געווען זי צו דערקענען ביי אונדזער ערשטער באַ־געגעניש. אַן אַלטע גרייז־גראָע פרוי, מיט אַן איינגעשרומפּן פנים, מיט אומצאָליקע קנייטשן, נאָר די אויגן האָבן עדות געזאָגט אויף איר וויסן, אינ־טעליגענץ און פקחות. זי האָט מיר זייער שיין אויפגענומען, באַקענט מיט

איר אַדאַפּטירטער טאָכטער, אַ געלבלעכע, יונגע סטודענטין, אויף וועלכער ס׳איז שווער געווען צו זאָגן, אַז זי איז אַ יידישע. איר „מוטער״ האָט אויך קיין יידישע שטריכן נישט פאַרמאָגט. קיין שום יידישע דערציִונג האָט זי נישט באַקומען. דעריבער איז דער אַנשטאַלט „צענטאָס״ געפירט געוואָרן אין דער פוילישער שפּראַך און קיין גרויסע סימנים פון יידישקייט האָט ער נישט פאַרמאָגט, כאָטש דער פּעדאַגאָגישער לייטער פונעם אַנשטאַלט איז געווען קלמן ליס, אַ יידישער פּאָעט און זיין שווער האָרענשטיין איז געווען דער עקאָנאָמישער פירער פונעם אַנשטאַלט און זיין פרוי איז געווען אַ טאָכטער פון אַ רבין. איצט אַרבעט ד״ר ראָזענבלום אין בילדונגס־מיניס־טעריום, כאָטש זי איז פון לאַנג אַריבער דעם פּענסיע־עלטער.

— איר זענט דאָך ביי אונדז געווען דער אַרויסגעבער פון דער טאָג־צייטונג אין „צענטאָס״ במשך פון יאָרן. פאַר וואָס זשע זאָלט איר נישט אָנשרייבן אַ בוך וועגן אונדזער געמיינזאַמער אַרבעט, וועגן דעם גורל פון די קינדער און דערציִער?

ס׳איז געווען אַ וויכטיקער און ריכטיקער געדאַנק, וואָס האָט מיך שפּעטער אָנגערעגט צו שרייבן וועגן מיין פּעדאַגאָגישער אַרבעט, במשך פון 6 יאָר אין דעם אַנשטאַלט. און נישט נאָר וועגן זיך, נאָר אויך וועגן די קינדער. ווער דען וועט וועגן זיי שרייבן, אויב נישט איך?

נישט ווייט פון דאַנען איז געווען דער „יידישער קולטור־פאַרבאַנד״, אויף נאָוואָגרודסקע 5. דאָ האָט געהערשט אַן אַטמאָספער פון אינטענסיווער אַרבעט. דוד ספאַרד האָט פאַרנומען אַ גרויסן קאַבינעט. צו אים פלעגן קו־מען אינטערעסאַנטן פון דער פרעמד. אויך די היימישע יידישע שרייבער און פּאָעטן האָבן זיך נישט געקאָנט באַגיין אָן זיין אויפריכטיקער קריטיק און מיינונג. ביי אים האָב איך אויך געטראָפן דעם גאַסט פון ישראל, חבר חלמיש, וואָס האָט זיך אַ מאָל געלערנט אין דעם לערן־אַנשטאַלט, אויף גענשע.

דאָ האָט געאַרבעט אַליצקיס חבר פון די יוגנט־יאָרן ברענער, אַלס הויפּט־בוכהאַלטער. ער, מיט זיין פרוי און צוויי טעכטער, האָבן זיך גע־קליבן עולה צו זיין קיין ישראל. זיין פרוי האָט שוין געהאַט איינגעקויפט אַ פולע שאַפע מיט קליידער. ער האָט שוין געהאַט אונטערגעפירט דעם

סך־הכל פון זיין בוכהאַלטערישער אַרבעט. אומגעריכט איז אַנטשטאַנען ביי אים אין הויז אַ שריפה און פונקט אין דער שאַפע. אַלץ איז פאַרברענט געוואָרן. ווי זשע פאָרט מען אין אַן אָרעם לאַנד ישראל אָן אַן איבעריק קליידל. מילא, האָבן זיי באַשלאָסן אָפּצולייגן זייער רייזע אויף שפּעטער.

לייבל אליצקי מיט זיין יינגערער פרוי און געראָטענעם זון זענען געווען שיין איינגעאָרדנט אין פּראַגע. ער איז געווען דער רעדאַקטאָר פון עם חודשלעכן זשורנאַל „יידישע שריפטן", דערצו פלעגט דער פאַרלאַג כמעט יעדן יאָר אַרויסגעבן זיינעם אַ בוך און גוט באַצאָלן. ער האָט זיך געקליבן, אויף דער איינלאַדונג פון ישראלדיקע שרייבער־פאַראיין, צו פאָרן אויף אַ חודש קיין ישראל.

ישראל האָט פאַרמאָגט די צוציונגס־קראַפט, וואָס האָט כמעט יעדן יידן נישט געלאָזט רויִק שלאָפן אין די נעכט. וויפל מען האָט דערציילט וועגן ישראל, איז געווען אי־נטערעסאַנט זיך אַליין צו איבערצייגן אין דער ריכטיקייט. און דערציילט האָט מען אַ סך: יידן זענען געוואָרן שטאָלץ און שטאַרק, פריי וואָס פריי הייסט. דער מיליטערישער כוח פון צה"ל, די אַנט־וויקלונג אויפן עקאָנאָמישן און קולטורעלן געביט וואַקסן פון טאָג צו טאָג, אויך די יידישע באַפעלקערונג יוירט און ציילט שוין אין די מיליאָנען...

אַן יידיש האַרץ און געפיל איז נישט אָפּצושאַצן:

— „וואָס מיר זענען — זענען מיר, אָבער יידן זענען מיר!"

## עס בענקט זיך אַהיים

מיט אונדזער אַרויספאָר פון ראַטנפאַרבאַנד האָט אויף ס׳ניי אויפגע־שיינט אונדזער מאָרגנשטערן מיט העלע פּערספּעקטיוון. דאָס גאַנצע יאָר, וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט אין פוילן, אין דעם פּרעכטיקן רו־הויז, אין שרודבאָראָוויאַנקע, זייענדיק באַזאָרגט מיט גוטער לופט אין געדיכטן סאָס־נע־וואַלד, מיט געשמאַקער נערונג און מיט אַ געקליבענער געזעלשאַפט, האָט אונדז געבראַכט סיי פיזישן, סיי גייסטיקן פאַרגעניגן. מיר זענען גע־

װען װי אָבסערװאַטאָרן און אײַנציײַטיק אַנטײלנעמער אין אַ לעבן, װאָס איז געפּלאָסן ריטמיש און אינטערעסאַנט, װי אַ װאַסערפֿאַל, װאָס װאַרפֿט זײַנע װאַסערן אַראָפּ פֿון דער הײך. אָבער דער גערױש איז אײַנגעהאַלטן און װירקט אױף דער רו און געזונט.

נישט יעדער אײנער האָט זיך געקאָנט אַרײַנבאַקומען אַהער. דער װעג איז געגאַנגען דורך דעם „קולטור־פֿאַרבאַנד" אין װאַרשע. נישט צוליב מאַטעריעלע פֿאַרדינסטן איז דאָס הױז געשאַפֿן געװאָרן, בלױז צוליב געזעלשאַפֿטלעכע טעמים, פֿאַר געקליבענע פֿאַרדינסטפֿולע פּערזענלעכקײטן, פֿאַר אָפּרו און פֿאַר שטודיר־צװעקן. דאָ קומען פֿאַר די לעקציעס פֿון אַ געמישטן כאָר פֿון דערװאַקסענע מענטשן. עס פֿירט אָן מיטן כאָר אַ באַגאַבטער כאָרמײַסטער, דװקא אַ פּאָליאַק, אונטער דער באַגלײטונג אױף דער פּיאַנאָ פֿון זײַן פּױלישער פֿרױ. זײ זינגען בלױז לידער אױף ייִדיש, פֿאָלקסטימלעכע, חסידישע, פֿול מיט ייִדישן געשמאַק. דער כאָרמײַסטער זינגט אָפּט סאָלאָ און דער כאָר האַלט אים אונטער: — „זאָג זשע מיר, רבינו, בשׂר איז װאָס?" און ער ענטפֿערט: — ביי די גבירים איז בשׂר... אָדער: „לאָמיר אַלע זינגען אַ זמרל".

דער כאָר באַשטײט פֿון האַרעפּאַשניקעס, װאָס פֿאַרברענגען דאָ זײער אורלױב און גרײטן זיך צו די אַרױסטרעטן אין די ייִדישע ישובים.

נאָך זײ קומט די רײ אױף נאָך אַזעלכע װי זײ, װאָס גרײטן זיך, אין די ראַמען פֿון זײער הײמישן דראַמאַטישן קרײַז, צו אַ נײַער פֿאָרשטעלונג.

מײַן פֿרױ מינדעלע איז שטענדיק פֿאַרנומען. זי שטודירט דעם געשמאַק פֿון די אױסעראָרדנטלעכע געסט, װאָס פֿאָדערן אַ ספּעציעלע דיעטע, דער עיקר זײ זאָלן זײַן צופֿרידן. בײדע פֿרױען, די פֿאַרװאַלטערין און זי, באַראַטן זיך און גיבן אַרױס די געהעריקע אָנװײַזונגען די קעכינס.

אַזעלכע געסט, װי אברהם מאָרעװסקי װיצלען זיך און פֿרעגן:

— װיפֿל קאָסט אַ שעה עסן?

אין דער טיפֿעניש פֿון װאַלד קען מען טרעפֿן דעם קינסטלער לינקאָװסקי, אַ מאָל אױף כװאַלעסן, װאָס מאָלן נאַטור־פּײזאַזשן, אָדער גאָר פֿאָרטרעטן פֿון די, װאָס געפֿעלן זײ. סײַ מײַן פֿאָרטרעט, סײַ מינדעלעס האָבן זיך באַקומען זײער שײן, אין קאָלירן. פֿונעם גרױסן זאַל לאָזן זיך

הערן די פּראַכטפולע קלאַנגען פון דער פּיאַניסטין, מאַרעווסקיס עלטערע פרוי, וואָס קאָן באַצויבערן מיט איר שפּילן אויף דער פּיאַנאָ, ווי איר מאַן מיט זיין שפּילן טעאַטער. אַ מאָל לאָזט אויך הערן זיינע קאָנצערטן דער ווירטואָז, וואָס איז זיבן יאָר אַלט, דעם דירעקטאָרס זונדל, וואָס ווערט באַוווּנדערט דורך אַלע. צוליב אַזאַ אוצר האָט געלוינט דעם פאָטער זיינעם שפּילן מיטן לעבן און אַנטלויפן, ווען די דייטשן האָבן אים געפירט קיין אָסוויענצים, אויך זיין מוטער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ גרוב, אין אַ געדיכטן וואַלד, במשך פון 18 מאָנאַטן, צוזאַמען מיט איר שוועגערין, די ערשטע פּיאַנאָ־לערערין פון זייער „בשותפותדיקן" זון.

ספּ׳עלן אויך נישט קיין פּאַרוויילונגען, ווי טענץ, אונטער די קלאַנגען פון די פּלאַטן אויף דעם פּאַטעפאָן: טאַנגאָס, וואַלסן אָדער מער מאָדער־נערע טענץ.

פון די ערשטע טאַנצט דער פּאָעט זאָנשיין מיט זיין גראַציעזער בלאָנ־דינקע, די פּאָלקע, וואָס געניסט אויך פונעם חסד פון „קולטור־פּאַרבאַנד", ווייל זי באַגלייט דעם פּאָעט. מען שמועסט, אַז זי האָט צוליב אים אַוועק־געוואָרפן איר פּוילישן מאַן און די צוויי קינדער איבערגעלאָזט ביי דער באָבען. אָבער זי טאַנצט שיין, כאָטש דער פּאַרטנער אירער איז נידעריקער פון איר.

ביי אַ זייטיק טישל וויצלט מען זיך אויף זייער חשבון אויף אַ דע־ליקאַטן אופן. מאַרעווסקי דערציילט דערביי וועגן זיין טרוים צו שפּילן „דעם סוחר פון ווענעדיק" פון שעקספּירן:

— אַלע שיילאָקס, וואָס איך האָב געזען — קאַליקעס, גייסטיקע קאַלי־קעס. זיי פאַרשטייען דען שיילאָקן? ביי אים וואָלט שיילאָק נישט געווען פאַרהאַסט, נאָר פאַרקערט. אַ ייד מיט שטאָלץ און כאַראַקטער וואָלט ער געווען. די נקמה, וואָס ער האָט כלומרשט געוואָלט איז אַ פאַרדינטע, אַ שטאָלצע. ער שטייט העכער פון דער גאַנצער כנופיה מיט הונדערט קעפּ...

דער אַלטער, נישט לאַנג געקומענער פון מאָסקווע, דער זויבערער, געמיטלעכער ייד — ראָטבוימס פאָטער — דערציילט וועגן די „גליקן" אין ראַטנפאַרבאַנד, נישט אויסמיידנדיק אויך צו דערציילן וועגן די העלערע זייטן אויך.

די אַלטע בערלעווי דערציילט וועגן איר אַנטדעקן איר מאָלערישן טאַלאַנט. אין פראַנקרייך איז זי אַ פראַנצויזין, דאָ, אין פוילן — אַ פּאָלקע פון דור־דורות, אָבער טיף אין האַרצן פלאַטערט אין איר דאָס יידישע האַרץ, זי איז שטאָלץ מיט איר יידישקייט, זי איז גליקלעך, וואָס דער „קול־טור־פאַרבאַנד" האָט אים דערמעגלעכט צו פאַרברענגען אין אַ יידישער סביבה...

מיר שיינט, אַז דער שענסטער אויפטו, וואָס דער יידישער „קולטור־פאַרבאַנד" האָט מיט דער הילף פון יידישן „דזשוינט" אויפגעטאָן — איז דווקא דאָס שאַפן דאָס רו־הויז, וואָס פאַראייניקט יידישע אינטעלעקטואַלן, באַרייכערט זיי גייסטיק און גיט זיי אויך אַ מעגלעכקייט צו פאַרבעסערן זייער געזונט־צושטאַנד...

*

מיר זענען שוין גרייט צו פאָרן. דער קאָסטן איז פאַרפּאַקט מיט אַל־דאָס גוטס. בלויז דעם טעלעוויזאָר האָבן מיר פאַרקויפט און איינגעקויפט טעפּיכער, אַ ביסל קרישטאָל־געפעסן, ראָווערן און אַנדערע וויכטיקע זאַכן. מיר האָבן זיך שיין אויסגעקליידט, מיט נייע אָנצוגן און מאַנטלען.

דער עיקר — די שטימונג איז אַן אויסטערלישע, ווי מיר וואָלטן גע־פאָרן אויף אַ לאַנג־דויערנדיקע חתונה פון גאָר נאָענטע. מיר זענען אַזוי זיכער, אַז אַלץ וועט געלונגען, אַז ס'ווילט זיך מינדעלען זינגען און מיר שפּילן אויפן פייפל.

זאָלן אַנדערע זאָגן שוואַרצע נביאות, אפילו, אַז דאָרט, אין „אייער" ישראל, זענען קיין ביימער נישט פאַראַן, אַז די אַראַבער וועלן אייך אויפ־פרעסן מיט די פּאַטראָכעס, אַז קיין עלעקטריע איז כמעט נישטאָ. מיר ענט־פערן זיי מיט אַ ביטול־שמייכל און טראַכטן וועגן זיי, ווי פון דולע פאַרשוי־נען, וואָס זענען אונדז זיכער מקנא.

צום באַן זענען געקומען זייער אַ סך פריינד. מיט קינדערישער באַ־גייסטערונג האָב איך ביז דער לעצטער מינוט געשפּילט אויפן פייפל און מינדעלע האָט געזונגען. אייניקע פונעם עולם האָט אונטערגעהאַלטן אונ־

דזער געזאַנג און לאַנג, לאַנג געשטאַנען ווי געפּלעפּטע און פול מיט מחש־בות, אפשר אויך קינאה, ווען די באַן האָט גערירט אויפן וועג קיין ווין. מילא, זאָלן זיי טראַכטן, זאָלן זיי אונדז מקנא זיין. דערוויל איז אויך פאַר זיי אָפן דער וועג.

פאַרבלייבט געזונט! להתראות! להתראות!

סוף

# אינהאַלט

ערשטער טייל:

## פון מאָסקווע קיין קיעוו



צווייטער טייל:

## אין שפּיטאָל



דריטער טייל:

## אויף דער פריי און געפּענטעט



פערטער טייל:

## אין פוילן